# 50 יאהר געשיכטע
# פון אידישען לעבען
# אין פילאדעלפיא

1879

1929-34

צווייטער טייל

מאָזעס פריהמאַן

1879 — 1929-34

מאָזעס פריהמאַן

# פופציג יאָהר געשיכטע פון אידישען לעבען אין פילאדעלפיא

צווייטער טייל



פאַרלאַג „קולטור"
פילאדעלפיא, פא.

מיינע געטרייע, גינציגע קינדער,
רבקה (רעבעקא) און איהר שוועסטער
פייגע (פעני)
איז דיזער בוך געווידמעט.

*My beloved and devoted children,*
*my daughters Rebecca and Fanny,*
*this work is dedicated.*



POSY-SHOULSON PRESS
19 West 21st Street
New York N. Y.
234

# אינהאַלט פערצייכניס

# אויטאָביאָגראַפיע (מיין לעבענס-באַשרייבונג)

אויפֿן פאַרלאַנג פון פריינט, וועל איך פּרובירען צו שרייַ־בען, אָדער, ריכטיגער געזאָגט, אויפצייכענען, קורץ געפאַסט, מיין ביאָגראַפיע:

געבוירען בין איך דעם 19טען פעברואַר אין יאָהר 1859 אין אָדעס, רוסלאַנד, ביי ניט פאַרמעגליכע, אָבער זעהר אַרבייטס־זאַמע און אָרטהאָדאָקסישע פרומע עלטערן. געשטאַמט האָבען מיינע עלטערן פון יאַגוסטאָוו, סובאַלקער גובערניע (קרייז) און זיי זיינען געקומען קיין אָדעס אומגעפעהר באַלד נאָך דעם קרימייער קריעג, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דעם זיעג פון די ענגלענדער און די אַליאירטע אַרמייען איבער דער פעסטונג סעוואַסטאָפּאָל אין יאָהר 1855. אין די שפּעטערע יאָהרען פון זייער לעבען, זיינען מיינע עלטערן געווען באַשעפטיגט אין פּרוכט-האַנדעל, פון וועלכען זיי האָבען געמאַכט אַ בכבוד׳יקען לעבען, דערציגען מיינע צוויי שוועסטער ע״ה און דעם איינציגען זוהן, אַ בן־יחיד אין דער פאַמיליע; די היים, ווי געזאָגט, איז געווען געפיהרט זעהר שטרענג פרום־אָרטהאָדאָק־סיש. שבת און יום-טוב האָט זיך געפיהלט די נשמה יתירה, אַלץ האָט געאָטעמט מיט אידישער פרומקייט און דער אידישער שטייגער האָט זיך ביי מיינע עלטערן אויסגעלעבט פולע 100 פּראָצענט. מיין פאָטער פלעגט דערמאָנען דעם זיידען אַלס אַ רופא מומחה, אַ דאָקטאָר פון דעם אַלטען שניט. אַליין איז מיין פאָטער געווען אַ יודע ספר, יעדען שבת געלערנט מדרש רבה און געדאַווענט פאַר דעם עמוד „שחריתים״ אין דער „מעבור יבוק״ שוהל, וועלכע ער אַליין האָט אין אָדעס גע־גרינדעט און אין איהר זיך אויסגעלעבט זיינע 79 יאָהר מיט כבוד און אַנערקענונג. פון איהם, פון מיין גאָטזעליגען פאָ־

טער, ווייזט אויס, האָב איך געירש׳נט די שוואכקייט צו אינ־
טערעסירען זיך מיט געזעלשאַפטליכע ענינים. מיין מוטער
האָב איך צו פאַרדאַנקען פיעלעס פון די פּאָזיטיווע שטריכען
פון מיין כאַראַקטער, גוט אָדער שלעכט. געוועזן איז מיין
אונפאַרגעסליכע ליעבע מוטער געטריי און איבערגעגעבען מיט
מסירת נפש צו איהרע קינדער, באַזעסען אַ שטאַרקען ווילענס־
קראַפט און איז געוועזן באַשאַנקען מיט אַן אונערשעפּליכען אונ־
טערנעמונגס גייסט, וועלכען זי האָט אַזוי גינסטיג אויסגענוצט
אין דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ. איהר באַטהייליגען זיך אין
דער פרנסה איז געוועזן דער וויכטיגסטער חלק, וואָס זי האָט
בייגעטראָגען צו דעם קיום פון דער פאַמיליע. מיין אַכטונג
און ליבע צו מיין גאָטזעליגער מוטער איז געוועזן און איז
אונבאַגרעניצט נאָך ביז היינטיגען טאָג. ווי אמת פרום און גאָט־
פאָרכטיג איהר באַרוף — איז זי געוועזן טאָלעראַנט, קלוג און
באַרעכענט און זי האָט פאַרשטאַנען די נייע ווינטען, וואָס
האָבען צו יענער צייט, די צייט פון דער השכלה, אָנגעפאַנגען
ווייען אין דעם ליבעראַלען, אייראָפּעאיש־ציוויליזירטען אָדעס...

געלערענט האָב איך אין חדר ביי געקליבענע מלמדים
ביז מיין 12טען לעבענסיאָהר. דעם אמת געזאָגט בין איך
אין מיינע קינדער און אינגעל־יאָהרען ניט געוועזן קיין גרויסער
מתמיד צו לעהרנען. דער שעהנער, באַצויבערענדער אָדעסער
דרויסען, ווינטער מיט דעם גליטשען זיך אויף אייז און זומער
מיט דעם כישופ׳דיגען שוואַרצען ים, באָדען זיך און שווימען
— האָט מיך מעהר געצויגען און געלאָקט ווי דער אַמאָליגער
אידישער חדר, מיטן רבי׳נס לולקע־ציבעק און מיט זיין כפל־
שמונה׳דיגען קאַנטשיק, וועלכען מיר, חדר קינדער, האָבען
געהאַסט ווי דעם טויט. דאָך בין איך שוין דאַן געוועזן גוט
בעהאַוועגט אין אַ קאַפּיטעל תנ״ך און געלערענט אָנפאַנג
גמרא, מסכת בבא מציעא.

באַלד נאָך דעם ערשטען פּאָגראָם אין אונזער שטאָט,
אין יאָהר 1871, וואָס האָט מיר דענערווירט און צושראָקען
און געלאָזט אַזאַ שווערען איינדרוק אויף מיין גאַנצען לעבען
— באַלד נאָך די שווערע איבערלעבענישען, בין איך געוועזן

העכסט צופריעדען צו פאַרלאָזען דעם שעהנעם און שרעקלעכען אָדעס און איך בין געפאָהרען אין דער ישיבה, ראָמאַנאָווקע, אין דעם געגענד פון כערסאָן.

דאָס איז געווען אַ ליטוויש־חסידישע שטעטעל, וואו איך האָב פאַרבראַכט אַ יאָהר צייט אין תורה ועבודה, טיכטיג געלע־רענט דעם בלאַט גמרא מיט מפרשים. אויסער דעם, האָבען אידען אין ראָמאַנאָווקע געלערענט פאַר זיך חסידישע תורה פון מענדעלע ליבאַוויצער, דעם תניא און לקוטים.

אין דעם איינעם יאָהר וואָס איך האָב געלערענט אין ראָמאַנאָווקע, בין איך טראַנספאָרמירט געוואָרען, פון ס'ניי איבערגעבוירען געוואָרען, און דאָס איז געווען דער ערשטער עטאַפּ פון מיין גייסטיגען לעבען.

ווען איך בין געקומען פון דער חסידישער ישיבה אהיים, האָט מיין פאָטער ע"ה שטאַרק חשק געהאַט (ער איז געווען ערצויגען אַ מתנגד) צו שיקען מיך אין דער ליטווישער גרויסער ישיבה וואָלאָזשין. מיין טאַטע האָט זיך שריארק מתקנא געווען אָן דעם געראָטענעם רב ומגיד דוד שלמה (דער פאָטער פון פּראָפעסאָר נחום סלושץ), וועלכען מיין פאָטער האָט געהאָלפען מיט געלד און מיה און איהם מיט איינינגע יאָהר פאַר דעם געשיקט אַהין אין דער וואָלאָזשינער ישיבה — און ער איז נאַכהער געקומען קיין אָדעס און באַקליידעט דעם בכבוד'יגען פּאָסטען פון רב און מגיד אויף דער מאָלדאַוואַנקע (אַ פאָר־שטעטעל פון אָדעס).

מיין גאָטזעליגע מוטער האָט געגען דעם שטאַרק פּראָ־טעסטירט און ניט דערלאָזט איהר איינציגען זוהן, אַ בן־יחיד, זאָל פון איהר דערווייטערט ווערען און אָפּקומען, פלאָגענדיג זיך אין דער פרעמד.

אין יאָהר 1873 עפענט זיך די באַוואוסטע ישיבה מתוקנת, אָדער, ווי מען האָט זי גערופען, „די גרויסע ישיבה". דאָס איז געווען אַ מין „ישיבה קאָלעדזש" מיט אַ סדר פון הויכע און שאַרפע אידישע לימודים מיט אַ פּראָגראַם פון אַלגעמיינער וועלטלאַכער בילדונג. אין דעם אידישען סדר איז אריין: תנ"ך, דקדוק, העברעאישע ליטעראַטור און תלמוד מיט

מפרשים אויף שטרענג אידיש־אָרטהאָדאָקסישען שטייגער — און די פּראָגראַם פון אַלגעמיינער בילדונג איז געלערענט געוואָרען גרינדליך די רוסישע שפּראַך, גראַמאַטיק, די דייטשע שפּראַך מיט גראַמער, געאָגראַפיע, מאַטעמאַטיק, טהייל פון אַלגעבראַ און געאָמעטריע און רוסישע ליטעראַטור. די מלמדים און לעהרער זיינען געווען פאַכלייט אין אַלעס וואָס זיי האָבען געלעהרענט. — איינעם פון זיי קאָן איך ניט פאַרגעסען ביז היינטיגען טאָג, הער לאַנדאו, דער לעהרער פון מאַטעמאַטיק. געווען איז ער אַ שאַרפע קאָפּ, אַ בייזער און מושלם — האָט זיך איהם פאַרגלוסט אָפּט אונז, גרויסע בחורים פון לעצטען קלאַס צו ערקלעהרען אַן אַלגעברישע „זאַדאַטשע" אין אַ שעהנעם פליסיגען העברעאיש. און מיר, ישיבה בחורים און האַלב געבאַקענע משכילים, האָבען דערפון שטאַרק הנאה געהאַט! געוועהנליך איז די אונטעריכטס שפּראַך פון דער פּראָגראַם פון די לעהרער געווען רוסיש . . .

די דריי יאָהר וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דער אָדעסער ישיבה גדולה זיינען געווען די שעהנסטע, די איינדרוקספולסטע און די פרוכטבאַרסטע אין מיין לעבען. דאָס איז געווען דער צווייטער עטאַפּ אין מיין יונגער לעבענס־געשיכטע.

ארוים פון דער ישיבה האָב איך אַ יאָהר פאַרבראַכט אין לערנען פאַר זיך; איך האָב געטהיילט מיין צייט צווישען דעם בית המדרש און דער שטאָטישער ביבליאָטעק, וואו איך האָב געלעזען און זיך געקוויקט מיט די לאָגישע און שאַרפע אַרטיקלען פון די קריטיקער בעלינסקי, דאָבראָלובאָוו און פּיסאַרעוו; טשערנישעווסקי'ס ראָמאַן „טשטאָ דיעלאַט" פלעגט דער ביבליאָטעקאַר מיר אַרויסגעבען פון אונטער אַ ברעט אין פּאָדלאָגע און מיר געבען אַהיים צו לעזען. די רוסישע שפּינען האָבען דאַן מיט אַלע אויגען געזוכט די פאַרבאָטענע ווערק פון די ראַדיקאַלען.

## דער שייד-וועג

נאָכ'ן רוסיש־טערקישען קריעג איז געקומען דער פּעריאָד פון איבערגעהן פון דער בחור'ישער תקופה צו מענליכקייט.

עס איז פאר מיר געשטאנען און געמאָנט די פראגע פון „תכלית", פארזאָרגען זיך מיט א צוקונפט, מיט א באַרוף, מיט א באשטאנד אין לעבען. איך האָב דאן פארקעהרט מיט דער סטודענטישער יוגענד פון רייכען אידישען קלאס אין אָדעס און מיין באשלוס איז געווען צו פאָהרען אין אַן עקאָנאָמיש־אגראָנאָם שוהלע צו דערלערנען פאר עקאָנאָם און באשעפטיגען זיך מיט ערד־ארבייט אונטעררירכט אין א אידישער קאָלאָניע. געווים וואָלט אזא שטודיע פארנומען עטליכע יאָהר. איך בין געווען צופרידען צו אונטערנעמען די קאריערע פון פראָדוק־טיווער באשעפטיגונג. עס איז אימער געווען מיין אידעאַל צו פארנעמען זיך מיט פיזישע פעלד ארבייט און איך האָב עס געהאלטען בסוד ביז די גינסטיגע צייט וועט קומען צו מאַכען דעם שריט. האָבען דאָך ווענט אויערען און גאַסען אויגען און א מוטערס הארץ איז דאָך נביאיש-עמפינדליך. די מוטער מיינע ז"ל האָט דערשמעקט פון מיין פּלאַן אז איך נעם זיך פארלאָזען די היים און געהן ערגיץ אין דער ווייט צווישען גוים און לערנען זיך. איז דאָס א תכלית פאר איהר בן־יחיד, וועלכען זי האָט מיט אזויפיעל מיה און זאָרג דערצויגען, כדי צו פארלאָזען די היים, ווען עס איז צייט צו בויען אַן אייגענע היים, אז גאָט און לייטען זאָלען מקנא זיין? איך האָב ניט געקענט צוזעהן דעם צער און דעם פארבאָרגענעם שמערץ, צוליעב דעם געוואגטען שריט, וואָס איך געה מאַכען און וואָס מיין טייערע, ליעבע מוטער האָט צו יענער צייט געוועהטאָגט אין זיך — איך האָב זיך געלאָזט איבעררעדען און אין א גוטער שעה, שבת נחמו, א חתן געוואָרען און שבת חנוכה דעם זעלבען יאָהר געגאַנגען צו דער חופּה, ווען איך בין נאָך קיין פולע 19 יאָהר ניט אַלט געווען. אזוי איז דער וויכטיג־סטער פּעריאָד אין מיין לעבען געשעהן, וועלכעס האָט פאר־זיגעלט מיין שיקזאַל אין דער צוקונפט!

אָהן געלד און אָהן א באשטימטער באשעפטיגונג בין איך צו מזל געוואָרען א בעל־הבית'ל, אָפּהענגיג פון דעם שווער, וועלכער האָט מיך גענומען צו זיך אין האָלץ-געשעפט, וואָס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. א יאָהר נאָך דער חתונה בין

איך געבליבען אָהן באַשעפטיגונג און אָהן אַ פּרוּי — די גע־שעפטען אין האָלץ־האַנדעל זיינען אַוועק שלעכט און דער שווער ע"ש (זאָלען איהם מיינע רייד ניט צו שווער זיין) האָט ביידע ביי מיר אַוועקגענומען.

אין יאָהר 1881 באַלד נאָך די שוידערליכע פּאָגראָמען אין אָדעס און אומגעגענד, פאַנגט אָן מיין געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט. אין יענעם זומער האָב איך מיט מיין חבר שניאור באַלי און די חברים באַקאַל, הערדער און אַנדערע, וועמענס נעמען איך קען מיר איצט ניט דערמאָנען — געגרינדעט דעם „עם עולם", וועלכער איז געוועזן דער פּאָרגע־שריטענער פאַקטאָר אין דער גרויסער עמיגראַציע פון רוסלאַנד נאָך אַמעריקאַ. איך בין געוועזן „פּרעדסטאַוויטעל קרוזשקאַ", דער פּאָרשטעהער פון אַ גרופּע, וואָס האָט אָרגאַניזירט די צווייטע פּאַרטיי פון „עם עולם", מיט וועלכער איך און מיין גאָטזע־ליגער טרייער חבר, מיין אונפאַרגעסליכע פּרוי דזשעני ז"לאַ, איז מיט מיר און צוזאַמען מיט מיין עלטערע שוועסטער חנה רבקה און איהר מאַן אברהם שעפּעטאַווסקי ע"ש מיט זיין פאַמיליע אָפּגערייזט פון אָדעס און מיר זיינען אָנגעקומען אין ניו־יאָרק נאָך דריי וואָכען שטורמדיגער רייזע אויפן ים. דאָס איז געוועזן מאַי דעם 10־טען אין יאָהר 1882.

מיין אָפּרייזע נאָך אַמעריקע האָט פאַרקירצט דאָס לעבען פון מיין טייערער היים געליבטער מוטער מרים ע"ש, וועלכע איז דריי וואָכען פאַר מיין אָפּרייזען געשטאָרבען פון טיפּוס־פיבער מיט די ווערטער אויף איהרע ליפּען: „מיינע פיינעלאָך צופליהען זיך און די נעסט בלייבט ליידיג" . . .

ווי געזאָגט, בין איך אהער געקומען מיט דעם עם עולם, וועלכער האָט באַצוועקט צו גרינדען אידישע קאָלאָניעס און באַזעצען איהרע מיטגלידער אויף אַמעריקאַנעם באָדען צו קאָ־לאָניזירען דאָס לאַנד און אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדלען גע־וועזענע אידישע לופט־מענשען אין פּראָדוצירער און זעלבסט פאַרזאָרגטע פאַרמער־קאָלאָניסטען.

אין אַ באַזונדערען אַרטיקעל אין דיעזען בוך „50 יאָהר געשיכטע" האָב איך גענויער באַשריבען מיין באַזעצען און

איינאָרדענען זיך אויף א פאָרם אין דער נאָכבאַרשאַפט פון ווײנלאַנד, ניו דזשוירזי. — נאָך צוויי יאָהר פּלאָגען זיך, ליידען הונגער און קעלט און אום זומער זיין געמאַטערט פון בלוט־דורשטיגע מאָסקיטאָס, האָב איך פאַרלאָזט דעם זומפיגען און זאַמדיגען באָדען פון ניו דזשוירזי מאָסקיטען־לאַנד און אָנפאַנג פריהלינג אין יאָהר 1884 בין איך אָנגעקומען קיין ניו יאָרק זוכען א דזשאָב אין א שאָפּ אָדער פעקטאָרי צו טהאָן, וואָס עס וועט נאָר קומען צו דער האַנד, און באַפרייען מיין פאַמיליע פון דעם זומפיגען קבר אין די ניו דזשוירזי ווילדערניש. נאָך אייניגע וואָכען זוכעניש און פּלאָגעניש אין דעם קאָכעדיגען קעסעל פון ניו יאָרק, האָב איך זיך אומגעקערט צוריק אין פילאַדעלפיא. דאָס איז געווען אין דעם פריהלינג פון יאָהר 1884. איך האָב באַקומען א בריעף פון חברים אין דעם קאַלטען שטאַאַט מיין אין דעם שטעטעל ליסבאָן־פאָלס צו פאָהרען גלייך וואו א „דזשאָב", ארבייט אין א וואול מיל וואַרט אויף מיר.

די ארבייט צייט איז געווען 11 שטונדען א טאָג 5 און האַלב טעג א וואָך און דער ארבייטס־לוין — 8 דאָלאַר א וואָך. דאָס האָט די ניו יאָרקער אידישע קאָמיטע געשיקט אהין א קאָלאָניע פון אידישע אינטעליגענטען און האַלבע רעוואָלוציאָנערען, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען אויך דער פאַרשטאָרבענער אינטעליגענט און שפּעטער דער באַוואוסטער דאָקטאָר חיים ספּיוואַק פון דענווער סאַניטאָריום פאַר שווינדזיכטיגע. צוויי יאָהר האָב איך דאָרט געארבייט אין דער וואול מיל, געוואַשען און געקעמט די רויע וואָל און פון דעם וואָל אויסגעאַרבייט שעהנעם, וואָלענעם שטאָף פאַר קליידונג. איך האָב זיך באַלד ווי אַקלימאַטיזירט צו דעם שטילען, אַמעריקאַנעם פאַבריק לעבען. מאַכט זיך אויף דעם צווייטען יאָהר א פּאַסירונג: מיין טהייערע, אונפאַרגעסליכע פרוי געהט צו קינד אין א קאַלטער אומעטיגער אָסיען־נאַכט; אין הויז איז קיינער ניטאָ אויסער איך און מיין עלטערער זוהן, צוויי יאָהר אלט. דער דאָקטאָר קומט און געהט, נאָך ניט די צייט — ניטאָ קיין אידישע אָדער קריסטליכע פרוי צו זיין אין הויז

מיט דער לײדענדער צו פֿאַרלײכטערען די שווערע מינוטען, וואָס ציהען זיך ווי שטונדען, און די שטונדען דורך דער נאַכט, וואָס פּיהלען זיך ווי אײביקײטען. עס האָט זיך דער־פֿיהלט דער עלענד, זײן צווישען פֿרעמדע אין אַ יענקיוואַטער סביבה. שמערצען און װײען דויערען און האַלטען אָן אַ טאָג און אַ נאַכט, מען רופֿט אַרויס פֿון אַ דערבײאיגער שטאָט אַ פּראָפֿעסאָר און מײן אונגליקליכע פֿרוי איז באַלד פֿון דער וועלט געגאַנגען פֿון שרעקליכע שמערצען און וועהטאָגען . . .

וואָס איך האָב געשפּאָרט אין דער צײט אַרבײטענדיג אין מיל האָב איך אוועקגעגעבען פֿאַר דאָקטוירים און דעם פּראָ-פֿעסאָר . . .

דערצווינגען ביז דער זומער איז געקומען, האָב איך מײן באַלעבאַטישקײט פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ שבוש און מיט מײן פֿרוי און צוויי קינדער בין איך צוריק אוועק צו אַ אידישען ישוב אין פֿילאַדעלפֿיא.

זומער 1886, ד. ה. מיט גענויע 48 יאָהר צוריק בין איך צום צווייטען מאָל געקומען אין דער שטאָט פֿון ברודער־ליעבע און איך בין שוין דאָ אונאונטערבראָכען פֿאַרבליבען אַ תושב עד היום הזה. פֿאַר די צוויי יאָהר וואָס איך בין אוועק קײן צפֿון אין דעם קאַלטען שטאַאַט מעין, איז פֿילאַדעלפֿיע גע־וואָרען אַ אידישער ישוב, וואָס האָט זיך גענומען צו דער נאָדל-אינדוסטריע . . . מיט דער אײניגער אויסנאַמע פֿון אַ פּאָר צעהנדליג קאָונטרי פּעדלערס און סטענד־קיפּערס (פּאַקען־טרעגער און גאַלאַנטעריי שטעלכעלאַך) אויך אַ פּאָר גראָסערים — שפּייז־קרעמלאַך. דער גרעסטער טהייל אידישע עמיגראַנ-טען פֿון דער מזרח־אייראָפּעאישער אָפּשטאַמונג האָבען זיך אַרײנגעוואָרפֿען אין דעם שנײדער־פֿאַך — קלאָוקמײקער, מאַנ-טעל־נײער, זײנען דאַן געווען אין אַ גרויסער צאָהל, זײ זײנען דאָס געווען די אַריסטאָקראַטען פֿון דעם שנײדער פֿאַך. איך האָב דאַן געפֿונען מײן עלטערע שוועסטער חנה רבקה מיט איהר מאַן און קינדער אַרבײטען קלאָוקס אין דער היים — געמאַכט פֿון דער היים אַ שאָפּ. דער שאָפּ מיט דער וואוי־נונג האָט פֿאַרנומען אַ געבײדע פֿון דריי צימערען, אײנס אויף

דעם אַנדערען, ד. ה., פון דריי עטאַזשען, יעדער עטאַזש אַ רום. דאָס איז געווען איינע פון די הרחבהדיגע היימען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין דעם פילאַדעלפיער קעסטל־גאַרדען, אין דער עלי פון 123 נאָרד 3־טע גאַס.

דאָרט, אין מיין שוועסטערס פּאַלאַץ האָב איך געמאַכט צום ערשטען מאָל מיין היים אין פילאַדעלפיע. די ערשטע פּאָר וואָכען האָב איך געפּעדעלט מיט „שוהלייסעס" — שיך־בענדלאַך, און אַז דער מסחר איז מיר ניט גוט געגאַנגען, בין איך אַ קלאָוקמאַכער געוואָרען. איך האָב געדרייט די קאַטערינג־קע, געניית אויף דער מאַשין און מיין גאַטזעליגע פרוי האָט געניית ביי דער האַנט און געפּרעסט. ביי דיעזער מלאכה איז מיר אויך ניט געגאַנגען. מיין אינסטינקט האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין ניט פעהיג צו פיזישע אַרבייט און אויך ניט צו קיין פאַך־אַרבייט וועל איך זיך ניט אויסטויגען. — געזעל־שאַפטליכע אַרבייט — דאָס איז מיין צווייטע נאַטור, דאָס איז מיין נשמה, מיין לעבען . . .

אויף דעם צווייטען יאָהר, אין 1887, שליס איך זיך אָן אין דער „פילאַדעלפיער לאַדזש" פון דעם אַלטען אָרדען ברית אברהם ע"ש און איך ווער ערוועהלט פינאַנס סעקרעטאַר.

די לאָדזש איז באַשטאַנען פון דאָס בעסטע און פון דאָס ערנסטע וואָס די רוסישע קאָלאָניע אין פילאַדעלפיע האָט דאַן פאַרמאָגט. טשערקאַסקי און טראָיאַנאָווסקי, דער פיינער אינ־טעליגענטער הומערמאַן און דער ראַדיקאַל וויינבערג (ניט דער אַרבייטער אַגיטאַטאָר), דער אַלטער רב, דער ערשטער אָרטהאָ־דאָקסישער רב אין פילאַדעלפיע ישראל זאַקס ז"ל, זיי אַלע האָבען באַלאַנגט צו דער פילאַדעלפיער לאַדזש. אַ געמיש פון פאַרשיידענע טיפּען און עלעמענטען. די לאַדזש איז אָרים, מען זוכט אַ קוועלע פינאַנציעל צו פּראָפּיטירען — איך מיט איינינגע פריינט ראַדיקאַלען שלאָגען פאָר צו גרינדען אַ קאָ-אָפּעראַטיווען בוטשער שאַפּ און שפּעטער אויך אַ בעקער־שאַפּ. אַלע מיטגלידער זאָלען קויפען פון דעם בוטשער און בעקער און געבען אַ פּראָצענט פאַר דעם בענעפיט פון דער לאַדזש. איך נעם אָן אַלס מענעדזשער צו פאַרוואַלטען מיט דעם קאָ־

אָפּעראַטיוו. געפינען זיך שונאים און געהען צו די היימען פון די מיטגלידער און רעדען אָן אז די פלייש איז טריפה. ווי דען, סאָציאַליסטען וועלען עס אָפּהיטען עס זאָל זיין כשר? דאָס דערהערט, האָבען די פרויען געסטרייקט און ניט געקויפט דאָס טריפה פלייש פון די ראַדיקאַלע מענערזשערס.

דאָס איז געווען מיין ערשטע אַנטווישונג אין דער ערפאַהרונג מיט דער אידישער לאַדזש און געזעלשאַפטליכען לעבען.

## מיין צייטונגס קאַריערע

אין נויאָרק אין דעם זעלבען יאָהר 1887 גרינדעט זיך די ערשטע, אמת אידישע און פּראָגרעסיווע צייטונג, די נויאָרקער אידישע פאָלקסצייטונג, אַרויסגעגעבען פון מיינע פריינד ברוקס, קאַנטאָר און גאָלדשטיין, רעדאַקטירט פון מאָזעס מינץ און ברעסלאַווסקי (שפּעטער פּראַקטיצירנדיגע דאָקטוירים). איך קריג די צייטונג אין מעהרערע קאָפּיעס מיט אַ פאַרלאַנג צו אדווערטייזען און צירקולירען די צייטונג אין פילאַדעלפיע. שפּעטער ווער איך אריינגעצויגען אין דעם צייטונג געשעפט אין אַלגעמיין. די ניו־יאָרקער אידישע פאָלקס צייטונג האָט קוים דערצווינגען אַ יאָהר און האָט זיך פארוואַנדעלט אין דעם „פאָלקס אדוואָקאַט" ארויסגעגעבען פון מינץ, בראַדי און גאָלד־שטיין. קורצלאַך נעם איך איבער די אַגענטורע פון אַלע אידי-שע צייטונגען, וואָס זיינען ערשיענען אין ניו־יאָרק און אין אויסלאַנד. עס קומט דער ווינטער פון 1888. פּראָפעסאָר גע־ציל זעליקאָוויטש ערשיינט אויף דער ביהנע און מאַכט זיין ערשטע סטאַנציע ביי אונז אין פילאַדעלפיע. ער שרייבט זיי־נע באַריהמטע פעליעטאָנען „אהין און אהער" אונטער דעם פּסעוודאָנים „וחלקלקות". פּראָפעסאָר זעליקאָוויטש ווערט גע־לעזען אין פילאַדעלפיע מיט ליידענשאַפט און זיין נאָמען אַלס שרייבער ווערט זעהר פּאָפּולער. איך מאַך דעם ערשטען פאר־זוך צו גרינדען אין פילאַדעלפיע אַ אידישע צייטונג מיט פּראָפּ. זעליקאָוויטש אַלס רעדאַקטאָר. אַזוי שנעל ווי די ניו־יאָרקער פּאָבלישערס האָבען דאָס ערפאַהרען, האָבען זיי דעם פּראָפּע־

סאָר זעליקאָוויטש „געקידנעפּט", זיי האָבען איהם ארויס־געגאַרט פון פילאַדעלפיע מיט שעהענע פארשפּרעכונגען, מיט געבען איהם כבוד און שעהנעם האָנאָראַר פאר זיין שרייבען. אזוי האָט מיין ערשטער פארזוך צו גרינדען אַ אידישע צייטונג אין פילאַדעלפיע געפּלאַצט.

דער ווינטער איז געווען אַ שווערער, אַ קריטישער, עס האָט געפעהלט פּרנסה, אַ פרוי מיט 3 קינדער הונגערען און פריהרען, און דער היסטאָרישער „אם תאמר מה נאכל?" ענ־בערט דעם מח אָהן אויפהער! פויל און שעמעוודיג בין איך קיין מאָל ניט געווען, אימער און שטענדיג געפּרואווט און גע־וואָגט. איך געה אין גאַס און פרעג זיך, מאין יבוא עזרי? — פון וואַנען וועל איך געהאָלפען ווערען. ערשט איך זעה אויף דעם ווינקעל פון 5טע און סאָוטה גאַסען שטעהט אַ גע־בויטער סטענד (בודקע) צום פארדינגען. איך בין ניט פויל און דינג אָפּ דעם פּלאַץ פאר פינף דאָלאר אַ מאָנאַט רענט. טאַקע ניט געהאַט אפילו דעם ערשטען מאָנאַט דירה געלד צו באַצאָהלען, נאָר גוטע פריינט האָבען מיר ארויסגעהאָלפען און איך האָב דעם סטענד אויפגעמאַכט דעם 8טען מארטש 1888 אַלס אַ צייטונגס און ביכער פּלאַץ. דאָס איז געווען צום ערשטען מאָל אין פילאַדעלפיע, וואָס אַ אידישע צייטונג איז פארקויפט געוואָרען עפענטליך פון אַ סטענד. דער סטאַק ענגלישע צייטונגען וואָס איך האָב איינגעקויפט דעם ערשטען טאָג האָט באַטראָפען נאַנצע 30 סענט. מעהר האָב איך ניט פארמאָגט . . .

עס האָט מיר גענומען אַ יאָהר צייט און דער איינציגער אידישער צייטונג סטענד איז געוואָרען אַ שם דבר. די אַלטע תושבים, אויב זיי זיינען נאָך פארבליבען, געדענקען געוויס, אז 5טע און סאוטה איז געוואָרען דער זאַמלונגס פּלאַץ פון אינטעליגענטען און ראדיקאַלען און אזוי כלל ישראל אין פילאַדעלפיע האָבען זייער גייסטיגע שפּייז גענאָסען צום אַלעם ערשטען אין דעם ווינקעל 5טע און סאָוטה. פּרנסה האָב איך פון דעם סטענד געצויגען בכבוד און געשפּאָרט אַ דאָלאַר. בין איך דען געקומען קיין פילאַדעלפיע צו פערבלייבען אַ ציי־

טונגס פארקויפער און ניט מעהר? דאס ליגט ניט אין מיין בלוט. אין יענעם יאהר אין פריהלינג פון 1889 האב איך מיט דער הילף פון אייניגע פריינד, 7 אין צאהל, געגרינדעט דעם גוט באוואוסטען ליבעראלען און פראגרעסיווען אונטער־שטיצונגס פאראיין „ברית אחים", וועלכער איז איצט אין זיין 45 יאהריגען עקזיסטענץ און וועלכער צעהלט איצט ביינאה 7 טויזענד אידישע פאמיליען. דער גרעסטער אידישער אינ־דעפענדענט פאראיין אין לאנד אויב ניט אין דער גאנצער וועלט. אין ערשטען טהייל פון מיין בוך „50 יאהר געשיכטע" האב איך דעם ברית אחים געווידמעט א באזונדערען ארטיקעל צוליעב זיין פארנעהם און אלס פיאנערען פאראיין אין אונ-זער שטאט.

אין 1890 נעהם איך א פאר הונדערט דאלאר און געה אין ניו יארק און ברענג א גאנצע אויסשטאטונג פון א דרוק, שריפט און מאשינערי, און אין 708 ס. 5־טע סט., אין נאוועמבער 1891 עפען איך א אידישע און ענגלישע דרוק געשעפט מיט דעם אויסזיכט שפעטער צו דרוקען א צייטונג. און עס האט ניט גענומען קיין יאהר צייט און אין דזשולייַ אין 1892 דערשיינט „די אידישע פרעסע" ארויסגעגעבען פון מיר און י. פאליי אלס רעדאקטאר.

די צייטונג נעמט אוים מיט דעם שרייבען און מיט דער ריכטונג. געשריבען אין א שעהנעם ליטעראַרישען אידיש און נאציאנאל־פראגרעסיוו געשטימט, אן אומפארטייאישע צייַ-טונג אין פולען זין פון ווארט. — האבען דאך די געטער א שוואכקייט און זיי זיינען מקנא און זיי פארגינען ניט א מענש פון פאלק זאל ווערען פאפולאר און איינפלוסרייך. צום יאהר פארלאזט מיך דער רעדאקטאר י. פאליי ע"ש, דער פארשטאר־בענער בערנארד הערים האט איהם פון מיר אוועקגענומען און צוזאמען זיינען זיי אוועק און געדרוקט א צייטונג „דער וועכ־טער" אלס אן אפאזיציע צו דער „אידישער פרעסע", וועלכע צום יאהר האט זיך שוין גוט באצאהלט אלס די איינציגע אי־דישע צייטונג אין שטאט. דאס יאהר 1893 איז געווען דאס אונגליקליכע קריזיס־יאהר פון פרעזידענט קליוולאנד'ס אדמיניס־

טראציע. אין יענעם קריזיס זיינען אַלטע איינגעאָרדענטע גע־שעפטען אונטערגעגאַנגען ,און מענשען, פרויען און קינדער זיינען געשטאַנען אין ליין, אין דער ברויט־רייע צו זעטיגען דעם הונגער מיט ברויט און פּאָטייטאָס. הקיצור איך האָב די אידישע פּרעסע אָנגעהאַלטען העכער א יאָהר און א האַלב, איך האָב די צייטונג פארקויפט צו מענשען, וועלכע האָבען מעהר ווי 4 נומערען ניט אויסגעהאַלטען. די „אידישע פּרעסע” איז אונטערגעגאַנגען אין פרעמדע הענט און די אָפּאָזיציע צייטונג „דער וועכטער” איז צום יאָהר געשטאָרבען מיט א שווערע גסיסה! אין דעם ערשטען טהייל פון מיין בוך „50 יאָהר געשיכטע” האָב איך דעם ענין געווידמעט א באַזונדערען אר־טיקעל.

אוועק פון דער אידישער פּרעסע בין איך ארויס פאר־צווייפעלט מיט 50 דאלאר אין מיין פארמעגען, און מיט דער נישטיגער סומע האָב איך געהאַט צו זאָרגען פאר מיין פאמיליע; א פרוי מיט 5 קליינע אונשולדיגע קינדער... מיין אמביציע און לעבענסלענגליכער טרוים צו שאַפען א אידישע צייטונג, ניט פאר פּראָפיטען, נאָר אַן עפענטליכען אָרגאַן וואָס זאָל ביל־דען, אויפקלעהרען און דערציהען, — דאָס אַלץ איז אוועק מיט'ן רויך, געוועז שווערע מינוטען, דערשלאָגען און פאר־צווייפעלט, האָט פאר מיר געשוועבט דער ברעג פון דעלאַווער טייך, איין שפּרונג און א סוף צו אַלץ!...

דער איינגעבוירענער אָפּטימיזם, דער אידישער בטחון האָט סוף כל סוף געזיגט. איך האָב גערופען צו הילף מיין עצה געבער, דעם דענקונגס אפּאַראַט, דעם גלייכען מענשענ־פארשטאַנד, צו פארגאַנדערקלייבען זיך אין דער לאַגע...

אין יענער צייט האָט נויאָרק פארמאָגט פיעלע וועכענטליכע און אויך טעגליכע אידישע צייטונגען האָבען אָנגעפאַנגען צו דערשיינען. האָב איך אָפּגעדרוקט א צירקולאַר בריעף און צוגעשיקט צו די אידישע צייטונגען אין נויאָרק און האָב זיי אי־בערצייגט אַז ווען פילאַדעלפיא זאָל האָבען א לאָקאַלען אגענט צו פארטהיילען די צייטונגען פון איין פּלאַץ צו די צייטונגס־פארקויפער און אין דער זעלבער צייט ארבייטען פאר

אדווערטייזמענטס — אזא קאָנטראָל פון דעם צייטונגס פאַר־קויף און די אדווערטייזינג אגענטור — וועט זיין פארטייל־האפט און איינטרעגליך און איינשפּאָרען די פּובלישערס פילע הונדער־טער דאָלארס א מאָנאט.

די אידישע צייטונגס ארויסגעבער האָבען דעם פּלאַן אויפ־גענומען מיט דאנק און איך בין געוואָרען דער לאָקאלער אַגענט פאר אַלע אידישע צייטונגען אויסער דער ארבייטער צייטונג.

די ערשטע צייט פון דער אַגענטור האָב איך זיך א שעהן ביסעל געפּלאָגט, א נייע זאַך, געמוזט די אידעע, דעם פּלאַן ברענגען אין פּראַקטיק. אָבער מיט אומערמידליכער ענערגיע און ארבייט איז די אגענטורע געוואָרען א קוואַל פון פּרנסה און געלד שפּאָרען. איצט מעגען זיי וויסען די איצטיגע פאַר־שטעהער פון די נויאָרקער אידישע צייטונגען ביי אונז אין שטאָט ווער עס איז געווען דער איניציאַטאָר און פּיאָנער אויף דיעזען געביט פון דער אידישער צייטונג אגענטור אין פילא־דעלפיא.

ביינאה צעהן יאָהר בין איך געווען פארבונדען מיט די נויאָרקער אידישע צייטונגען און צום סאַמע לעצט בין איך פארבליבען בלויז מיט דעם „פאָלקס־אדוואָקאַט" און דעם „טעג־ליכען אידישען העראָלד", וועלכער איז אין 1904 פארקויפט געוואָרען צו דעם פארשטאָרבענעם לואי מילער פון דער „וואר־הייט — האָב געזעהן די לעצטע צוויי יאָהר אז די ביזנעס פון דער צייטונג, מיט וועלכער איך בין געווען פארבונדען האלט אין גוסס'ן, האָב איך געעפענט א דזשענטס פוירנישינג סטאָר (א גאַלאַנטעריי געשעפט) אין דעם נאָרדליכען טהייל פון שטאָט, אין 18-טע און רידזש עווענו, און מיין אָפיס פון דער צייטונג האָב איך אָנגעהאלטען אין 4־טע און לאָמבארד. איך האָב גע־פיהרט די צייטונג ביזנעס און מיין פאמיליע האָט אכטונג גע-געבען אויף דעם סטאָר אין 18־טע און רידזש עווענו — האָט עס ניט געטויגט. א צעריסען געמיטה. בין איך אָם ענדע צוריק געקומען אין דעם אידישען קווארטאַל אין סויטה סט. צווישען 4־טע און 5־טע.

# פינף און צוואַנציג יאָהר א קרעמער

אַט ווי שווער און ביטער עס איז צו זיין אַן ארבייטער, א לוין שקלאַף ביי יענעם, ארבייטען און זיין אונטערטעניג צו א פאַרמאַן און צום בעל הבית — גלויבט מיר אז צו זיין א ביזנעססמאַן, א קרעמער אין סויטה סטריט איז פיעל ערגער און צייטענווייז פארצווייפעלט אונערטרעגליך. דער ארבייטער האָט זיינע שטונדען צו ארבייטען און האָט זיין אָווענד און זיין זונ־טאָג אָדער שבת צו רוהען. צו זיין א סוחר, א ביזנעססמאַן אין סויטה סטריט, דאָס מיינט צו זיין אַן אייביגער שקלאַף צו זיין סטאָר, צו זיין געשעפט, צוגעשמידט ווי דער קאַטערזשניק צו זיין טאַטשקע אין סיביר. אָט פונקט, ווען דער סטאָר קיפער אין סויטה סטריט זעצט זיך עסען, קומט דאַן אָן די ביזי, די שפע, און ער וואַרפט דעם עסען און געהט באַדינען דעם קונה, דעם קאָסטומער. ביינאַכט רוהט ער ניט, ווייל מאָרגען איז פעליג א נאָוט אין באַנק, און שווערע בילס וואַרטען שוין לאַנג איבער דעם טערמין זיי צו צאָהלען. דער קליינער ביזנעססמאַן מוז היטען זיין קרעדיט און צאָהלען זיינע וועקסלען און בילס אין צייט, אַז ניט מעג ער צומאַכען זיין קרעמעל. אין געזעלשאַפט קומט ער ניט ווייל זונטאָג דערוואַרט ער, ותען די גרויסע דעפאַרטמענט סטאָרס זיינען געשלאָסען — צו טהאָן ביזנעס, ארייננעמען אַ גרויסען פדיון. זיין גאַנצער פארגעניגען איז ווען ער מאַכט אַ גיימקע, שפיעלט אין קאָרטען מיט א שכן. אָט אַזוי ליגען זיי די סאָוטה סטריט קרעמער טאָג און נאַכט אין זייערע סטאָרס ווי די מייז אין די לעכער. מען וואַטשט ניט אייגענע ביזנעס אַזויפיעל ווי דעם שכנ'ס, צי נעמט ער ניט אריין מעהר פדיון פון איהם . . .

האָב איך געוואוסט פון דעם הינטישען לעבען, פון די גע־שעפטסלייטע אין סאָוטה סט. בין איך דערפאַר צוערשט געגאַנ־גען עפענען אַ ביזנעס צווישען ניט אידען, אַפּטאָון און רידזש וועניו. האָט מיך דער פיש פון יונה הנביא שיעור ניט איינ־געשלונגען: די ניט אידישע קונים פון אַפּטאָון געהן ניט קויפען וויכטיגע ארטיקלען אין אַ קליינעם געשעפט. זיי געהען

אין די גרויסע גוט אדווערטייזטע דעפּאַרטמענט סטאָרס. און אין טשוירטש און אין קירכע בין איך ניט קיין מעמבער און צוזאַמען מיט גוטע ברידער אין סאַלון זעהט מען מיך זעלטען אָדער קיינמאָל ניט. האָט מיין סטאָר קיין בעל־הבית׳ישען קונה אין די אויגען ניט געזעהן. בין איך געקומען צוריק צו מיינע אידישע ברידער אין סויטה סט., מיט זיי צוזאַמען טהיי-לען זייער שיקזאַל!

25 יאָהר צייט בין איך געווען א ביזנעסמאַן, א סוחר אין סויטה סטריט, געהאַט גוטעס און שלעכטעס האָט מיר אויך ניט געפעהלט . . . פאַרקויפט מיין סטאָר צו מיין זוהן ר. און שפּע־טער מיט א יאָהר געעפענט מיין דזשענטס פוירנישינגס (גאַלאַנ־טעריי געשעפט) אין דעם ראָג 3טע און סויטה סט. צוזאַמען מיט מיין עלטערען זוהן מ.

איך קען זיך ניט באַקלאָגען אויף די ביזנעס, וואָס איך האָב אין יענעם פּלאַץ אויפגעטהאָן. איך האָב עטאַבלירט פאַר זיך אין דער ביזנעס וועלט א שעהנעם נאָמען, אלס איין פּרייז גע־שעפט. מיט די מעטהאָדען פון טהאָן ביזנעס אויף אַן אנשטענ־דיגען אופן לויט דעם באַגריעף און די עטיקס פון דער ביזנעס וועלט.

אין יענעם סטאָר האָב איך חתונה געמאַכט אלע מיינע קינ־דער און אין די מלחמה-יאָהרען האָב איך ווי אלע אנדערע געטהאָן רייכע ביזנעס, מיין קרעדיט און רייטינג זיינען געווען ערשטער קלאַס; איך האָב אין די דריי יאָהר פון 1918־1919 און 1920 געשפּאָרט 10 טויזענד דאָלאַר יעדען יאָהר. — איך האָב אויך געשפּאָרט צייט פאַר געזעלשאַפטליכע ארבייט. איך האָב אנטהייל גענומען אין די וויכטיגסטע לאָקאַלע און נאַציאָ־נאַלע טהעטיגקייטען, פון וועלכע די סאַמע וויכטיגסטע איז געווען מיין באַטהייליגען זיך אין ציוניזם.

זאָל מיר דער לעזער מוחל זיין, וואָס איך וועל דיעזען מאָל אָפּטרעטען פון מיין שטייגער צו זיין אָביעקטיוו און ניט שריי-בען וועגען מיינע פּערזענליכע טהעטיגקייטען אין געזעלשאַפטלי־כען לעבען. דער ציוניזם איז מיין לעבענס־אידעאַל, און איך מוז זיך אָפּשטעלען אויף איין עפּיזאָד אין מיין באַשיידענעם

לעבען און שטערבען פאַר דיעזען אידעאַל, און וואָס איז אויך דער ענדע ציעל פון אידישען לעבען אין דער גאַנצער וועלט.

אין דער געשיכטע פון ברית אחים, וואָס איך האָב געדרוקט אין דעם ערשטען טהייל פון מיין בוך (זייטע 155) לעזט זיך ווי פאָלגט: „דעם 17טען אפּריל 1921 נעמט אָן דער ברית אחים די רעקאָמענדאַציע פון דער אַדווייזערי באָארד צו באַצאָהלען אַ חוב צום אידישען פאָלק און זיך לאָזען טעקסען פּריוויליג מיט 10 טויזענד דאָלאַר צום קרן היסוד".

דאָס איז די געשריבענע געשיכטע פון דיעזען עפּיזאָד. דער אונגעשריבענער טהייל פון דיעזער געשעהעניש איז פאָלגענדער: וויסענדיג אז דער ברית אחים איז א פאראיין פון געמישטע עלעמענטען און וואהרשיינליך וועלען זיך געפינען געגנערס צו געבען געלד פאַר ציוניסטישע צוועקען — האָב איך גערופען א מיטינג צו מיר אין מיין הויז, אין 413 פיין סט., אין א פסח טאָג; די פאָלגענדע פריינד זיינען אָנוועזענד געוועזען: וויליאַם הינדין, א ראַדיקאַל און א הייסער ציוניסט; מיין לעבענס פריינד סיימאָן לעקערמאַן, אַן איבערגעגעבענער ציוניסט; חיים ריקלין, געוועזען א פלאַם־פייערדיגער ציוניסט; ראבײַ אָסקאַר לעווין און דער פּרעזידענט פון ברית אחים, צו יענער צייט, סעם פּאַרטער, און נאָך אַנדערע, וועלכע איך קען איצט זייערע נעמען ניט געדענקען. זיי אַלע זיינען טרייע מיט־גלידער און פיהרער פון ברית אחים פאראיין. מיין טריי און גוט־הארציגע פרוי דזשעני ע"ה האָט זיי אויפגענומען פיין און גע־שטעלט כּרמל וויין צום טיש מיט צובייסען און איך האָב זיך מיט זיי בעראַטען ווי אזוי אַמבעסטען מיר זאָלען דורכפיהרען דעם באַשלוס פון דעם ברית אחים צו ביישטייערען צום קרן היסוד ווי עס פּאַסט פאַר דעם גרעסטען פאראיין אין שטאָדט אויב ניט אין גאַנצען לאַנד.

דער פּרעזידענט, וועלכער איז ניט געוועזן אַזאַ הייסער חסיד פון דעם ציוניזם, האָבען מיר אַלע פּראָבירט צו ווירקען און בעאיינפלוסען איהם ער זאָל ניט זיין קיין געגנער און זאָל ניט שטערן אין דעם באַשלוס צו ביישטייערן אויף א שעהנעם אופן צום קרן היסוד. עס איז געוועזן א שווער שטיקעל ארבייט

צו באזיעגען א פּאָר פּרינציפּיעלע געגנער אין ברית אחים צום קרן היסוד.

אונזערע פריינט האָבען דעם קאמף געוואונען און זייט דאן איז עס געוואָרען א טראַדיציע אין ברית אחים יעדען יאָהר בייצושטייערן שווערע טויזענדער דאלארס צום קרן היסוד, וועל־כעם ביז היינט באטרעפט די סומע ביינאה 100 טויזענד דאלאר.

פון מיינע פערזענליכע ביישטייערונגען צום קרן היסוד און צום ציוניזם בכלל — ניט א וואָרט. דאָס וואָלט שוין זיין ארויס פון דער גרעניץ פון באשיידענהייט און געגען דער עטיק פון שרייבען.

# דער דריטער און לעצטער פּעריאָד אין מיין לעבען

די קינדער פארהייראַט און זעלבסטשטענדיג, הויב איך אָן פיהלען א בענקעניש נאָך רוה און א דורשט נאָך גייסטיגער איבערלעבעניש. עס ווילט זיך פריי זיין פון דעם עול של דרך ארץ, פון מאַטעריעלער יאָגעניש און נעמען זיך צו דעם עול של תורה, ווידמען די לעצטע יאָהרען צום אָפּפרישען דעם גייסט און באַרייכערען מיין נשמה מיט פאָרשען און לערנען. איך פארקויף מיינע ביזנעס, דעם דזשענטס פאָרנישינג סטאָר צו מיין צווייטען זון ראָבערט, מיט דעם באדינג, אז זיין אינגערער ברודער לואיס זאָל זיין א שותף אין די ביזנעס.

איך בלייב נאָך אין סטאָר פאר א קורצער צייט צו זעהן אז אלץ געהט אין ארדנונג... ליגט מיין געלד אין דער באנק היפּשע טויזענדער דאלארס און ברענגט מיר איין א קליינעם באַנק פּראָצענט. בין איך ניט צופרידען, ווייל די וועלט ארום מיר איז פול מיט ביזנעס און מענשען מאכען שטיקער געלד אין ריעל־עסטייט, קויפען און פארקויפען הייזער. ווערט מיר איבערדריסיג דאָס עסען א גרייטען קעש דאלאר און ארומגעהן לעדיג (איך האָב ניט געהאט קיין געדולד מעהר ווי א פּאָר שטונ־דען אין טאָג צו זיצען און לייענען אדער לערנען) אָהן א גוט באצאָהלטער אינוועסטירונג...

ווי זאָגט זיך דאָרט וועגן אונזער אַלטען פּאַטער יעקב „ביקש יעקב לישב בשלוה קפצה עליו רגזו של״... ריעל־עסטייט.

איז געקומען אַ „נאָבעלער פריינד״ און האָט זיך פאַרגע־שטעלט, אַז ער איז אַן אייגענער פון דער משפחה און האָט מיר פאַרגעלעגט אַ באַרגיין, אַ נחלה פון 6 אַפּאַרטמענטס מיט אַ גרויסען סטאָר, אַ פאַרניטשור געשעפט, וואָס צאָהלט 350 דאָלאַר מאָנאַטליך. צוזאַמען מיט די אַפּאַרטמענטס ברייגנט די נחלה אַריין איבער 7 הונדערט דאָלאַר אַ מאָנאַט רענט. איך וועל, האָט מיין משפחה פריינד מיר געשוואָרען, זיין פאַר־זאָרגט מיט אַ שעהנעם לעבען אויף דער עלטער.

האָב איך גענומען די פעדער אין האַנט און גערעכענט די הכנסות און אויך די הוצאות פון דער פּראָפּערטי, די נחלה וואָס האָט געזאָלט אויך זיין מיין מנוחה, אַ קוואַל פון אַ שטיל, רוהי־גען לעבען אויף דער עלטער. דוכט זיך, נאָך דעם אויסרעכענען פון איינאַמען און אויסגאַבען, האָט אַלעס געשטימט, גאָר ווי אין דער אַלטער דייטשלאַנד איידער היטלער ימ״ש איז געקומען.

האָב איך געשלאָסען דעם דיעל, דעם ריעל־עסטייט געשעפט מיט דעם גרינגסטען גלויבען, אַז אַן אייגענער משפחה פריינט וועט מיך ניט אָפּנאַרען, ניט פאַרפיהרען. און צום סוף...

יאָ, איהר ווייסט דען ניט דעם סוף, וואָס איז געוואָרען פון דעם ריעל־עסטייט בום? „רבים חללים הפילה״. פיעל, שרעקליך פיעל זיינען די קרבנות פון דעם ריעל־עסטייט רויבער שווינדעל ! !

פינף פינסטערע און ביטערע יאָהר האָב איך זיך געמאַטערט מיט דער נחלה און איך האָב פאַרלאָרען ביז אַ סענט. אַלץ וואָס איך האָב געאַרבייט און געשפּאָרט פאַר 25 יאָהר צייט, איז אוועק מיט׳ן פייער.

מיין טייערער חבר, מיין געטרייע און איבערגעבענע פרוי דזשעני איז פון וועהטאָג און ערגערניש געשטאָרבען מיט אַ צו־בראָכען האַרץ. געפאַלען אַ קרבן פון מיין ריעל־עסטייט איג־וועסטמענט און איך בין געשטראָפט פון די געטער צו איבער־לעבען דעם חורבן און שרייבען מיינע אייגענע קינות...

# דער אמעריקאנער אידישער קאָנגרעס

דער צוקונפטיגער שרייבער פון דער אידישער געשיכטע אין אמעריקא וועט זיכער פארצייכענען דעם צווייטען יאָהר־צעהנדליג פון דיזען יאָהרהונדערט אלס די וויכטיגסטע פעריאָדע, אלס דער שעהנסטער קאפיטעל פון אידישען לעבען אין אמע־ריקא.

דאָס יאָהר 1914, דאָס ערשטע יאָהר פון דער וועלט־מלחמה, געפינט דעם נייעם אידישען ישוב אין אמעריקא אויסגעוואק־סען און ענטוויקעלט, אין א רייכער פיעל־פארצווייגטער מיליאָ־נענדיגער אידישער באפעלקערונג, צושפרייט און איינגעוואָר־צעלט אין לאנד, מיט גרויסען איינפלוס אויף דעם עקאָנאָמישען, פינאנציעלען און פאָליטישען געביט.

דאָס אידישע געזעלשאפטליכע לעבען האָט זיך שוין פאר דער צייט איינגעפונדעוועט און באפעסטיגט מיט אלע זיינע אט־ריבוטען און קלאסען; דער אידישער ארבייטער קלאס מיט זיינע געווערקשאפטען און קולטורעלע אָרגאניזאציעס האָט זיך שטארק געלאָזט פיהלען אויף דער אידישער גאַס, און אזוי אויך דער בעל־הבת׳ישער עלעמענט, דער מיטעל־קלאס, דער קליינער ביז־נעססמאַן האָט פארנומען דעם וויכטיגען צענטער פון דעם נייעם אידישען ישוב. ער איז געווען דער צעמענט, דער פארמיטלער, צווישן דעם ארבייטער און ארבייטסגעבער; צו די לעצטע, ד. ה. צו דעם פאבריקאַנט, גרויס ביזנעס און גרויס קאפיטאל, בא־לאנגט דער אלט איינגעזעסענער דייטשער און אמעריקאנער איד, וועלכער איז אויך געווען דער פריווילעגירטער און דער דאָמינירענדער קלאַס אין דעם אידישען געזעלשאפטליכען לע־בען אין לאנד.

א צייט לאַנג האָבען געלעבט און געווירקט די דריי שיכ־טען, די דריי פארשידענע קלאסען פון דער אמעריקאנער אידי־שער געזעלשאפט, יעדער באזונדער. יעדער קלאַס פאר זיך האָט פאַרפאָלגט זיינע אייגענע אינטערעסען און האָט געקוקט מיט חשד, מיט מיסטרויען איינער אויפ'ן צווייטען; דער טעמפּעל איד האָט געקוקט אויף דעם אָרטאָדאָקסישען מזרח אייראָפּעאי־שען אידען פון אויבען אראָפּ און זיי ביידע האָבען ניט גע־קענט פאַרטראָגען דעם ארבייטער מיט זיינע ראדיקאלע און פריינגעזאָנענע אנזיכטען אויפ'ן לעבען. אלע זיינען געווען פאר־בלענדעט פון דעם פּארטיי און קלאַסענבאוואוסטזיין און קיינער פון זיי האָט ניט געזעהן די געפאהר וואָס לויערט אויף אלעמען, ווען א פאָלק, א גלות־פאָלק איז צוריסען, צושפּליטערט און פיינדליך צוטיילט, איין קלאַס געגען צווייטען.

איז געקומען קרושעוואן אין 1903, און האָט מיט דער פּאָגראָם שחיטה אין קישינעוו געעפענט די אויגען פון דער גאנ־צער אידישער וועלט; עס האָט א ציטער געטאָן דאָס אידישע הארץ און עס האָט פארכאפּט דעם אָטהעם ביי אלע קלאַסען און אלע שיכטען פון אידישען פאָלק.

האָט ניקאָלאַי דער לעצטער נאָך דער יאפּאניש־רוסישער מפּלה אין דער מלחמה פון 1905, זיך געבויגען פאר דער רע־וואָלוציע און האָט פּראָקלאמירט א קאָנסטיטוציע פאר גאנץ רוסלאנד. גלייכע רעכט פאר אלע בירגער אין דעם גרויסען רוסלאנד — און פאר גרוים שמחה פייערט דאָס רוסישע פאָלק די לאַנג ערווארטעטע פרייהייטס קאָנסטיטוציע — מיט בלוטיגע פּאָגראָמען אויף אידישע קעפּ, און אידיש אונשולדיג בלוט גיסט זיך ווי וואסער אויף דעם מזבח פון דער רוסישער פרייהייט! ניקאָלאַי צוטרייבט די דומע, דעם רוסישען פּארלאמענט, און נעמט שטיקען און פארפאָלגען ליבעראלען, ראדיקאלען און די סאָציאליסטען פון גאנצען לאנד. עס טרעט אריין א פינסטערער יאוש אין די מוחות און אין די הערצער פון דעם אידישען ראַ־דיקאל, דעם אידישען סאָציאליסט־רעוואָלוציאָנער, און אין דעם אידישען בונדיסט, וועלכע האָבען געלעגט אזוי פיעל האָפענונג אויף דער רעוואָלוציע, אויף דער דומע און אויף דער באפריי־

אונג פון דעם גאַנצען רוסישען פאָלק פון אַן אונבאַגרעניצטען און דעספּאָטישען רעזשים!

אין אייראָפּא, אין די לענדער וואו דער רוב בנין ורוב מנין, די גרויסע אידישע מאַסען געפינען זיך, ווערט דאָס אידישע לעבען הפקר! אין יעדען לאַנד וואו אידען וואָהנען אין א באַדייטענדער צאָהל זיינען זיי יעדען גרויס אין די אויגען. גזירות, אויסנאַהמס געזעצען און עקאָנאָמישע באַנקראָטען, און אומעטום ווערען אידען ארויסגעשטופּט פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

דיעזער לאַנגזאַמער טויט־אורטהייל איבער דעם אידען אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער רופט ארויס זאָרג און סימפּאַטיע אין דעם אַמעריקאַנעם אידענטום וואָס פיהלט זיך שולדיג און קען ניט מעהר פאַרבלייבען גלייכגילטיג צו דעם אומגליק און די צרות רעות וואָס זיינען באַפאַלען אונזערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים.

איז דאָך דאָס אַמעריקאַנער אידענטהום דער גרעסטער און דער מעכטיגסטער און איינפלוסרייכסטער טהייל פון דעם אידישען פאָלק אין דער גאַנצער וועלט! און עס פאַנגט זיך אָן א באַוועגונג צוערשט צווישען יחידים און נאַציאָנאַל געזאָנענעם לאַגער צו פאַראייניגען אַלע אידישע עלעמענטען אין א באַ־שטענדיגער אידישער קערפּערשאַפט — עס איז אויך געווען מאָטיווירט אַז די עקזיסטירענדע סאָסייעטיס און קאָמיטעען וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען און ווערען געפיהרט פון אמע־ריקאַנער און דייטשע אידען, דריקען ניט אויס די מיינונגען און געפיהלען וועגען די פראַגען און פּראָבלעמען וואָס באַריהרען די אידען פון יענער זייט ים! די פּראָפּאַגאַנדע וועגען דער פאַר־איינינגונג פון אַלע קרעפטען אין לאַנד האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער אידישער פּרעסע און דער פאָרשלאַג איז צוערשט גע־מאַכט, פאַרהאַנדעלט און אָפּגעשטימט געוואָרען ביי די ציונים־טען אויף א פאַרזאַמלונג אָפּגעהאַלטען אין ניו יאָרק דעם 30טען אויגוסט 1914 דורך א רעזאָלוציע אריינגעבראַכט פון דעם פאַרשטאָרבענעם דאָקטאָר נחמן סירקין, ע"ה, ברוך צוקערמאַן,

איהם צו לאנגע יאָהר, און בערנארד ג. ריטשארדס (שפּעטער עק־זעקוטיוו סעקרעטער).

אָקטאָבער דעם 21טען, דעם זעלבען יאָהר, האָט דער געעהרטער לואיס ד. בראנדייס, אין נאָמען פון דער צייטווייליגער עקזעקוטיווע פון די ציוניסטען, אדרעסירט א בריף צו לואיס מארשאל ע"ה, אלס פּרעזידענט פון דער אמעריקאנער דזשואיש קאָמיטע, און איהם איינגעלאדען צו קאָאָפּערירען מיט דעם צוועק צו רופען א קאָנפערענץ פון אלע נאציאָנאלע אָרגאַניזאציעס און גרופּען. נאָך איניגע בעראטונגען האָבען זיי זיך ניט געקענט אויסגלייכען אין זייערע מיינונגען וועגען דעם ענין.

4 טעג שפּעטער, אָקטאָבער דעם 25טען, האָט די אמעריקאן דזשואיש קאָמיטע פאררופען א פארזאמלונג פון אידישע אָר־גאניזאציעס און האָט געגרינדעט די אמעריקאן דזשואיש רע־ליעף קאָמיטע.

אין דער זעלבער צייט האָבען אלע גרויסע נאציאָנאלע אידישע אָרגאניזאציעס און אידישע ארדענס אויף זייערע ספּע־ציעלע מיטינגען און קאָנווענשאָנס אונטערשטיצט די אידעע צו גרינדען א אידישען קאָנגרעס.

די אידישע צייטונגען, דער „טאגעבלאט", די „ווארהייט", דער „אידישער פיהרער" (דיעזע צייטונגען עקזיסטירען איצט ניט מעהר) דער „מאָרגען זשורנאל", דער „טאָג" און די פילא־דעלפיער „אידישע וועלט", האָבען אלע געשריבען און אונטער־שטיצט דעם געדאנק, די באוועגונג פאר דעם אידישען קאָנ־גרעס.

פילאדעלפיא, די אידישע פילאדעלפיא, פאנגט אָן אן אינ־טענסיווע באוועגונג פאר דער אידעע פון א אידישען קאָנגרעס. די ציוניסטישע טוער און די ראדיקאלע נאציאָנאל געזאָנענע פאָרשטעהער פון דער היגער ארבעטערשאפט — אלע ווארפען זיך אריין אין דער ארבייט און שטרענגען אָן אלע כוחות צו פאראייניגען די צוויי עקסטרעמען, דעם סאמע רעכטען און דעם ראדיקאל לינקען פליגעל פון דעם אמעריקאנער אידענטהום פאר דער קאָנגרעס אידעע! א באזונדערען דאנק און קרעדיט פאר דעם ערפאָלג פון דעם ערשטען אידישען קאָנגרעס קומט

דער פילאדעלפיער קאָמיטע, דר. לואיס רובינסאָן, ע"ה, אלס טשערמאן פון דער פילאדעלפיער קאָנגרעס קאָמיטע; דר. ב. ל. גאָרדאָן, סעקרעטער, און די פאָלגענדע אַקטיווע מיטגלידער פון דער קאָמיטע: דזשייקאָב גינצבורג, אברהם הירש, אייזאק וויס, ע"ה, פּראָפעסאר חיים פיינמאן און משה קאַטץ.

די אמעריקאן דזשואיש קאָמיטע באשטעהענד פון דייטשע אמעריקאנער טעמפּעל אידענטהום מיט לואיס מארשאַל, ע"ה, אָן דער שפּיץ פון איין זייט, און די ראַדיקאלע סאָציאליסטען און בונדיסטען פון דער צווייטער זייט, ביידע עקסטרעמען זיינען די ערשטע צייט געווען די שטארקסטע געגנער פון אמעריקאנער אידישען קאָנגרעס. די ערשטע, די אמעריקאן דזשואיש קאָמי־טע, האָט חושד געווען דעם אידישען קאָנגרעס אז ער קומט מיט דער כונה אוועקצונעהמען דעם פּרעסטיזש און צו ברעכען די אויטאָריטעט פון דער זעלבסט געקרוינטער קערפּערשאפט אלס דער איינציגער באשיצער און שתדלן פאר אידישע אינטערעסען אין דער גאנצער וועלט; די אידישע ראַדיקאלען, סאָציאליסטען און בונדיסטען האָבען ניט געקענט פארדייהען דעם געדאנק צו מאכען שלום און געהן האנט אין האנט מיט אידישע בור־זשועז און די ציוניסטען־שאָוויניסטען, וועלכע זיי האָבען ניט געקענט דולדען נאָך ערגער ווי דעם רוסישען צאַריזם.

אויף דער פילאדעלפיער אידישער קאָנגרעס קאָמיטע איז אויסגעפאלען דער גורל צו באקעמפען די חשדים און באזיי־טיגען די פּאָראורטהיילע פון די אויבענדערמאָהנטע צוויי עקס־טרעמע געגנער און זיי געווינען אויף דער זייט פון א פאראיי־ניגטען אמעריקאנער אידענטהום פאר דער הילף און רעטונג פון דעם אידישען פאָלק אויף יענער זייט ים, און די באמיהונגען פון דער פילאדעלפיער קאָמיטע זיינען ווירקליך געקרוינט געוואָ־רען מיט ערפאָלג.

מיטינגען אויף מיטינגען זיינען אָפּגעהאלטען געוואָרען פאר איבערגעפּאקטע זאלען און ביי „אָפּען עיר", אונטער דעם הימעל מיטינגען, זיינען הונדערטער און טויזענדער פון אלע שיכטען פון פאָלק געקומען הערען ווי באגייסטערטע רעדנער

ערקלהרען און באַלייכטען די פּרינציפּען און די אי־
דעען פון אַ פאַראייניגונג פון גאַנצען אידישען פאָלק צו אָר־
גאַניזירען דעם אידישען קאָנגרעס. עס איז גענוג צו דערמאָהנען
דעם איינדרוקספולען מיטינג פון זונטאַג דעם 29טען אויגוסט,
1915, אין ארטש סטריט טעאַטער, וואו די באַריהמטע אידישע
ראַדיקאַלען, געוועזענע סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען... ווי
אינזשינער פּנחס רוטענבערג און דר. חיים זשיטלאָווסקי האָבען
אדרעסירט אַן איבערפּליסענדען פּובליקום פאַר דעם אידישען
קאָנגרעס. אין ליריק האָל האָט דער באַריהמטער ציוניסטישער
רעדנער, דר. שמריהו לעווין, און אַנדערע פאָרשטעהער פון פאַר־
שידענע אידישע אָרגאַניזאַציעס אין פילאַדעלפיא געשטורעמט
די אנוועזענדע מיט דעם רוף: „קומט און העלפט שאפען אַ
ריכטיגע דעמאָקראַטישע אידישע פאָרשטעהערשאַפט דורך אַ
אידישען קאָנגרעס". צו דער געלעגענהייט איז ערשינען אַן
ערמוטהיגענדער און באַגייסטערענדער עדיטאָריעל פון משה
קאַטץ, ליטעראַרישער רעדאַקטאַר פון פילאַדעלפיער „אידישע
וועלט", די צייטונג וועלכע האָט ניט אויפגעהערט צו מונטערן
און אַגיטירן פאַר דעם אידישען קאָנגרעס, ביז די אידעע איז
פאַרווירקליכט געוואָרען אין לעבען!

## די פאָרקאָנפערענץ אין פילאַדעלפיא

זייט אידען האָבען פאַרלאָרען זייער זעלבסטשטענדיגקייט,
אַרום ניינצעהן־הונדערט יאָהר צוריק, און זיינען אַוועק אין גלות
צוזעעט און צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, געוואַנדערט,
געליטען און געלעבט אין פאַרשידענע לענדער אונטער פאַר־
שידענע צייטען, גוטע און שלעכטע — האָט דאָס אידישע פאָלק
נאָך קיין מאָל ניט אין זיין גאַנצען גלות לעבען געפיהלט אַזוי
ערמוטיגט, האָפנונגספול און באַגייסטערט, מיט אַ געפיהל פון
אחדות און פאַראייניגטער מאַכט, ווי אין דעם 26טען און 27טען
מאַרטש, 1916. דער וויכטיגסטער און איינפלוסרייכער טייל
פון אידישען פאָלק, דאָס אַמעריקאַנער יודענטהום האָט זיך דאָן

דערהויבען צו דער גרעסטער הויך פון זיין שטאנד און האָט גענומען אויף זיך די אחריות, די פאַראַנטוואָרטליכקייט און די פליכט צו זאָרגען און אויסקעמפען די גלייכבארעכטיגונג, די פארלייכטערונג פון דעם אידישען גורל אין די טיילען און די לענדער פון דער וועלט, וואו אונזערע שוועסטער און ברידער זיינען נאָך ניט אנערקענט פאר גלייכע בירגער מיט די אנדערע, און וועלכע ליידען דערפאר דערנידערונג און פארפאָלגונג מאָ־ראַליש און עקאָנאָמיש.

די פּאָרקאָנפערענץ פון דעם אידישען קאָנגרעס אין פילא־דעלפיא, דעם 26טען און דעם 27טען מארטש, 1916, וועט פארשריבען ווערען אין דער אידישער געשיכטע אלס דער „ועד כל הארצות״, די אנשי כנסת הגדולה, זייט אידען זיינען אוועק אין גלות, מיט דעם צוועק צו באשיצען דאָס גאנצע אידישע פאָלק אויף דעם ערד־קוגעל.

מעגען טאקע די פילאדעלפיער אידען שטאָלץ זיין אויף דעם זכות, אויף דעם גרויסען כבוד וואָס איז צוגעטיילט געווא־רען פון דעם גאנצען אמעריקאנעם אידענטהום צו דער אידישער געמיינדע פון פילאדעלפיא; דאָ, צום ערשטען מאָל, האָבען זיך פארזאמעלט די פאָרשטעהער פון פיער מיליאָן אידען צו לעגען דעם פונדאמענט פאר א פאראייניגטען אידענטהום, א מוסטער, א ביישפיעל פאר דעם גאנצען אידישען פאָלק וואו נאָר עס געפינט זיך.

איז דאָך פילאדעלפיא געווען דאָס פלאץ וואו עס איז גע־שטאנען דאָס וויגעלע פון דער אמעריקאנער פרייהייט! און אין דעם אינדעפּענדענט סקווער איז אונטערגעשריבען געווארען די „דעקלאריישאָן אָוו אינדעפּענדענס״, דער באפרייאונגס־אקט, און דאָרט געפינט זיך אויך דער היסטאָרישער גלאָק, אויף וועל־כען עס איז אויסגעקריצט די אייביגע הייליגע פרייהייטס ווער־טער פון דעם אידישען חומש: „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה״. און אין דעם היסטאָרישען קארפּענטערס האָל האָט זיך פארזאמעלט דער ערשטער אמעריקאנער קאנגרעס אין יאָהר 1776.

אַט איז אַ קורצער אויסצוג פון דעם היסטאָרישען און איינדרוקספולען אדרעס וואָס דער גרויסער אָראטאר פון אונזער צייט, ראבי סטיפען ס. וויז, האָט מיט אזא באגייסטערונג געהאלטען אויף דער ערעפענונג פון דער פאָרקאָנפערענץ אין וואָלטאָן האָטעל, בראָאד סטריט, פילאדעלפיא: „דיזער טאָג איז באשטימט צו בלייבען אויביג אין דער געשיכטע פון ישראל, דערפאר וויל מיר, פארזאמעלטע דאָ, דענקען ניט פון אונז אליין און פאר זיך אליין, נאָר פאר דעם כלל, פאר דעם גאנצען אידי־שען פאָלק".

„גרויס איז דער זכות — עהרענהאפט די פריווילעגיע אנטהייל צו נעמען אין א פאַרזאַמלונג, וועלכע איז באשטימט צו מאַכען אידישע געשיכטע און דערפאר אויך וועלט־געשיכטע! די נשמה, די ראַכע פון דער מענשליכער נשמה, ווען איהרע רעכטע ווערען איגנאָרירט, פארגוואַלטיגט דורך מאכט — איז געשיכטע וועלכע רעכענט זיך היסטאָריש אָפּ מיט דער רויער מאַכט פון געוואַלט און צוואַנג. דיעזע קאָנפערענץ דאַרף זיך באשעפטיגען מיט דעם צוועק צו ברענגען צושטאנד און פאר־פאָלקאָמען אזעלכע וועגען און מיטלען וואָס זאָלען באשאפען א דורכאוים דעמאָקראטישע אָרגאַניזאציע, באשטעהענד פון אלע כחות פון אמעריקאנעם יודענטהום מיט דער אויסנאהמע פון די וואָס ווילען זיך פרייווילינ פון דעם אויסשליסען."

די קאָנפערענץ איז געעפענט געווארען זונטאג, דעם 26טען מארטש, 1916, 2.30 נאָכמיטאג, אין וואָלטאן האָטעל, פון דר. לואיס רובינזאָהן, טשערמאן פון דער אידישער קאָנגרעס קאָמי־טע פון פילאדעלפיא. און נאָך א קורצע און זעהר פאסענדע אנלייטונג און באגריסונג צו די קאָנגרעס־דעלעגאטען, האָט דער טשערמאן פאָרגעשטעלט דעם האָנאָרייבעל ער. ז. קאטעל, אלס פאַרטרעטער פון סיטי מעיאָר, מר. סמיטה פון פילאדעלפיא. נאָך איהם האָט ראביי לעווענטהאל באגריסט און געבענשט די דעלעגאטען, אז זיי זאָלען האָבען ערפאָלג אין זייערע פארהאנד־לונגען פאר דער פארטיידיגונג פון אידישע רעכטע. ריכטער

לעאָן סענדערס אלס צייטווייליגער טשערמאן, האָט געזאָגט פאָלגענדעס:

„מיר האָבען זיך פארזאמעלט דאָ אלס אידען גראדע ווי די אמעריקאנער פאטריאָטען פון אמאָל פאָרצולעגען אונזער באקלאָגען זיך פאר דעם געוויסען פון די פעלקער פון דער וועלט און צו פאָדערן עס זאָל נעמען א סוף צו די פארברע־כענס וואָס זיינען באגאנגען געווארען געגען אונז פאר די לעצטע צוויי טויזענד יאָהר.”

דער צייטווייליגער טשערמאן ל. סענדערס האָט אפּאָינטעט א קרעדענשעל קאָמיטע, וועלכע האָט אריינגעבראכט פאָלגענדען רעפּאָרט: 88 שטעדט זיינען געוועזען אָרגאניזירט אין אידישע קאָנגרעס קאָמיטעטען, וועלכע האָבען געשיקט צו דער קאָנפע־רענץ 367 דעלעגאטען און האָבען פאָרגעשטעלט 6000 אינדי־ווידועלע אידישע אָרגאניזאציעס דורכאויס איבער'ן גאנצען לאנד.

אויף דיזער קאָנפערענץ זיינען דורכגעפיהרט געווארען פאָלגענדע באשליסען:

1) צו פאָדערן גלייכע רעכטע פאר אידען אין די לענדער וואו זיי האָבען עס ניט, און אויך פאָדערען נאציאָנאלע רעכטע אין די לענדער וואו דאָס איז מעגליך און פראקטיש, ווי אויך די פארגרעסערונג און פארבעסערונג פון אידישע אינטערעסען אין פאלעסטינע.

2) אויסארבייטען א פּלאַן פון דעמאָקראטישע עלעקשאָנס פאר דעם אידישען קאָנגרעס, און

3) א קאָמיטע צו שטודירען די באדינגונגען פון אידישען לעבען אין אויסלאנד, און

4) אויך צו פאראינטערעסירען און פאראייניגען די פאר־שידענע עלעמענטען פון אמעריקאנער יודענטהום, וועלכע האָ־בען ביז איצט דאָס נאָך ניט געטאָן.

די קאָנפערענץ האָט אויך ערוועהלט אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע באוואוסט אונטער דעם נאָמען „דזשואיש קאָנגרעס אָרגאניזיי־שאָן קאָמיטע”, באשטעהענד פון 70 מיטגלידער מיט פאָלגענ־דע בעאמטע: האָנאָרייבעל לואיס ד. בראנדייס, טשערמאן;

דזשייקאָב קאַרלינגער, טרעזשורער און בערנאַרד ג. ריטשאַרדס, סעקרעטער. דער זעלביגער האָנאָראַייבעל לואיס ד. בראַנ־דייס איז אויך ערוועהלט געוואָרען איינשטימיג אלס עהרען־טשערמאַן פון דער פּאַרקאָנפערענץ פון אידישען קאָנגרעס.

עס פאָלגט נאָכדעם עלעקשאָן פון א פּערמאַנענטען פּאָר־זיצער פון דער פּאָר־קאָנפערענץ און דער ריכטער הוגי פּאַם איז איינשטימיג ערוועהלט געוואָרען אלס באשטענדיגער טשערמאַן פון דער פּאָר־קאָנפערענץ. ביים אננעמען דעם אמט אלס פּאָר־זיצענדער האָט דער געעהרטער ריכטער, הוגי פּאַם, געזאָגט אין זיין אדרעס פאָלגענדעס:

„דער רוף וואָס האָט אונז אהער אלעמען געבראַכט איז טיעף צום הארצען פון יעדען איד און זאָגאר די וואָס זיינען היינט ניטאָ מיט אונז דאָ בין איך זיכער, אז זיי זיינען מיט אונז אין דעם צוועק וועגען וועלכען דיזער קאָנפערענץ איז גערופען געוואָרען. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז וועלכע מיי־נונגספארשיידענהייטען עס זאָלען ניט זיין ביי אייניגע פון אונז, ווי מיר זאָלען דענקען פארשידען וועגען דעם וועג ווי דורכצו־פיהרען אונזער שטרעבען, אונזער ציעל, מוז אבער ביי אונז אלע זיין איינינקייט אין דורכפיהרען די טהאטען. מיר מוזען זיך אָבזאָגען פון אונזער אייגענעם ווילען, כדי מיר זאָלען דורכ־פיהרען אין פּראקטישען לעבען די גלייכע רעכטע פון אידען אין יעדען לאנד איבער דער גאָרער וועלט. האָבענדיג דאָס אין זינען מוזען מיר צוגעהן צו אונזערע פארהאנדלונגען אין דעם גייסט פון דעמאָקראטיע און גערעכטיגקייט".

די פאָלגענדע וויים־פּרעזידענטען פון קאָנפערענץ זיינען איינשטימיג ערוועהלט געוואָרען: ראבי ד. ב. לעווענטהאל, פילאדעלפיא; פּראָפעסאָר גאָטהארד דייטש, סינסינעטי; הערי פריעדענוואלד, באלטימאָר; דר. לואיס ס. רובינזאָהן, פילאדעל־פיא; פּראָפ. יצחק אייזיק הורוויטש, נויאָרק; יוסף באַראָנדעס, נויארק; יוסף מ. הערמאַן, באסטאָן. — סעקרעטאריאט: בער־נארד ג. ריטשארד, נויארק; פּראָפ. חיים פיינמאַן, פילאדעלפיא; ב. ברענער, נויארק.

דער באַליעבטער מענשענפריינד און ציוניסט, נייטהען שטראוס, ע"ה, וועלכער האָט זיך דאן געפונען אין פאסאדעניע, קאַליפאָרניע, פאַר זיין געזונד האָט צוגעשיקט פאָלגענדע באַגריסונג:

„מיר זיינען פארפליכטעט אלס טרייע בירגער פון דיעזער גרויסער און פרייער מדינה צו ערווערבען אין דער זעלבער מאָס אויך פרייהייט פאר אונזערע גלויבענס גענאָסען וואו נאָר זיי געפינען זיך, און עס גיט קיין בעסערע צייט און געלעגענהייט דאס צו פאָרבערייטען ווי איצט. אין די אלע מלחמה לענדער האָבען אידען באַוויזען זייער איבערגעבענהייט און פאַטריאָטיזם צום לאנד וואו זיי וואָהנען און דערמיט האָבען זיי פון דאָס ניי עטאבלירט זייער בארעכטיגונג צו פאָדערן פאר זיך גלייכע רעכטע!"

די פילאדעלפיער דעלעגאטען, ערוועהלט צום קאָנפערענץ פון אידישען קאָנגרעס זיינען פאָלגענדע: דר. דזשייקאב בערמאַן, ע"ה, נ. באקסט, פראָפעסאָר חיים פיינמאַן, דר. ב. ל. גאָרדאָן, לאָיער יוסף גראָס, דזשייקאב גינזבורג, א. הירש, מאריס קאַטץ, טש. ליפשיץ, ראַבי ב. ל. לעווענטהאַל, ר. ראַפּאָפּאָרט, דר. מאַקס שטאהלער, ע"ה, היימאן ווילענטשיק, ע"ה און אייזיק וויס, ע"ה.

## עלעקשאָן פון דעלעגאַטען צום אידישען קאָנגרעס

אונטער דער אויפזיכט פון דער גענעראל באָארד אף עלעקשאָן פון וועלכער פראָפעסאר יצחק אייזיק הורוויטש, ע"ה, איז געווען טשערמאן און סאלאמאן סאפרין, סעקרעטאר, זיינען די נאָמינאציעס פאר דעלעגאטען צום אידישען קאָנגרעס אָבגעהאלטען געווארען דורך קאָנווענשאָנס אין אלע טהיילען פון לאנד צווישען דער צייט פון מאַי דעם 12טען און מאַי דעם 14טען, 1917.

דער גענעראל עלעקשאָן פון דעלעגאטען צום אידישען קאָנגרעס איז אָפּגעהאלטען געווארען דעם 10טען יוני, 1917, און מען האָט זיך איבערצייגט ווי שטאַרק פּאָפּולאַר דער אידישער

קאָנגרעס איז געווען — 133 טויזענד מענער און פרויען האָבען אָפּגעגעבען זייערע שטימען פאר דעלעגאטען צום אידישען קאָנ־גרעכ.

ווי עס איז געווען פריהער אָפּגעמאכט זיינען 300 דעלע־גאטען ערוועהלט געווארען ביי אלגעמיינע שטימען און 100 זיי־נען ערוועהלט געווארען ביי נאציאָנאלע אידישע אָרגאַניזאציעס.

אויף א מיטינג פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, אָקטאָבער דעם 14טען, דעמזעלבען יאָהר, איז באשלאָסען געווארען צו ווארטען מיט צוזאמענרופונג פון קאָנגרעס ביז עס וועלען זיך אָנפאנגען די פארהאנדלונגען וועגען פרידען ביי די מלחמה פעלקער.

# דעצעמבער 15טען, 1918, אין מעטראָפּאָליטאן אָפּערא הויז

זייט די אידעע פון א אידישען קאָנגרעס איז געווארען אויס טעאָריע און האָט זיך פארוואנדעלט אין א פּראקטישען, קאָנ־קרעטען פאָרשלאג זיינען אוועק 4 אנגעשטריינגטע יאָהרען פון אגיטאציאָן, פון אָרגאַניזאציאָן און אידעען קאמף. ערשט דע־צעמבער דעם 15טען, 1918, אין מעטראפאליטאן אָפּערא הויז, אין פילאדעלפיא, איז די אידעע פון א פאראייניגטען יודענטהום דורך א אידישען קאָנגרעס, צוזאמענגעשטעלט דורכאויס פון אלע עלעמענטען פון אידישען פאָלק — געקרוינט געווארען מיט גרויס ערפאָלג.

פונקט 2.30 נאָכמיטאג האָט קאָרנעל הערי קאטלער, דער טשערמאן פון דער אדמיניסטראטיוו קאָמיטע געעפענט דעם מיטינג פון אידישען קאָנגרעס אין מעטראפּאליטען אָפּערא הויז, בראָד און פּאפלאר סט. נאָכדעם ווי ראבי לעווענטהאל האָט בא־גריסט און געבענשט די דעלעגאטען און זיי געוואונשען ערפאָלג אין זייער הייליגער ארבייט פאר אונזערע שוועסטער און ברידער פון יענער זייט ים, האָט דער טשערמאן באַרנעט קאָטלער, ע״ה, אדרעסירט די פארזאמלונג און געזאָגט צווישען אַנדערעס:

„די פארזאמלונג פון דיזען קאָנגרעס פון אמעריקאנער יודענטהום וועט פארצייכענט ווערען אלס די מאָנומענטאלסטע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק. דיזער צוזאמענ־קונפט שטעלט מיט זיך פאָר אלערליי מיינונגען פון אלע שיכ־טען פון פאָלק, פון דעם העכסטען ראדיקאל ביז צום אולטראַ־אָרטהאָדאָקסישען עלעמענט. לאָמיר ערענסט און אויפריכטיג באטראכטען אלעס וואָס זאָל מאכען דעם איינדרוק און באאיינ־פלוסען די פרידענס־קאָנפערענצען, כדי די פאָרשטעהער פון פעלקער זאָלען באוויליגען ציווילע, רעליגיעזע און פּאָליטישע רעכטע צו די אידען אין אלע לענדער, וואו אַזעלכע רעכטע זיינען ניטאָ. עס ווילט זיך גלויבען, אז דאָס בלוט, האָב און גוטס וואָס אידען אונטער אלע פאָהנען און אין אלע לענדער האָבען בייגעשטייערט אין דער וועלט־מלחמה, און זייער פּאַט־ריאָטיזם און זעלבסט אָפּפערונג איז ניט געווען אומזיסט".

מר. בערנארד ג. ריטשארד, עקזעקוטיוו סעקרעטער פון קאָנגרעס לייענט פאָר באגריסונגען צום אידישען קאָנגרעס פון פאָלגענדע פּראָמינענטע רעגירונגס און שטאַטס בעאמטע ווי אויך פון באריהמטע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנלע פּער־זענליכקייטען: פון דזשאָזעף דאניעלס, דער דאמאָלסדיגער סעקרעטאר אָף די נייווי, (פלאָטען מיניסטער), פון דער אמערי־קאַנער רעגירונג, פון מ. ג. בראומבאה, גאָווערנאָר פון פּענ־סילוויניא, פון מר. מינעסקאַלטשי, שטעלפארטרעטער פון אי־טאַליענישען אמבאַסאדאָר אין וואַשינגטאָן ד. ס., פון ראבי סטיפען וויז, וועלכער האָט געמוזט ערב דעם קאָנגרעס אָפּפּאָה־רען נאָך אייראָפּא, פון אָסקאר ס. שטרויס, געוועזענער אמ־באַסאדאָר אין טערקיי, פון פּראָפ. נחום סלוסטש און פון הונ־דערטע אנדערע פארשיעדענע סאָסייעטיס און אָרגאַניזאַציעס איבער'ן גאַנצען לאַנד.

פּראָפעסאָר דייוויד ווערנער אמרם ווערט פאָרגעשטעלט פון טשערמאַן און אין נאָמען פון די אידען פון פילאַדעלפיא אדרעסירט ער דעם קאָנגרעס:

„איהר זייט געקומען צו אונז אין שטאָדט — האָט מר. אמרם אָנגעפאנגען זיין אדרעס — אלס אן אמעריקאנער קאָנ־

נרעס וואָס רעפּרעזענטירט די אידען פון די פאראייניגטע שטאַ־טען פון אמעריקא און עס איז א דעמאָקראטישער קאָנגרעס פון פאָרשטעהער — ערוועהלט פון מעהר פון דריי הונדערט און דרייסיג טויזענט מענשען, 330,000. דער צוועק פון דיזען קאָנגרעס איז צו באטראכטען און דעפינירען מיטלען און מע־טאָדען דורך וועלכע, מיט דער הילף און קאָאָפּעראציע פון אידען פון דער גאנצער וועלט, צו פארזיכערען די פולע גלייכבארעכטי־גונג פאר די אידען פון אלע לענדער און אָפּצושאפען אלע גע־זעצען וואָס באשרענקען אזעלכע רעכט. עס ליגט אין אייער קראפט, איהר מיטגלידער פון אמעריקאנער אידישען קאָנגרעס, צו זאָגען א גרוים און פיליכט א שטארק וואָרט — רעדט צו דער וועלט אזוי, אז אלע מענשען זאָלען באטראכטען אייערע פאָדערונגען אלס א דעקלאראציע צו אלע מענשען און פעלקער פון דער גאָרער וועלט".

באלד נאָכדעם איז דער קאָנגרעס איבערגעגאנגען צו דער ארבייט פון אָרגאניזאציאָן. לואיס ליפסקי נאָמינירט ריכטער דזשוליען וו. מאק און וויליאם עדלין שלאָגט פאָר דעם ריכטער יהואש (סאָלאָמאָן בלומגארטען) פאר פּרעזידענט. דער רעזול־טאַט נאָך דעם שטימען איז מאק קריגט 323 און יהואש 61 שטי־מען. וויליאם עדלין מאכט א פאָרשלאג, אז דער האָנאָרייבעל ריכטער דזשוליען וו. מאק זאָל ערקלערט ווערען אלס פּרעזידענט פון אמעריקאנער אידישען קאָנגרעס איינשטימיג. ריכטער דזשו־ליען וו. מאק ביים איבערנעמען דעם טשעיר, אלס ערשטער פּרע־זידענט פון אידישען קאָנגרעס, אדרעסירט דעם קאָנגרעס ווי פאָלגט:

„מיר זיינען זיך היינט צוזאמענגעקומען ביים וויגעלע פון אמעריקאנער פרייהייט (אין פילאדעלפיא איז די אמעריקאנער פרייהייט געבוירען געוואָרען) אלס אמעריקאנער בירגער און אלס אידען פון איין ראסע און פון איין גלויבען. דאָס איז א היסטאָרישע געלעגענהייט — צום ערשטען מאָל אין דער גע־שיכטע פון דיזען לאנד זיינען אלע קלאסען, אלע גרופּעס און פּארטייען און אלע פראקציעס, אין וועלכע דאָס אמעריקאנער אידענטום איז ביז יעצט געווען צעטיילט און צעריסען — היינט

אַלע געקומען צוזאמען, אום ערנסט און האָפנונגספאָל צו פאַרהאַנדלען. מיר זיינען אַלע דורכגעדרונגען אין דיזען מאָמענט ניט פון פערזענליכע צוועקען — פאַר אונז זעלבסט פאַרלאַנגען מיר גאָרניט — דאָ, אין אונזער לאַנד, זיינען מיר אידען א וויכטיגע טייל פון אַמעריקאַנער פאָלק מיט פולע רעכט, מיט אַלע אַנדערע בירגער צוגלייך. פאַר דעם געזעץ זיינען מיר אַלע גלייך און מיט פרייד קענען מיר אונטערשטרייכען אונזער פאַרפליכטונג פון אַבסאָלוטער איבערגעבענהייט און טרייהייט צו דער רעגירונג פון פאַראייניגטע שטאַטען און אַלס אידען זיינען מיר באַזונדערס פאַראינטערעסירט אין די פּראָבלעמען פון פּאַלעסטינא און מיר זיינען באַזאָרגט װעגען דעם שיקזאַל פון אונזערע ברידער אין מזרח אייראָפּא, און אויך אין די נייע לענדער פון צענטראַל און מזרח אייראָפּא. עס איז גוט וואָס דיזער קאָנגרעס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אין דער ריכטיגער צייט — אַמעריקאַנער אידענטום ביז יעצט איז געווען ניט איינִיג. מיט צוויי יאָהר צוריק איז דער אינערליכער קאַמף געווען שרעקליך גרוים. מיט אַ יאָהר צוריק איז דער קאַמף קלענער געוואָרען. היינט זיינען מיר פולשטענדיג פאַראייניגט״.

דר. נחמן סירקין שלאָגט פאָר פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס שיקט צו די אידישע סאָלדאַטען און צו די אידישע מאַטראָזען פון אַמעריקאַ און פון די אַנדערע מלחמה לענדער זיין הארציגע באַגריסונג. די מוטיגקייט און די נאָבעלע באַנעמונג אויף אַלע שלאַכטפעלדער פון קריג זיינען אַנערקענט ביי דעם אידישען פאָלק מיט דאַנקבאַרקייט און מיט שטאָלץ. מיר ריהמען זיך און שטאָלצירען מיט די קברים פון די טויזענטער, וועלכע האָבען געבראַכט דעם העכסטען קרבן פאַר דעם ערפאָלג פון דעמאָקראַטי. מיר זיינען אויך געעהרט מיט דעם אומבאַשטרייטבאַרען פאַקט דאָס אין דעם אידישען לאַנד האָבען אידישע סאָלדאַטען מוטהיג געהאָלפען צו באַפרייען דאָס הייליגע לאַנד, און מיר באַגריסען מיט שטאָלץ אַלע אונזערע יונגע מענער, וועלכע האָבען געשאַפען אַן אומפאַרגעסליכען שעהנעם בלאַט אין דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק דורך דעם פרייוויליגען אָנשליסען זיך אַלס מיט־

גלידער פון דעם יעצט אומשטערבליכען אידישען לעגיאָן. מיר פארפליכטען זיך צו היטען און הייליגען די אידעאַלען פאר וועלכע זיי האָבען געקעמפט, אַזוי דאָס די הונדערטער און די טויזענ־טער וואָס זיינען געפאַלען און די מיליאָנען וואָס האָבען געלי־טען, זיינען ניט געשטאָרבען אומזיסט".

דיזע רעזאָלוציע איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען.

פאָלגענדע באַאמטע זיינען פון קאָנגרעס איינשטימיג ער־וועהלט געוואָרען: פּרעזידענט, שוין פריהער דערמאָנט, ריכטער דזשוליען וו. מאַק, וויים פּרעזידענטען: לואיס מאַרשאַל, הערי קאָטלער, הוגא פאם, ליאָן סענדערס, הערי פריעדענוואַלד, אדאָלף קראוז, גדליה בובליק און אלעקסאנדער קאהן. בערנארד ג. רי־טשארד, סעקרעטאַר. געהילפּס סעקרעטאַרען: מאַקס האלענ־דער, אייזיק עלען, מאַרטין אָ. ליוויי (פילאַדעלפיער), וויליאַם עדלין, מאַקס פּיין, דזשייקאָב שיף, טרעזשורער.

## נעקסטע זיצונג אין לולו טעמפּעל

נאָכדעם ווי דער טשערמאַן, דער ריכטער מאַק, האָט גע־עפענט דעם מיטינג, האָט ער פאָרגעשטעלט פאַר דעם קאָנגרעס אַלס נעקסטען רעדנער, דעם פּאָפּולערסטען איד אין אַמעריקאַ, דער פּרעזידענט פון „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע", מר. לואיס מאַרשאַל. אין דעם לענגערען און אויספיהרליכען אדרעס האָט מר. מאַרשאַל געזאָגט פאָלגענדעס:

„עס געפינען זיך צווישען אונז אַזעלכע, וואָס זיינען אין דער פאַרגאַנגענהייט געוועזען פאַררעכענט אַלס אוואַנגאַרד פון ציון, וועלכעס מיר זיינען דאָס קיינמאָל ניט געוועזען, הגם מיר זיינען געוועזען פון די ערשטע צו אַנטוויקלען דאָס הייליגע לאַנד פאַר אַגריקולטור און פאַר אידישער ערציהונג!

...איצט איז די ריכטיגע צייט, ווען דער פאַראייניגטער ווילען פון דעם אידישען פאָלק מוז און זאָל געהערט ווערען ביים פריעדנטיש פון די פעלקער, אַזוי אַז מיר זאָלען ווידער ניט זיין אָפּגענאַרט מיט צוזאָגען און פאַרשפּרעכען ווי דאָס איז געוועזען אין 1878, און מיר זאָלען איצט אַכטונג געבען, אַז דער

רעזולטאט זאָל ניט זיין קיין פראזע פאַר פרייהייט, נאָר א לע־
בעדיגער פאקט. אָבער די סאַמע גרעסטע, וויכטיגסטע און די
סאַמע שווערסטע פון אונזערע אויפגאַבען איז דיזע וואָס באַ־
ציהט זיך אויף פּוילען, וואָס געהט ווערען א נייע אָדער א פאַר־
גרעסערטע מלוכה ; ווי עס פּראָיעקטירט זיך, וועט פּוילען ארייג־
נעמען גאַנץ רוסיש פּוילען, גאַליציע, א טייל פון דייטשען שלע־
זיען און א טייל פון דייטש פּוילען מיט א פענסטער צום באַל־
טישען ים ביי דאַנציג. פּוילען, אזוי געשטאַלטעט, וועט אריינ־
נעמען אין זיך א אידישע באַפעלקערונג פון 4 מיליאָן אידישע
נפשות. עס איז די צוקונפט פון דיזע אונזערע ברידער וואָס
דאַרף אונז זיין נאָהענט צום האַרץ. די גאַנצע צייט וואָס דיזער
קאָנגרעס וועט זיין אין סעשאָן און יעדען מאָמענט פון איצט אָן
ביז דער פרידענס קאָנפערענץ וועט שלום אַרויסברענגען דעם
אורטייל פון באַלדיגער, פולשטענדיגער עמאַנציפּאַציע און גלייכ־
באַרעכטיגונג פאַר די אידען אין פּוילען. מיר באַצוועקען ניט
צו ווידערהאָלען די אומגליקליכע דערפאַהרונג וואָס מיר האָבען
געהאַט מיט רומעניען ביים בערלינער קאָנגרעס.

. . . און אויב מיר ווילען איצט ווידער פאַרפעהלען צו
דערגרייכען אונזער ציל צו באַקומען פולע גלייכבאַרעכטיגונג
פאַר אונזערע ברידער אין פּוילען און אין רומעניען און אין די
אַנדערע צענטראַלע אייראָפּעאישע לענדער — וועט דאָס זיין
די שולד פון אונזער פאַרזעהן, אָדער ניט־אָנשטרענגונג פון אונ־
זערע כחות. מיר דאַרפען איצט באַשטימען און דעפינירען די
געגענשטענדע, די פּראָבלעמען וואָס זיינען צום פאַרהאַנדלען
ביים פרידענס טיש מיט דער באַציהונג צו די אידען, וואָס לע־
בען איצט אין גלות. מיר האָפען, און קענען אין גיכען ערוואַר־
טען, צו זיין געזיכערט מיט די געבענשטע מענשליכע רעכט, צו
וועלכע אונזערע ברידער אין דער גאַנצער וועלט האָבען גע־
שטרעבט און דורך יאָהרהונדערטער געקעמפט און געליטען
פאַרפאָלגונגען און אונטערדריקונג. און וואָס זיינען די רעכט
וואָס מיר קעמפען פאַר זיי ? דאָס איז פרייהייט און גלייכהייט
און דאָס רעכט צו שטרעבען צו גליק !"

ווען לואיס מארשאל האָט געענדיגט זיין היסטאָרישע רע־
דע פאַר דעם אידישען קאָנגרעס, האָט ברודער צוקערמאַן ער־
זוכט דעם טשעיר צו געבען די געלעגענהייט צו דר. חיים זשיט־
לאָווסקי צו אדרעסירען דעם קאָנגרעס.

דער טשערמאַן לאדט איין דר. חיים זשיטלאָווסקי צו רעדען
און ער האלט זיין פאָרטראַג ווי פאָלגט:

„דער נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער פליגעל, האָט דר.
זשיטלאָווסקי אָנגעפאַנגען זיין רעדע, פון דעם ערשטען אמערי־
קאַנעם אידישען קאָנגרעס, האָט מיך באעהרט אַלס זייער ספּע־
ציעלען דעלעגאַט צו באַגריסען דיזען קאָנגרעס פון וועלכען
מיר אַלע ערוואַרטען אַזוי פיעל פאַר אונזער פאָלקס צוקונפט;
מיט א ריינעם געוויסען מעגען די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטען
נעמען זיך דעם הויפּט־קרעדיט פאַר רופען צוזאַמען דיזען קאָנ־
גרעס. מיר גלויבען, אַז דער קאָנגרעס וועט זיך דערהויבען צו
דעם גרויסען ציעל וואָס שטעהט איהם פאָר און וועט דירעקטירען
זיינע אקטיוויטעטען אויף אַן אופן צו איבערצייגען אַז ער פאַר־
שטעהט די באַדייטונג פון דיזע וויכטיגע און ווייט גרייכענדע
טעג.

„דיזער קאָנגרעס עפענט פאַר אונז א נייעם בוך, וואָס וועט
צום ערשטען מאָל אין אונזער געשיכטע זיין באזירט אויף א
ריין־נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט, ניט פארשטעלט און ניט פאַר־
פלאָנטערט דורך אַנדערע נשמה באַגייסטערונגען און טראַדי־
ציעס. דער פונדאַמענט פון אונזער נאַציאָנאַלער געביידע מוז
זיין דער פונדאַמענטאַלער פּרינציפּ פון אָפּטיילען דעם שטאַט
פון רעליגיע; עס מוז זיין א פולשטענדיגע אָפּטיילונג פון אי־
דישע רעליגיעזע באַגריפען און די אידישע נאַציאָנאַלע אידייע,
אָדער אין אַנדערע ווערטער: דאָס אידישע פאָלק מוז אויפ־
שטעלען זיין נאַציאָנאַלען בנין אויף די זעלבע דעמאָקראַטישע
און פרייע פּרינציפּען, וועלכע רעאַגירען אַלע אַנדערע שטאַטען
אין דער וועלט, וואָס עס מיינט: ליכט, וואַרימקייט און געזונד
און די נאָרמאַלע אנטוויקלונג פון פאָלק!

אונזערע פאָדערונגען פון די פעלקער זיינען קלאָר און פאַר־
שטענדליך, ווי פאָלגט: 1) אַן אַנערקענטע און גאַראַנטירטע

נאציאָנאַלע היימלאַנד פאַר די אידען אין פּאַלעסטינאַ, 2) פולע ציווילע, רעליגעזע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט אין די לענדער, וואו אַזעלכע רעכט ווערען פאַרלאַנגט. און 3) אַ באַשטענדיגען אידישען קאָנגרעס אין אַמעריקאַ און אַן אַלוועלטליכען אידישען קאָנגרעס אין דער וועלט. לאַנג לעבען זאָל ישראל! דאָס פאַראייניגטע אידענטום לעבט! די פאַרברידערונג פון מענשען לעבט! און אַ גלענצענדע צוקונפט פאַר פעלקער און נאַציאָנען!"

באַלד נאָך איהם האָט ראַבּי מאיר בערלין, דער פאָרשטעהער פון דעם מזרחי, אַדרעסירט דעם קאָנגרעס ווי פאָלגט:

„צוזאַמען מיט אייך, פאַר די לעצטע 3 יאָהר, האָב איך געוואַרט פאַר דעם גליקליכען מאָמענט, ווען אַלע אַמעריקאַנער אידען וועלען זיך פאַרזאַמלען אין דעם אידישען קאָנגרעס.

... מיר, די מזרחי פראַקציע פון דעם ערשטען אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס, מיט וועלכער עס זיינען פאַראייניגט אַלע רעליגיעז־נאַציאָנאַלע אידען, וואָס זיינען דאָ פאַרזאַמעלט, ערוואַרטען פון דעם קאָנגרעס צום אַלעם ערשטען די פאַרשטאַרקונג פון אידענטום ניט נאָר אויסערליך, נאָר אויך איינערליך. דער גייסט פון פרייהייט מוז ברענען אין אונז אַזוי דאָס מיר זאָלען שטעלען אונזערע טריט פאָרווערטס און ניט אומקערען זיך צוריק. ווען די געלעגענהייט קומט מוזען מיר זיך מיט איהר באַנוצען מיט כח און קונסט. מיר גלויבען אַז נאָר דאַן וועלען מיר זיך צוריקקערען אין פּאַלעסטינאַ, ווען מיר וועלען זיך איבערגעבען צום אידענטום, ניט פאַרטייטשט אין פרעמדע שפּראַכען אָדער אַנדערע פאָרמען פון רעליגיע. מיר האַלטען אַז אַזעלכע פאַרטייטשונגען זיינען געפעהרליך אין אַזאַ צייט ווי דיזע. ווען אַלע עלעמענטען פון אידנעטום קומען צוזאַמען אין אַ גרויסער קאָנווענשאָן, דאַרפען מיר צו־ערשט זוכען אַזעלכעס וואָס וועט אונז פאַראייניגען און ניט צעטיילען. די מזרחי פראַקציע אינטערעסירט זיך ניט נאָר מיט דער פראַגע פון פּאַלעסטינאַ, נאָר מיט דער אידענפראַגע אין אַלע לענדער און זייערע פאָדערונגען פאַר נאַציאָנאַלע רעכט! נאַציאָנאַלע רעכט מיינט די זיכערקייט פון אונזערע שבתים

און ימים טובים, פון אונזערע שוהלען און אונזער שפראך. מיר פאָדערען אַלע רעכט וואָס זיינען אַ נויטווענדיגקייט פאַר דער זיכערקייט און דעם וואוילזיין פון אונזער פאָלק; מיר פאָדערען דאָס די פינסטערניש וואָס רינגעלט אונז ארום זאָל פאַרשווינדען. די פריווילעגיעס און רעכט וואָס מיר באַזיצען זאָלען פון אונז ניט אוועקגענומען ווערען. מיר גלויבען אַז אזוי גוט ווי מיר נויטיגען זיך אין אַן אומאָפּהענגיגע מאַטע־ריעלע רעגירונג אין פּאַלעסטינא — אַזוי אויך נויטיגען מיר זיך אין אַן אומאָפּהענגיגער גייסטיגער רעגירונג אין פּאַלעס־טינא און אין די לענדער, וואו אידישע רעכט זיינען באַגרעניצט. לאָמיר זיין זיכער דאָס אין דער צייט ווען מיר בויען נייע בנינים זאָלען מיר ניט פאַרניכטען אַלטע און הייליגע זאַכען. מיר גלויבען אַז וואָס מעהר מיר האַלטען זיך ביים אידענטום אַלץ שטאַרקער וועלען אידען פאַרבלייבען.

## זיצונג אין לולו טעמפּעל

דער מיטינג האָט זיך גענעפענט מיט פּרעז. ריכטער מאַק אין טשעיר.

פאָלגענדע רעזאָלוציע איז פאָרגעשלאָגען און אָנגענומען געוואָרען:

דער קאָנגרעס דריקט אויס אַן עפענטליכען דאַנק צו די העררן דעלעגאַטען, בערנאַרד ג. ריטשאַרדס, סעקרעטאַר, און דזשייקאָב קאַרלינגער, עהרען פינאַנס־סעקרעטאַר, פאַר זייערע אומערמידליכע דינסט אין פאַרבינדונג מיט צוגרייטען און פאָר־באַרייטען די אַרבייט פון אָרגאַניזירען דעם אַמעריקאַנעם אידי־שען קאָנגרעס.

דר. פריעדענוואַלד שלאָגט פאָר אויסשפרעכען א דאַנק צו פּראָפעסאָר יצחק אייזיק הורוויטש, וועלכער האָט אַלס טשער־מאַן פון דער גענעראַל באָארד אָוו עלעקשאָן געלייסטעט אומשעצבארע דיענסט אין אָרגאַניזירען די וואהלען איבער דעם גאַנצען לאַנד — דער פאָרשלאַג איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען.

דער טשערמאַן האָט דאַן איינגעלאַדען די דעלעגאַטען און געסט צו אַדרעסירען דעם קאָנגרעס: פאָלגענדע האָבען קורצע און זאַכליכע אָנשפּראַכען געהאַלטען: רעוו. ה. מאַסליאַנסקי, מאָרים ווינטשעווסקי (דער זיידע), דער דיכטער יהואש (סאָלאָמאָן בלומגאַרטען), שלום אַש, דוד פּינסקי, אידיש, און ראובן בריינין און מ. דאָליצקי האָבען גערעדט אין העברעאיש. דאַן ווידער אין אידיש: אברהם רייזען, דר. מנחם שיינקין ע"ה, רעוו. אבראַמאָוויץ, מאַקס פּיין ע"ה, ראַבי אָשינסקי און צום לעצט האָט גערעדט ראַבי מאַקס העלער אין ענגליש.

„אין מיינע ענגלישע יאָהרען, האָט ראַבי העלער אָנגעפאַנגען זיין אַדרעס, בין איך געוועזען געוואוינט צו פרעגען די מה נשתנה'ס און איצט פרעג איך זיך ווידער מה נשתנה?... מיט וואָס איז דיעזע אסיפה פאַרענדערט פון אַלע אסיפות פון אַ גאַנץ יאָהר און פון אַלע צייטען אין גלות?!! איך האָף, אַז איך וועל ניט מיספאַרשטאַנען ווערען ווען איך וועל גלייך פון אָנפאַנג באַמערקען אַז דערהויפּט אונטערשיידט און צייכענט זיך אויס דיזע פאַרזאַמלונג מיט דער כאַאָטישער, טומלדיגער און אומבאַזיגבאַרער אונאָרדנונג. — ... איך בין שטאָלץ אויף דיעזען טומעל און אומרוה! ווי זאָנדערבאַר עס זאָל ניט קלינגען אַזאַ באַמערקונג — . מיט דער צייט האָב איך גענומען עס גלייכען, ווייל דאָס איז געוועזען דער אומרוה און דער טומעל ניט פון אונאויפמערקזאַמקייט און ניט פון גלייכגילטיקייט — דאָס איז געוועזען די אונאונטערדריקבאַרע אויפרעגונג פון ענטהוזיאַזם, פון באַגייסטערונג. דיעזע אומאָרדנונג איז געוועזען קאָמפּליצירט מיט נאָך אַ מה נשתנה, מיט דעם צוזאַמענמיש פון שפּראַכען; — אידיש און העברעאיש האָבען געפאָלגט איינע נאָך דער צווייטער. — עס זיינען דאָ געוועזען מיינע פריינד וואָס האָבען רעבעלירט קעגען דיעזען כאַאָס און זיי האָבען עס געוואָלט אָפּשטעלען. מיין ענטפער צו זיי איז געוועזען: פאַרוואָס זאָלט איהר בעסער ניט לערנען אייער ברודער'ס האַרציגען לשון, די וואונדערבאַרע שפּראַך פון די נביאים און דעם ווייכען, פליסיגען אויסדרוקבאַרען לשון פון גלות? — דאָס זיינען צוויי פענסטער פון דער אידישער נשמה אָהן וועלכע

מען בלייבט אויף אייביג פרעמד פון דעם אידישען זשעני, פון דעם אידישען לעבען! —

פאָלגענדע רעזאָלוציע איינשטימיג אָנגענומען: דיעזער קאָנגרעס שפּרעכט אוים א דאנק פאר דער הארציגער גאסט־פריינדשאפט וואָס עס איז פון דער פילאדעלפיער אידישער גע־מיינדע צוגעטהיילט געוואָרען צו די דעלעגאטען און א באזונ־דערן דאנק און אן ערענסטע אָפּשאצונג צו דער אָרגאַנזשמענטס קאָמיטע פאר דער אַלזייטיגער באמיהונג צו מאכען דיעזען קאָנגרעס אן ערפאָלג!

## וויטערדיגע זיצונג אין לולו טעמפּעל

ריכטער מאק עפענט דעם מיטינג און לעזט פאָר אן עדי־טאָריעל פון דער ענגלישער צייטונג „ניו־יאָרק איווינינג טעלע־גראם" פון 10טען דעצעמבער, 1918. דאָס קעפּעל לויטעט: „דער איד און די מלחמה" און עס לייענט זיך אזוי: „אז דער איד באזיצט מוטה און איז בראוו, איז באוואוסט צו יעדען איי־נעם וואָס איז באקאנט מיט דעם „פּרייז רינג". אידען האָבען אין דער פארגאנגענהייט זיך אויסגעצייכענט און געוואונען דעם פּרייז אלס קינסטלער שלעגער — איצט ווערט ארויסגע־בראכט אן אינטערעסאנטער עפּיזאָד וועגען דעם אידען און דער מלחמה. מארטין קארבי, דער דירעקטאָר פון די מלחמה רעקרוטען אין ניו־יאָרק, האָט וואָס צו דערצעהלען: אלע וויסען פון דעם „פאַרלוירענעם לעגיאָן", וועלכער האָט זיך אומשטערבליך באריהמט געמאכט אין דער שלאכט פון „ארגאָן וואלד" אין פראנקרייך. עס איז געווען א אידישער באטאליאָן, באשטעהענד פון פּושקארט פּעדלערס, שניידערס, באָטענהאָל־מאכער און דער גלייכען. זיי זיינען דאָס געווען די חברה׳לייט וואָס האָבען באגייסטערט זייער קאָמאנדיר מר. וויטטלעסי. ווען ארומגערינגעלט פון די דייטשע סאָלדאטען, האָבען די לעצטע געפאָדערט אז דער „לעגיאָן" זאָל זיך אונטערגעבען — דער ענטפער איז געווען פון די זעלביגע אידישע פּושקארטניקעס און שניידערס מיט א הילכיגען אויסגעשריי: „גאָ טו העלל"

געהט צום טייפעל... דיזער מוטהיגער ענטפער האָט געדעטעט דעם לעגיאָן פון פארניכטונג... אזוי, זאָגט מר. קארבי, האָבען אונזערע אדאָפטירטע בירגער פון אמעריקא זיך ערוואָרבען גרויס כבוד און אנערקענונג. די זעלביגע מוטהיגע העלדענ־טהאט האָבען אונזערע אידישע סאָלדאטען באוויזען אויף די שלאכטפעלדער פון אלע אנדערע פעלקער אין דער וועלט־מלחמה און דערפאר זיינען זיי בארעכטיגט צו אנערקענונג און פולע מינאָריטעט רעכטע. —

פאָלגענדע רעזאָלוציע איז איינשטימיג דורכגעפיהרט גע־וואָרען:

„דער אמעריקאנער אידישער קאָנגרעס זאָל ערוועהלען א דעלעגאציע פון 7 מיטגלידער, וועלכע זאָלען אפּפאָהרען נאָך אייראָפּאַ אזוי באלד ווי מעגליך און דאָרט צוזאמען מיט פאָרשטעהער פון אידען פון אנדערע לענדער זאָלען זיי אָנ־ווענדען זייער מיה און כחות צו דערגרייכען די באשטרעבונגען און אלעס, פאר וועלכען דיעזער קאָנגרעס איז צוזאמענגרופען געוואָרען, אין איינקלאנג מיט די אינסטרוקציעס פון דיעזען קאָנגרעס; און ווייטער איז באשלאָסען געוואָרען דאָס די דע־לעגאציע זאָל באריכטען צום קאָנגרעס נאָכדעם ווי זייער אר־בייט אין אייראָפּא איז געענדיגט; דער פרעזידענט ווערט אויפ־געפאָדערט צו פאררופען ווידער דעם קאָנגרעס צו אויסהערען דעם רעפּאָרט פון דער דעלעגאציע ניט שפּעטער פון איין יאָהר נאָכדעם ווי דער פריעדענס־טראקטאט וועט זיין אונטערגע־שריבען!

באשלאָסען ווייטער, דאָס דער אידישער קאָנגרעס, איידער ער שליסט זיך זאָל דורך די דעלעגאטען צייגען זיין רעספּעקט און לאָיאליטעט צום לאנד און באזוכען די „ליבערטי בעל״, דעם באפרייאונגס גלאָק אין אינדעפּענדענס האָל אלס קער־פּערשאפט — און א קאָמיטע פון פינף זאָל באשטימט ווערען דאָס אלץ צו אראנזשירען. אין דער קאָמיטע זיינען אריין יעקב גינסבורג, טשערמאַן; דר. לואיס רובינזאָהן, טשערמאַן פון דער לאָקאלער קאָנגרעס קאָמיטע; לואיס א. ליוויי;

לאָיער דזשאָזעף ל. קוהן (איצט ריכטער) און אדאָלף קראוז. און עס איז געווען אָראַנזשירט אַז דעם 18טען דעצעמבער 1918, 11 אוהר פאַרמיטאָג, זאָל דער באַזוך אין אינדעפּענדענס האָל שטאַטפינדען.

## לעצטע זיצונג אין לולו טעמפּעל

ביי דער שלום־זיטצונג דעצעמבער 18טען 1918, אין לולו טעמפּעל עפּענט ריכטער מאק די פאַרזאַמלונג און פאָלגענדע מערקווירדיגע באַגריסונגס־טעלעגראַם איז ערהאַלטען און פאָרגעלעזען געוואָרען פון קאַטוילישען גייסטליכען ז. ז. קוראַאַן פון ווילקעסבארי פאַ.: „מיין האַרץ פיהלט שטאָלץ צו זעהן די איינשטימונג און האַרמאָני פון אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס, וואָס האַלט איצט זיינע מיטינגען. מעג באַלייכטענדער און צופרידענשטעלענדער ערפאָלג באַגלייטען אייער נאָבעלע ארבייט און קרוינען אייערע ראַסען־שטרעבונגען און באַגייסטערונג אין ליכט פון אַ נייעם ציוניזם און אַ מאָדערנעם יודענטהום"!

לואיס מאַרשאַל האָט פאָרגעשלאָגען פאָלגענדע רעזאָלוציע, וועלכע איז בעסער באקאנט אלס „ביל אָוו ־רייטס" און פאַנגט זיך אָן ווי פאָלגט: באַשלאָסען דאָס דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס ערזוכט מיט גרויס דרך ארץ די פריעדענסקאָנפערענץ איינצושליסען אין דעם פרידענסטראַקטאַט, איידער עס ווערען געשאַפען אָדער פאַרגרעסערט נייע לענדער און רעגירונגען, אַז די פאָלגענדע באַדינגונג זאָל געמאַכט ווערען אלס טהייל פון די קאָנסטיטוציעס פון יענע לענדער אָדער רעגירונגען, איידער עס ווערט דער אָפּמאַך פון די גרויס מעכטע אונטערגעשריבען.

די רעזאָלוציע באַשטעהט פון זיבען פונקטען, פון וועלכע דער וויכטיגסטער איז: אַלע בירגער אָהן דעם אונטערשיעד פון ראַסע, נאַציאָנאַליטעט, אָדער גלויבען זאָלען געניסען גלייכע ציווילע, פּאָליטישע, רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע רעכטע און קיינע געזעצען זאָלען ניט פאַרשמעלערען אָדער ארויפצווינגען וועלכע עס איז אונטערשייד, אומפּאַסיגקייט אָדער באַגרעניצונ־

גען, אָדער בארויבען וועלכע פּערזאָן פון גלייכער באשיצונג פון געזעץ.

פאָלגענדע דעלעגאַטען זיינען ערוועהלט געוואָרען פון קאָנ־גרעס אלס די קאָמישיאָנערס צו אָפּרייזען נאָך אייראפא צום פרידענס קאָנפערענץ. ריכטער דזשוליען ב. מעק, ראבאי סטי־פען וויז, לואים מארשאל, קוירנעל הערי קאָטלער, דזשייקאב דע האאַז, ראַבי ב. ל. לעווענטהאל, יוסף באַראנדעס, דר. נחמן סירקין, מאָרים ווינטשעווסקי (דער זיידע) און בערנארד ג. ריטשארדס, סעקרעטאר פון דער קאָמישאָן.

אויף דעם פארלאַנג פון טשעיר האָט לאָיער (איצט ריכ־טער) דזשאָזעף ל. קוהן אדרעסירט דעם קאָנגרעס:

אין נאָמען פון דער אידישער קהילה פון פילאַדעלפיאַ, האָט מר. קוהן דערמאָנט דעם גליקליכען צופאל, וואָס האָט צוזאַמענגעבראַכט דעם אידישען קאָנגרעס אין פילאַדעלפיאַ, וואו די אַמעריקאַנער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט איז גע־בוירען געווארען, און מר. קוהן האָט גערעדט וועגען דער באַגייסטערענדער סצענע, וואָס די דעלעגאַטען האָבען בייגע־וואוינט ווען זיי האָבען באַזוכט דעם אינדעפּענדענס האָל. מר. קוהן האָט געענדיגט זיין אַדרעס, ווינשענדיג דער קאָמישאָן אין יוראָפּ גליק און גאָטעס־זעגען אין זייער שליחות אויף דער היסטאָרישער רייזע.

פאָלגענדע זיינען געווען די ערוועהלטע פילאַדעלפיער דע־לעגאַטען צום אידישען קאָנגרעס. דר. ראבי דזשאָזעף קרייז־קאָפּף ,ראַבי ב. ל. לעווענטהאל, דר. ב. ל. גאָרדאָן, ריכטער הענרי מ. וועסעל, פּראָפעסאר דייוויד ווערנער עמרם, דר. לואים ס. רובינזאָהן, משה קאַטץ, לאָיער דזשאָסעף גראָס, דזשייקאָב גינזבורג, פּראָפעסאָר חיים פיינמאַן, לואים עדווארד ליוויי, ראבי מארווין נייטהען, מרס. ה. לאוענבערג, מארטין אָ. ליוואַי, אדאלף ראָזענבלום, טשארלס ליפשיטץ, פּראָפ. מאקס ל. מארגולים, וויליאם ב. ליעף און מ. ק. בן עמי. דעלעגאַטען פון אינדעפּענדענט ארדער ברית שלום פילאדעלפיא: ס. בערקאָ־וויטש, מ. האָבער, סאָל. ס. קראוז, אייזעק וויים, דזשאָזעף ל. קוהן, ריכטער מייער זולצבערגער און אפרים לעדערער פון פילא־

דעלפיא זיינען געוועזן די דעלעגאטען פון אמעריקאן דזשואיש קאמיטע, און לאיער דזשייקאב זינגער — א דעלעגאט פון אר־דער בני ברית.

## רעפּאָרט פון אמעריקאנער אידישער קאָנגרעס דעלעגאַציע אין פּאריז

מאי דעם 30טען, 1920, האָט זיך דער אַמעריקאַנער אידי־שער קאָנגרעס ווידער פאַרזאַמעלט אין פילאַדעלפיאַ אויסצו־הערען דעם באַריכט פון דער דעלעגאַציע, וואָס איז געשיקט געוואָרען צו פאָרלייגען די באַשליסע פון דעם אידישען קאָנ־גרעס, צוזאַמען מיט די אידישע דעלעגאַטען פון אַנדערע לענ־דער, פאַר דער פריעדענס־קאָנפערענץ קיין פּאַריז.

דעם מיטינג האָט געעפענט דער ווירדיגער ריכטער דזשו־ליען וו. מאַק און שטעלט פאַר דאָקטאָר לואיס ס. רובינזאָהן, טשערמאַן פון דער פילאַדעלפיער קאָמיטע צו באַגריסן די דע־לעגאַטען צום קאָנגרעס.

אין זיין אַדרעס האָט דער דאָקטאָר אויסגעדריקט די האָפנונג אַז די דעלעגאַטען וועלען פאַרהאַנדלען די געשעפּטען פון קאָנגרעס מיט איבערלייגונג און אין גייסט פון פריעדען און הארמאָניע. עס רעדען נאכהער דער וועטעראַן און פילאַנטראָפּ, נייטהען שטראַוס, און ריכטער גוסטאַוו האַרטמאַן פון ניו־יאָרק. עס אנטוויקעלט זיך א הייסע דעבאַטע וועגען א פאָרשלאַג אז דער קאָנגרעס זאָל זיך ערקלעהרען אַלס פּערמאַנענטע קערפּערשאַפט אויף פאַר דער צוקונפט. מר. שמר און ריכטער האַרטמאַן פאַר־טהיידיגען דעם פאָרשלאַג און דער טשערמאַן ריכטער מאַק ערקלעהרט דעם פאָרשלאַג אויסער אָרדער, דערפאַר וואָס דער אָפּמאַך איז געוועזן, אַז דיעזער קאָנגרעס זאָל זיך ענדיגען באַלד ווי די דעלעגאַטען וועלען אָפּגעבען זייער באַריכט פון פאריז. צו האַנדלען אַנדערש, האָט דער ווירדיגער ריכטער ערקלעהרט, וועט הייסען פאַרשוועכט דעם עהרענגעפיהל פון דעם אָפּמאַך — ער וועט, האָט אויסגערופען דער ריכטער, ליבערשט גלייך

רעזיגנירען פון טשערמאַנשיפּ איידער צו ברעכען דעם אָפּמאַך און פאַרלעצען דעם פּרינציפּ פון אַ „דזשענטלמענס אַגרימענט" — איהר קענט יאַ, האָט דער טשערמאַן באַמערקט, נאָכדעם ווי דיזע סעסיע וועט זיין געשלאָסען, גלייך צוריק זי עפענען און מאַכען א פאָרשלאַג, אויב די מאַיאָריטעט פון די דעלע־גאַטען וועלען דעם פאָרשלאַג אונטערשטיצען, אַז פון יעצט אָן זאָל דער קאָנגרעס זיך ערקלעהרען אַלס אַ פּערמאַנענטע קערפּערשאַפט פאַר דעם זעלבען ציעל וואָס ער איז געגרינדעט געוואָרען. מר. שמר אַפּעלירט געגען דער אַנטשיידונג פון דעם טשערמאַן צו די דעלעגאַטען, וועלכע האָבען מיט אַ מאַ־יאָריטעט געשטימט געגען שמר'ס אַפּיעל.

נאָכדעם ווי דער טשערמאַן הערט אויס אַן אויספיהרליכען באַריכט וועגען דער טהעטיגקייט פון קאָנגרעס פון דעם עקזעקו־טיוו סעקרעטאַר בערנאַרד ג. ריטשאַרדס, פאַר וועלכען דער קאָנגרעס באַדאַנקט איהם שעהן פאַר דער גוטער אַרבייט, פאָדערט דער טשערמאַן, ריכטער וו. מעק, אויף לואיס מאַרשאַל צו אָפּגעבען דעם באַריכט פון דער דעלעגאַציע ביי דער פריע־דענסקאָנפערענץ אין פּאַריז.

מר. מאַרשאַל האָט אָנגעפאַנגען זיין לענגערען רעפּאָרט מיט דעם עפּיזאָד פון ראַביי סטיפען וויזז, וועלכער איז דאַן גע־ווען אין יוראָפּ, און וועלכער האָט זיך געזעהן מיט פּרעזי־דענט ווילסאָן אין „ווילאַ מוראַט" פון פּאַריז און דער פּרע־זידענט האָט זיך אויסגעדריקט אַז ער וויל זיך צוערשט זעהן, ווען ער וועט זיך אומקעהרען צוריק אין אַמעריקאַ, מיט די דעלעגאַטען און פּערזענליך הערען זייער פאַרלאַנג — עס איז דאַן באַשלאָסען געוואָרען, גיט איבער ווייטער מר. לואיס מאַרשאַל אין זיין באַריכט, אַז די דעלעגאַטען ריכטער מאַק, ל. מאַרשאַל, דר. וויים און ריטשאַרדס זאָלען אָפּוואַרטען דעם פּרעזידענט ווילסאָן'ס צוריקקומען אין לאַנד, און, ווי אָפּ־געמאַכט, האָט דער פּרעזידענט דעם 2טען מאַרטש 1919 זיך געטראָפען אין ווייסען הויז אין וואַשינגטאָן מיט דער באַ־שטימטער דעלעגאַציע. צוויי עקזעמפּליאַרען פון די באַ־שליסע פון אידישען קאָנגרעס זיינען איהם איבערגעגעבען

נעוואָרען מיט פּערזענליכע ערקלעהרונגען און זיי האָבען אָנ־
געגעבען די אורזאכע אויף וואָס זיי שטיצען זיך אין זייערע
פאַרלאַנגען און באַהויפּטונגען. איין רעזאָלוציע האָט זיך
באַצויגען אויף דער גלייכבאַרעכטיגונג פון די אידען אין מזרח
אייראָפּאַ, און אַ צווייטע רעזאָלוציע וועגען די רעכטע פון
אידישען פאָלק אויף פּאַלעסטינאַ — . דער פּרעזידענט,
וואודראָו ווילסאָן, האָט דער דעלעגאַציע באַפּאָלמעכטיגט צו
דערקלעהרען אין זיין נאָמען אַז זיי האָבען איהם געפונען
סימפּאַטיש און פולשטענדיג איינפערשטאַנען מיט דעם אומ־
באַשטרייטבאַרן רעכט פון די אידן איבעראַל צו דער גלייכ־
באַרעכטיקונג פאַר דעם געזעץ — און וועגן פּאַלעסטינע
האָט דער פּרעזידענט באַמערקט, אַז איך האָב שוין פריהער
פערזענליך אויסגעשפּראָכען מיין צושטימונג צו די באַגייס־
טערטע און היסטאָרישע רעכטע פון אידישען פאָלק אויף
פּאַלעסטינאַ . . .

קומענדיג קיין פּאַריז האָט לואיס מאַרשאַל פּאָרטגע־
זעצט זיין באַריכט, האָט די דעלעגאַציע פון אַמעריקאַנער
אידישען קאָנגרעס דאָרט אָרגאַניזירט די פאַראייניגטע אידישע
אָרגאַניזאַציע, מאַרטש דעם 22טען, 1919, און דער ריכטער
דזש. וו. מעק איז ערוועהלט געוואָרען טשערמאַן און קאָ־
לאָנעל הערי קאָטלער — טרעזשורער. דיעזע אָרגאַניזאַציע
איז געגרינדעט געוואָרען מיט דעם צוועק אויסצומיידען די
באַזונדערקייט און צוטהיילונג פון די פערשיעדענע אידישע
אָרגאַניזאַציעס פון אַנדערע לענדער אום זיי זאָלען ארבייטען
קאָאָפּעראַטיוו און האַרמאָניש. דער רעזולטאַט איז געווען
דאָס אַ קאָנפערענץ קאָמיטע איז איינשטימיג ערוועהלט גע־
וואָרען מיט דעם צוועק מען זאָל אויסאַרבייטען אַן איינהייט־
ליכען פּלאַן מיט פאַראייניגטע אַנשויאונגען אַלס אַ באַזיס
צו אַדרעסירען די פריעדענס קאָנפערענץ !

מאי דעם 10טען, 1919, האָט די פאַראייניגטע דעלעגאַ־
ציע איבערגעגעבען אַ ביל אָוו רייטס דעקלאַראַציע מיט פאָ־
דערונגען און באַשליסע צום סעקרעטאַריאַט פון פריעדענס־
קאָנפערענץ, וועלכע האָט געלויטעט ווי פאָלגט :

„צו זייער האָהייט דעם פּרעזידענט און מיטגליעדער פון פּרידענס קאָנפערענץ:

„די קאָנפערענץ פון פאראייניגטע אידישע אָרגאניזא־
„ציעס, וואָס רעדען אין נאָמען פון ניין מיליאָן אידען אין
„פארשיידענע לענדער, גיבען איבער צו אייער געעהרטע קער־
„פּערשאַפט די פאָלגענדע באשליסע און פארלאנגען, וועלכע
„באצוועקען דערמיט צו באשיטצען די פיעלע נאציאָנאלע,
„רעליגיעזע, ראסען און שפּראכען מינאָריטעטען פון בולגא־
„ריע, עסטאָניע, פינלאנד, גריכענלאנד, ליטע, פּוילען, רומע־
„ניען, רוסלאנד, טשעכאָסלאָוואקיע, אוקראינע, יוגאָסלאוויע
„און אנדערע איסטערן און צענטראלע אייראָפּעאישע לענדער
„און מיר אפּעלירען מיט אונזער גאנצער ערענסט אריינצו־
„נעמען און אינקאָרפּאָרירען אין די פארשיעדענע טריטים
(טראקטאטען), וועלכעס וועט זיין, ווי עס איז צו ערווארטען,
„דער רעזולטאט פון אייערע פערהאנדלונגען — עס זאָל בא־
„וויליגט ווערען דאָס רעכט פאָרצולעגען אזעלכע מאָדיפיקא־
„ציעס, וואָס וועלען זיין נויטיג לויט די ספּעציעלע קאָנדי־
„ציעס וואָס עקזיסטירען אין די אויבענדערמאָנטע לענדער".

נאָכדעם פאָלגט א פאָרמע פון אן אויספיהרליכען אגרי־
מענט מיט 11 פּונקטען, וואָס יעדע נייע אָדער פארגרעסער־
טע רעגירונג האָט געמוזט אונטערשרייבען אלס א טהייל פון
דער טריטי. אונטערגעשריבען זיינען געוועזן די פאָלגענדע
אָרגאניזאציעס: פאר אמעריקע — אמעריקען־אידישער
קאָנגרעס; פאר קאנאדע — קאנאדער אידישער קאָנגרעס;
פאר טשעכאָסלאָוואקיע — אידישער נאציאָנאלער קאָנסיל,
פאר מזרח גאליציע — נאציאָנאלער אידישער קאָנסיל; פאר
איטאליען — קאָמיטעט פון קאָמיטעס, ציון פעדעריישאָן,
ראביניקאל פעדעריישאָן; פאר פּאלעסטינע — אידישע קאָנ־
סטיטועגט אסעמבלי; פאר פּוילען — אידישער נאציאָנא־
לער קאָנסיל; פאר רומעניען — אָפיציעלע פּובליקאציע פון
ציוניסטישער פעדעראציע, יוניאָן פון געבוירענע אידען און
פּועלי ציון יוניאָנס; פאר רוסלאנד — אידישער נאציאָנא־
לער קאנסול, פאר אוקראינא אידישע נאציאָנאלע אסעמב־

לי . אָרגאַניזאַציעס: „אמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע", בני ברית, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, געשריבענע מאַנדאַטען פון סאַלאָניקי, גריכענלאַנד, טראַנסילוואַניע און בוקאָווינא!

אָפּיסערס פון דער קאָנפערענץ קאָמיטע אין פּאַריז: — פּרעזידענט, דזשוליען וו. מאַק; וויים פּרעזידענטען: לואיס מאַרשאַל, לעאָן רייך, ישראל ראָזאָף. נחום סאָקאָלאָוו, מנחם אוסישקין, הערי קאָטלער, מעמבערס פון קאָמיטע אָפּיסערס — און לעאָן מאָצקין, גענעראַל סעקרעטאַר.

נאָכדעם ווי עס פאַלט אַ פאָרשלאַג פון דעלעגאַט מר. לוריע פון טשעלזיא, מאַסס., אַז דער קאָנגרעס דאַנקט ווידער־אַמאָל הארציג און אויפריכטיג די אידישע קאָנגרעס קאָמי־טע פון פילאַדעלפיע פאַר דער גאַסטפריינדליכקייט און האַר־ציגע אויפנאַהמע וואָס די אַראַנדזשמענטס קאָמיטע האָט גע־צייגט צו די דעלעגאַטען פון קאָנגרעס — שליסט דער טשער־מאַן ריכטער דזשוליען וו. מאַק דעם ערשטען אַמעריקאַנעם אידישען קאָנגרעס.

## צייט און פּלאַץ פון פאַרזאַמלונגען פון א. א. קאָנגרעס

די פאָר־קאָנפערענץ פון אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען מאַרטש 25-26, 1916 אין וואָל־טען האָטעל, פילאַדעלפיע, פּאַ.

דער ערשטער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס האָט שטאַט־געפונען דעצעמבער 15-18 אין 1918 אין מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז און אין לולו טעמפּעל, פילאַדעלפיא.

דער צווייטער — מאַי 30-31, 1920 אין בעלוויו סטראַט־פאָרד האָטעל, פילאַדעלפיא.

די ערשטע סעסיע פון דעם רעאָרגאַניזירטען באַשטענ־דיגען קאָנגרעס דעם זעלבען דאַטום אין אַדעלפיא האָטעל.

דער דריטער אַמעריק. איד. קאָנגרעס איז געווען מאַי 21-22, 1922 אין פילאַדעלפיא.

דער פערטער אַמעריקאַנער איד. קאָנגרעס, אָקטאָבער 14-16, 1923, אין נויאָרק.

דער פינפטער — אָקטאָבער 25-26, 1925 אין פילאַדעל־פיא, פּאַ.

דער זעקסטער — פעברואַר 20-21, 1927 אין וואשינג־טאָן, די. סי.

דער זיבעטער — מאַי 19-20, 1929, אין אַטלאַנטיק סיטי, נ. דזש.

דער אַכטער — אָקטאָבער 18-19, 1930 אין וואשינג־טאָן די. סי.

דער נייעונטער — אָקטאָבער 19-20, 1931 אין פילאַ־דעלפיא, פּאַ.

פון די קאָנגרעסן זיינען 5 קאָנגרעסן אָפּגעהאַלטען גע־וואָרען אין פילאַדעלפיא.

## דער שטילשטאַנד פון אידישען קאָנגרעס

ווי געזאָגט, איז מאַי דעם 30טען 1920, אָפּגעהאלטען געוואָרען אין פילאַדעלפיא די צווייטע זיצונג פון דעם אמע־ריקאַנעם אידישען קאָנגרעס, וואו דער פאַרשטאָרבענער לואי מאַרשאַל האָט אָפּגעגעבען אַ פאָלשטענדיגען באריכט וועגען די פאַרהאַנדלונגען איבער אידישע ענינים ביים פריע־דענס קאָנפערענץ אין ווערסייל, פראַנקרייך. און נעמליך: די אַנערקענונג פון מינאָריטעטען און נאַציאָנאַלע רעכט ביי די ניי־געשאַפענע מלוכות, און די באשטעטיגונג פון באלפור דעקלאַראַציע, וועלכע האָט פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פון אידישען פאָלק אויף פּאַלעסטינאַ אַלס אידישע היימלאַנד. נאָכדעם ווי דער ווירדיגער ריכטער ו. מעק, וועלכער איז דאַן געווען פּרעזידענט, האָט געשלאָסען, לויט אַ פריהערדיגען אָפּמאַך, אויף שטענדיג די זיצונג פון אידישען קאָנגרעס — האָט ראַבי סטיפען ווייז געעפענט דעם מיטינג און דערקלערט דעם אמעריקאַנעם אידישען קאָנגרעס אַלס אַ פּערמאַנענטע, דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע, וועלכע וועט איהר עקזיסטענץ אָנהאַלטען אויך אין דער צוקונפט און פאַרזאַמלען זיך און אָפּהאַלטען קאָנפערענצען און קאָנווענשאָנס פון צייט צו

צייט לויט ווי אומשטענדען און קאָנדיציעס ווען דאָס פאָ־
דערען.

ראבי סטיפען ווייז איז באלד ערוועהלט געוואָרען אלס פרעזידענט און פיהרער פון דער נייער שטרעמונג, וועלכע איז געווען געשטיצט און אנערקענט מעהרסטענס פון דעם נאציאָנאל־ראדיקאלען עלעמענט, ווי די פוע"צ, צעירי ציון און אנדערע נאציאָנאל־געזאָנענע מיטגלידער פון אידישע אָר־גאניזאציעס און אידישע נאציאָנאלע אָרדענס.

מיט גרויס באגייסטערונג, הייסע וואונשען און מיט א פיעל צוזאָגענדען פראָגראַם פון טהעטיגקייטען אין דער נאָ־הענטער צוקונפט — האָט זיך געשלאָסען דער באנייטער, דעמאָקראטישער און פאָלקסטימליכער אמעריקאנער אידישער קאָנגרעס, וועלכער האָט געזאָלט זיין דער צענטער, דער צע־מענט און דער שטארקסטער אויסדרוק פון דעם פאראייניג־טען אמעריקאנעם יודענטהום אין דער נייער וועלט.

איז דאָך דאָס אמעריקאנער יודענטהום געווען אין יע־נער צייט און איז איצט אויך דער געזונטער אָדער, דער איינ־פלוסרייכער טהייל פון אידישען פאָלק און אלע אידען און ניט־אידען פון דער גאנצער וועלט האָבען מיט גרויס אכ־טונג און צוטרויען ארויפגעקוקט צום אמעריקאנער אידישען קאָנגרעס אלס דער פאָרשפרעכער, דער פאָרשטעהער און בא־שיצער פון אידישע רעכטע און זיכערהייט צווישען די פעל־קער, וואו אידען האָבען זיך אין דעם געגנויטיגט.

זיינען מיר דאָך אָבער אן „עם פזיזא", א פאָלק וואָס ווערט פון יעדער נייער באוועגונג שנעל באגייסטערט, אלץ נעהט צו ביי אונז היציג, פייערדיג, מיט א שנעלער טעמפּאָ, וועלכעס ביי דעם קלענסטען בלאָז פון א קאלט ווינטעל ווערט עס באלד אָפּגעקיהלט און פארגליווערט.

דעם זעלבען כאראקטערצוג, דיעזען פאזים פון הויבען אוז פאלען, פון ענטוזיאזם און גלייכגילטיגקייט האָט אויך דער אמע־ריקאנער אידישער קאָנגרעס דורכגעמאכט !... פון יע־נעם היסטאָרישען רעאָרגאניזירטען אידישען קאָנגרעס אין פי־לאדעלפיא אין 1920 ביז דעם יאָהר 1932 — גאנצע 12 יאָהר

האָט דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס כמעט ווי איינגעשלאָ־
פען, קיינע ממשות'דיגע רעזולטאַטען האָט ער ניט געשאַפען און
האָט זיך נאָר געשפּיעלט אין דעקאָראַטיווע קאָנווענשאָנס. יאָהר
איין יאָהר אויס איז מען זיך צוזאַמענגעקומען אויף אַ קאָנווענ־
שאָן. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ שעהנער באָמבאַסטישער
רעדע פון ראַבי סטיפען וויז, געפּיטשורט אָפּטמאָל און באַצירט
מיט אַ שעהנעם רעפּעראַט פון אַ גאַסט־רעדנער, וואָס האָט
גאָרניט געמיינט פאַר דעם ווירקליכען לעבען, פאַר דעם פאַר־
ענטפערען פון די שווער וואָגיגע אידישע פּראָבלעמען פון דעם
היגען אידישען לעבען און אויך ניט געהאַט קיין באַדייטונג פאַר
אידישע ישובים אַנדערשוואו. פון צייט צו צייט האָט זיך, אמת,
אַראָפּגעכאַפּט אַ אידישע דעלעגאַציע, דורך דער איניציאַטיווע
פון אידישען קאָנגרעס, קיין וואשינגטאָן צו פּראָטעסטירען צו
די קאָנסולאטען פון פּוילען און רומעניען פאר די שענדליכע און
טיראַנישע באַהאַנדלונגען פון די אידישע בירגער אין זייערע לענ־
דער, מיט דעם רעזולטאט: אז די באַטרעפענדע קאָנסולאַטען און
אַמבאַסאַדאָרן האָבן פאַרשפּראָכן צו איבערשיקען די פּראָטעס־
טען צו די שעף פון זייערע מלוכות. און דערביי איז עס גע
בליבען.

## די ערוואַכונג פון אידישען קאָנגרעס

אויף דער קאָנווענשאָן פון 1932, אין אַטלאַנטיק סיטי,
האָט דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס ערוואַכט און געקו־
מען צו זיך, ער האָט אָנגעפאַנגען צייגען סימנים פון לעבען,
פון אַן ערענסטע באַציהונג צו די נויטען און פּראָבלעמען פון
אידישען לעבען. צו ערשט אין אונזער לאַנד גופא. דער שטי־
לער און באהאלטענער אנטיסעמיטיזם האָט עס געבראַכט צו
דער ערוואַכונג ! —

אין דער צווישען צייט האָט זיך דאָ אַנטוויקעלט אַ סאָציִ־
אַלער און אינדוסטריעלער אַנטיסעמיטיזם אין אונזער פרייער

מדינה. — איך וויל דאָ גלייך באַטאָנען, אַז מצד דער רעגירונג, סיי נאַציאָנאַלער און סיי די לאָקאַלע איז דאָס אין קעגנסספּאַל ניט געווען צו באַמערקען. באַזונדערס האָט עס שטאַרק גע־פּיהלט די אַמעריקאַנער אידישע יוגענד, דער אַזוי גערופענער ווייסער קאָלנער קלאַס, וועלכע זיינען באַשעפטיגט אין אָפיס אַרבייט, ווי בוכהאַלטער, סטענאָגראַפיסטען און זאָנסט אָפיס אָנגעשטעלטע און באַדינער. עס האָט זיך פון זיי אַנטוויקעלט אַ „מאַראַנען קלאַס". פיעלע אידישע אַמעריקאַנער, הויכגעביל־דעטע בחורים און מיידלאַך, וועלכע ווייסען שוין פון דער דיס־קרימינאַציע געגען זיי — צוליעב דיעזע רעליגיעזע אָנגעהעריג־קייט און נאַציאָנאַליטעט, פאַרלייקענען זיי זייער אָפּשטאַמונג און באַהאַלטען זיך ווי די מאַראַנען פון אַמאָל מיט זייער גלויבען און נאַציאָן, נאָר אום צו קריגען באַשעפטיגונג און ניט זיין אָנגעוויזען צו ליידען הונגער־נויט און מעסטען די גאַסע[?]ן שטאָט טעגליך און קומען אהיים מיט גאָרניט, וואו עס וואַרט אַ פאַמיליע צו ווערען געשפּייזט פון די מאָגערע פאַרדינסטען פון דעם יונגען, אָדער יונגער, ברויט־געבער.

דער אמעריקאנער אידישער קאָנגרעס האָט זיך געמאַכט פאַר זיין אויפגאַבע צו נאָכפאָלגען און אונטערזוכען די אַלע אַמע־ריקאַנער און אויך אידישע געשעפטס־הייזער און פאַבריקאַנטען, צו אונזער שאַנדע, זיי אויך, די אידישע צוגלייך מיט די ניט־אידישע אַרבייטסגעבער דיסקרימינירען געגען אידישע אַרביי־טער און פאַכמענער.

דער אידישער קאָנגרעס האָט אַ באַזונדער אָפּטהיילונג פאַר דעם צוועק און, ווען נויטיג, שטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט די אַלע אידישע און פריינדליכע אַרבייטסגעבער און ער העלפט און פאַרלייכטערט די לאַגע פון אידישע אַרבייטער און באַשעפ־טיגטע, וועלכע מוזען אָנקומען צו אידישע און ניט־אידישע אַרבייטסגעבער.

נאָך אַ וויכטיגע אויפגאַבע האָט דער אַמעריקאַנער אידי־שער קאָנגרעס אויף זיך גענומען, וועלכעס פאַרדינט אַנערקע־נונג און לויב און איז ווייט־גרייכענד — דאָס איז די אָרגאַני־

זירונג פון „אידישע קאָנסולס״, צענטראַלע פאָרשטעהערשאַפטען אין יעדער אמעריקאנער שטאָדט מיט א באדייטענדער אידישער באפעלקערונג—דורך די אידישע צענטערס אדער, ווי דאָס הייסט „אידישע קאָנסולס״ וועט זיך מיט דער צייט שאַפען אַ פּאַראייניגטער אידישער פראָנט אום צו ברענגען קודם כל אָרדענונג און אָפשאַפען הפקרות אין לאָקאַלע אידישע און קהלשע ענינים און אודאי וועט דער אידישער קאָנסול העלפען פאַרטהיידיגען די אידישע אינטערעסען כלפי חוץ, געגען דער אויסערער וועלט, באקעמפען דעם אידישען שונא אומעטום וואו ער באווייזט זיך.

## היטלער און דער נאַצי באָיקאָט

אומגעריכט און אומערוואַרטעט, ווי אַ דונערשלאָג פון לויטערען הימעל, איז געקומען די היטלער־מגפה און די „טרוקענע פּאָגראָמען״ פון די מערדערישע נאַציס אויף דעם געבילדעטען און פון ניט־אידישע קוועלען, וועגען די גרויזאַמע, טויזענד דייטשע אידען פון דעם היטלער־לאַנד.

עס קומען ידיעות און מעלדונגען פון באַגלויבטע אויטאָרעטעטען און קולטורעלסטען טהייל פון אידישען פאָלק, די 600 בעסטיאַלישע הריגות און מערדערישע שטילע פּאָגראָמען, וואָס ווערען באַגאַנגען געגען אונזערע שוועסטער און ברידער פון דייטשלאנד. קאָרעספּאָנדענטען פון די גרעסטע ענגלישע צייטונגען אין לאַנד און אין אויסלאַנד דערצעהלען שוידערליכע אַקציעס ווי די נאַציס־באַרבאַרען זיינען זיך נוקם אין די רייכסטע און הויך געבילדעטע אידישע פרויען און מענער פון היטלער דייטשלאַנד.

דער פּראָפעסיאָנעלער קלאַס: ריכטער, אַדוואָקאַטען, דאָקטוירים און פּראָפעסאָרען פון די אוניווערסיטעטען און הויכשולען ווערען אָהן צערעמאָניעס אַרויסגעוואָרפען פון זייערע עקאָנאָמישע און פּראָפעסיאָנעלע פּאָזיציעס און עס איז זיי ניט ערלויבט צו פּראַקטיצירען די פרייע פּראָפעסיעס. און ניט בעסער באגעהט מען זיך הוליגאניש, מיט די אייגענטהימער פון

גרויסע דעפּאַרטמענט געשעפטען — די נאַצים שיקען אַריין זייערע קאָמיסאַרען אין די אידישע געשעפטס־הייזער, וואו זיי שאַלטען און וואַלטען ווי זיי וואָלטען געווען די אייגענטהימער פון די געשעפטען, וועלכע די אמת'ע בעלי בתים, די אידישע קויפסמענער האָבען צעהנדליגער יאָהרען געבויט און געשאפען און איינגעפונדעוועט ערפאָלגרייך מיט א נאַציאָנאַלער רעפּוּ־טאַציע. צום אַלעם ערשטען שיקען די הוליגאַנעם אוועק די אידישע אָנגעשטעלטע אין די פארשיעדענע צווייגען פון די געשעפטען און זייער פּלאַץ פארנעמען די ניט־אידישע פּול־בלוטיגע אַריער 100 פּראָצענט היטלער נאַצים.

די קאָנצענטראַציע־פּלעצער, די מאָדערנע אינקוויזיציע גע־פענגעניש‏ען, זיינען איבערפילט מיט סאָציאַליסטען, ליבעראַלען און אידען, וואו זיי אַלע ווערען דאָרט פאַרפּייניגט און פאַרקרי־פּעלט צום טויט און דאָס אַלץ פאַר דעם איצטיגען חטא, וואָס זיי גלויבען ניט אין דער סוואַסטיקאַ, אין דעם היטלער רעזשים. אַ שרעק און אַ טרויער כאַפּט אַרום די אידישע באַ־פעלקערונג ביי אונז אין לאַנד. אַלע האָבען דערפיהלט אַז עס מוז וואָס געטהאָן ווערען אום צו אָפּשטעלען די מערדערי־שע האַנד פון היטלערס באַרבאַרישע נאַצים. דער אַמעריקאַ־נער אידישער קאָנגרעס האָט דער ערשטער געגעבען דעם שטויס צו מאַסען אַקציאָן. דער אידישער קאָנגרעס האָט באַשלאָסען קודם כל צו פּראָטעסטירען און אַפּעלירען צום געוויסען פון דער גאַנצער וועלט צו אָפּשטעלען די מערדער־האַנד פון די היטלער מאַניאַקעס. ווייטער האָט דער אידישער קאָנגרעס גע־רופען דאָס אידישע פאָלק אין אונזער פריי־לאַנד אַמעריקע צו פעראַנשטאַלטען גאַסען דעמאָנסטראַציעס און ארויסשרייען אונ־זער ווייטאָג און צער אויף די גאַסען פון יעדער שטאָט מיט א באַדייטענדער אידישער באַפעלקערונג.

מאָנטאָג דעם 27טען מאַרטש 1933 און מיטוואָך דעם 29טען דעם זעלבען מאָנאַט זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען די גרעסטע אידישע פּראָטעסטען, און דעם 10טען מאַי 1933 זיי־נען פאָרגעקומען קאָלאָסאַלע גאַסען דעמאָנסטראַציעס אין אַלע

גרויסע אידישע צענטערן. דער איינדרוק אויף דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג איז געווען זעהר שטאַרק און ווירקזאַם. די ענג־לישע פּרעסע איז געווען פול מיט אויספירליכע באַריכטען, גאַנ־צע זייטען פון ענגלישע צייטונגען און עדיטאָריעלע קאָמענטאַ־רען האָבען פאַרדאַמט די מערדערישע נאַצים און היטלער דייטש־לאַנד אַלס אונמענשען און ווילדע באַרבאַרען, וועלכע דערמאָנען מיט זייערע גרויל־טהאַטען די פינסטערע צייט פון דעם מיטעל־אַלטער מיט אַלע זיינע שרעקען.

אַם ענדע, אַלס אָבווער, אַלס זעלבסטפאַרטהיידיגונג, ווערט פון דער גאַנצער אידישער וועלט דערקלעהרט אַ באָיקאָט, אַ חרם, אַ קללה אויף די היטלער־נאַצים — עס ווערט אַרויפגעלייגט אַ חרם אויף אַלץ וואָס קומט און ווערט פאַבריצירט און געשאַפען אין היטלער דייטשלאַנד; אידען אין דער גאַנצער וועלט, און בפרט אין אמעריקא, נעמען פרייוויליג אויף זיך ניט צו קוי־פען, ניט צו געברויכען קיין דייטשע סחורה און ניט פּאַטראָני־זירען און וויכען ווי פון א פּעסט פון די געשעפטס־הייזער און קראָמען, וואָס האַלטען און פאַרקויפען דייטשע סחורות, דייטשע פּראָדוקטען.

דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס העלפט און אונטער־שטיצט דעם באָיקאָט, וועלכער לאָזט זיך באַלד פיהלען עקאָנאָ־מיש און סאָציאַל פאַרניכטענד און רואינירט דעם פאַרקויף פון דייטשע אויסגעאַרבעטע פּראָדוקטען און סחורות אין דעם אויסלענדישען מארק.

דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס איז געווען אינסטרו־מענטאַל אין העלפען מאַכען אַן אונטערזוכונג, וועגען די נאַצים און זייערע גיפטיגע טהעטיגקייטען אין דיעזען לאַנד.

דער אידישער קאָנגרעס, צוזאַמען מיט אַנדערע ליבעראַלע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך מיט דער מעכטיגער ארבייט אָרגאַני־זאציע, „אמעריקאַן פעדערייששאַן אוו לייבאר", האָבען מיטגעהאָל־פען אין פאַראַנשטאַלטען אין דעם גרויסען מעדיסאָן סקווער גאַרדען אַן עפענטליכען געריכט איבער די גרויל־טהאַטען פון די נאַצים געגען די אידען און די אנדערע ליבעראַל־געזאָנענע עלע־

מענטען אין דייטשלאַנד. די גרעסטע פּראָמינענטע פּערזענליכ־
קייטען פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט האָבען דעם משפט,
דעם „טראַיל״ געפּיהרט—קיין איד האָט ניט גענומען קיין אנ־
טהייל אין די האַנדלונגען פון דעם געריכט. עס זיינען איינ־
געלאַדען געוואָרען דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר צו פאַרטהיידיגען
זיין מדינה געגען די ביטערע אָנקלאַגען פון דער ציוויליזירטער
וועלט. דער אורטהייל איז איינשטימיג ארויסגעטראָגען גע־
וואָרען: אַז דייטשלאַנד איז פאַרפיהרט און באַגעהט אונמענש־
לאַכע גרוילטהאַטען וואָס פּאַסען גיכער פאַר אַ באַרבאַרישען
פאָלק ווי פאַר ציוויליזירטע מענשען פון 20טען יאָהרהונדערט.

ווען דיעזע שורות ווערען געשריבען אַלס ביילאַגע צום
קאַפּיטעל „אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס״ און וועלכעס געהט
איצט צום דרוק, איז שווער צו זאָגען באַשטימט ווען דער נאַצי
באָיקאָט וועט זיין צו ענד. געוויס וועט דער באָיקאָט מיט זיין
שאַרפקייט אָנהאַלטען אַזוי לאַנג ביז היטלער מיט זיין כאַליאַסט־
רע — די נאַצים־רעזשים וועלען ניט אויפגעבען זייער אויסראָ־
טונג פּלאַן פון די אונשולדיגע און הילפלאָזע דייטשע אידען.

פון אַלע אַנדערע אידישע פּאַרטייען און נאַציאָנאַלע אָר־
גאַניזאַציעס, וועלכע קעמפען יעדער באַזונדער אויף זיין איי־
גענעם שטייגער קעגען נאַצי דייטשלאַנד — איז דער אַמעריקאַ־
נער אידישער קאָנגרעס דער פּאָפּולערסטער און דער דעמאָקראַ־
טישער און פאָלקסטימליכער —.

געוויס וואָלטען די רעזולטאַטען געווען מעהר פּרוכטבאַר,
ווירקזאַמער און שנעלער געבראַכען די מערדערישע עקשנות
פון די נאַצים, ווען מיר וואָלטען געהאַט איינינקייט אין אונ־
זערע אייגענע רייען. — ווען די אַלע לויבענסווערטהע, אָפּגע־
זונדערטע פּאַרטהייען און פּראַקציעס, ווען די אידיש־אַריסטאָ־
קראַטישע „דזשואיש קאָמיטע״, דער אַלטער און איינפלוסריי־
כער אָרדער „בני ברית״, די באָיקאָט אָרגאַניזאַציע פון דעם
בראַווען און געוואַגטען קעמפער סעמועל אונטערמייער, און די
ניי־אָרגאַניזירטע פאַר אידישע אינטערעסען „אַרבעטער קאָמי־
טע״ צוזאַמען מיט דעם „אידישען קאָנגרעס״, ווען זיי אַלע ווע־

לען זיך פאראייניגען אין דער איצטיגער שווערער שעה צו קעמ־
פען געגען דעם אלגעמיינעם שונא.

דער אידישער אייביגער שונא היטלער ימ"ש לויערט
אויף אונז און פארמעסט זיך צו פארטיליגען דאס אידישע
פאלק וואו נאר זיי געפינען זיך; אין אזא ביטערער און פינס־
טערער שעה — נייטיגט זיך דאס אידישע פאלק — מעהר ווי
אין וועלכער צייט פון דער אידישער געשיכטע — אין א
פאראייניגטער מאכט, אין א פאראייניגטער פארטהיידיגונגס
אקציע פון אלע קלאסען און פון אלע שיכטען און פראק־
ציעס.

אין יאהר 1916 ביים ארגאניזירען דעם ערשטען אידי־
שען קאנגרעס איז דער נס געשעהן, אלע פארטייען זיינען דאן
געווען פאראייניגט און עס האט געווירקט. און איצט ? וואו
נעמט מען א צווייטען לואיס מארשאל, א נייטהען שטראוס
און א יוסף באראנדעס, וועלכע האבען אין אן עת צרה, אפ־
געשאצט דעם היסטארישען מאמענט און דערפילט די הייליגע
אויפגאבע וואס די געשיכטע האט אין זייער צייט אויף זיי
ארויפגעלייגט, און זיי האבען זיך דערהויבען צו דער הויכ־
קייט פון דעם מאמענט און האבען דורכגעפיהרט זייער מיסיאן
פולע הונדערט פראצענט. אין אידישען פאלק אין 1916 זיי־
נען אלע פארטייען געשטאנען פאראייניגט צוזאמען מיט דעם
פנים צום שונא, מיט דעם באשלוס ניט אפטרעטען צוריק ביז
דער צוועק וועט עררייכט ווערען — און זיי האבען די שלאכט
געוואונען . . .

איך האף, אז מיין נאכפאלגער, דער נעקסטער היסטארי־
שרייבער וועט זיין מזלדיגער און וועט האבען צו פארצייכענען
אז דער נס איז געשעהן, דער ציעל איז דערגרייכט געווארען
און אלע פארטייען זיינען אויף דעם מאמענט, צום וויניגסטען,
געקומען צום באוואוסטזיין אז דארט, וואו דער שיקזאל פון
א פאלק שטעהט אין קאן, פיהרט מען ניט קיין פאליטיקס און
אלע, ווי איין פאראייניגטע מאכט קעמפען, ביז צום ענדגילטיגען
זיעג !

# פיאָנערען פון אידישען נאַציאָנאַליזם אין פילאַדעלפיאַ.

אין מיטען פון די נײַנציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהר־הונדערט, ווען די רוסישע פּאָגראָמען זיינען אויסגעבראָכען און בעזאָנדערס נאָך די ערשיטערנדע פאָלגען פון דרייפוס פראָצעס אין דער קאַטוילישער פראַנקרייך, — האָט זיך אין גאַנץ איירָאפּע אַזוי גאַליג־ביטער פאַרשאַרפט די אידענפראַגע, אַז עס איז קלאָר געוואָרען פאַר דער געבילדעטער אידישער אינטעליגענץ אין דער גאַנצער וועלט, אַז אַזוי קען עס ווייטער ניט געהן. — דאָס אייראָפּייאישע אידענטהום האָט דערפיהלט אַז עס פאַרלירט דעם באָדען פון אונטער די פיס און אַלע האָפענונגען אויף דעם פראָגרעס פון דער נייער צייט, וואָס זאָל ברענגען אַ בעסערע מענשליכע באַציהונג פון די קריסטליכע פעלקער צו דעם אידישען פאָלק — האָט געפּלאַצט ווי זייפען־בלאָזען.

די אידישע געשיכטע איז פול מיט מאַרטירערטום, מיט שוואַרצען און רויטען טראַר, מיט אינקוויזיציעס און שייטערהויפענס; אָנגעפאַנגען פון שפּאַנישען גרויס־אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאָ ימ"ש, ביז פּאָבעדאָנאָסצעוו ימ"ש און פאָן פּלעווע אין געוועזענעם צאַרן־לאַנד — איז די אידען ניט געווען פרעמד ,אין די אַלע יאָהרען פון פינסטערען פאַנאַטיזם און רעליגיעזען האַס, צו זיין פאַרפאָלגט, פאַראַכטעט און אונטערדריקט. — האָבען זיך געשאָטען ביטערע גזירות, אונמענשליכע רדיפות און האָלסייל הריגות אויף אידישע קעפּ — האָבען אידען זיך פאַרשטעקט אין די געהעטאָס, אין יודענגאַס, געלעבט באַזונדער, ווייט פון אונזערע קריסטליכע שכנים; האָבען אידען געלעבט מיט בטחון און געהאָפט אויף בעסע־

רע צייטען, געהאָפּט, אַז די גאולה וועט קומען דורך אַ נס פון הימעל. און פון דור צו דור איז איבערגעגאַנגען די לעגענדע אַז משיח וועט קומען, וועלען די גוים געהן אויף אַן אייזערנעם בריק און וועלען דערטרונקען ווערען און די אידען וועלען געהן איבער אַ פּאַפּירענעם בריק און וועלען קומען קיין ארץ ישראל בשלום!

האָט אָט דער גלויבען אין דער ענדליכער ערלייזונג פון דעם פיעל געפּלאַגטען אידישען פאָלק אויף דעם משיחישען אופן, אָט דער „אני מאמין", איינער פון דרייצעהן דאָגמאַס, פון די דרייצעהן עיקרים פון דער אידישער לעהרע — גע־געבען כח און מוטה און געדולד דעם אידישען פאָלק אין די לאַנגע שוואַרצע יאָהרען פון אַ ביטערען גלות — געגע־בען זיי דעם גייסטיגען כח צו ליידען און דולדען, צו בעטען און צו האָפען! . . .

איז געקומען דער פון אַלעמען באַוואונדערטער און באַ־זונגענער ניינצעהנטער יאָהר־הונדערט מיט זיינע הומאַנע פּראָ־קלאַמאַציעס פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט פאַר אַלע מענשען גלייך, קיין אונטערשיעד פון ראַסע, קאָליר און גלויבען . . . און געעפענט זיינען געוואָרען אַלע טויר־ערען פון דער אידישער געטהאָ, אויסער די רוסישע, און דער געטהאָ־איד פון מערב אייראָפּע האָט זיך גענומען בילדען, שטודירען און זיך באַפרייעט פון דעם אַלטען שימעל . . . ער האָט אַרונטערגעוואָרפען פון זיך די קייטען פון רעליגיאָן און פון אידישער טראַדיציע און, אויסגלייכענדיג די ביינער, האָט דער מערב־אייראָפּעישער איד אויסגעשריהען: איך בין איצט פריהער פאַר אַלץ אַ דייטש, אַ פראַנצויז, אַן ענגלענ־דער, אַן איטאַליענער, אַן אונגאַר - עסטרייכער, וואָס שטאַמט פון אידישע עלטערען — געבוירען בין איך אַ איד ביי צופאַל. און מיט אַלע וועגען און מיטלען האָבען זיי, די עמאַנציפּירטע דייטשע, פראַנצויזישע, ענגלישע, איטאַליענישע־און אונגאַרישע אידען גענומען דערשטיקען דעם איד אין זיך; דערוויטערט און פאַרפרעמדט, האָבען זיי זיך אומגע־קעהרט מיטן רוקען צום אידישען פאָלק, ניט געוואָלט וויסען

פון זיין רעליגיאָן, פון זיין געשיכטע, מאַרטירערטום און דעם אידענס, פון טויזענדער יאָהרען, גע׳ירש׳נטע טראַדיציעס; געמיינט האָבען זיי, די געבילדעטע און די אויפגעקלעהרטע אייראָפּעאישע אידען, אַז זיי וועלען פון איצט אָן אויפגענומען ווערען פון זייערע שכנים, די מענשען־ליבענדע קריסטען — מיט אָפענע אָרעמס ווי אייגענע ברידער, ווי מיטמענשען און בירגער פון איין לאַנד, פון דעם אַלגעמיינעם באַליעבטען, אדאָפּטירטען פאָטערלאַנד... ערוואַרט האָבען זיי, די אידישע אינטעליגענטען־פּראָפעסיאָנאַלען, אַז די הויך־שוהלען, די קאַ־לעדזשעס און אוניווערסיטעטען וועלען זיך ברייט עפענען פאַר די אידישע סטודענטען און פאַר אידישע לעהרער און פּראָפעסאָרען און עס וועט ניט זיין קיין אונטערשיעד פון קריסט, איד — אַלע גליך! . . . געהאָפט האָבען די אַסי־מיליאַטאָרען פון אידישער אָפּשטאַמונג, אַז די רעגירונגען פון די הויך־קולטיווירטע לענדער וועלען אַנערקענען אידי־שע פעהיגקייטען, אַז זיי וועלען געבען אַ געלעגענהייט די שאַרפע אידישע קעפּ און קלוגע אידישע מוחות צו פאַרנע־מען רעגירונגס שטעלעס און איינפערטרויען זיי, די אידישע איבערגעגעבענע פּאַטריאָטען, אַ טהייל פון די הויכע פּאָסטענס אין דער דיענסט פון די רעגירונגען. — האָבען דאָך די מאָדערנע אייראָפּעאישע אידען זיך אויסגעצייכענט מיט זייע־רע פעהיגקייטען און שאַרפזין אויף אַלע צווייגען פון וויסענ־שאַפט, קונסט און פינאַנץ. און אידען האָבען מיט איין מאָל באַוויזען זייער טרייהייט און איבערגעבענהייט צו זייערע נייערע אַדאָפּטירטע לענדער, וואו זיי וואוינען, לעבען און שאַפען, און האָבען אויך אַנטוויקעלט נייע אינדוסטריען און פאַרשפּרייט קאָמערץ אין יעדען לאַנד, וואו אידען האָבען זיך איינגעבירגערט — !

איז געקומען דער דייטשער יונקער און דער וויסענשאַפט־ליכער אַנטיסעמיטיזם אין דעם לאַנד פון די דיכטער און דענקער; איז אַרויפגעשוואומען טיסאַ־עסלאַר און הילזנערס בלוט־בלבולים אַז אידען קוילען קינדער און גרויסע צוליעב רעליגיעזע צוועקען אין דעם קייזער פראַנץ יאָזעפס מדינה,

און אם ענדע — דער וועלט'ס־אויפשטורעמענדער דרייפוס פראָצעס, וואָס האָט שיעור ניט געבראַכט פראַנקרייך צו אַ רעוואָלוציאָן און ברודער־קריעג. דיעזער ראַסען־האַס און בלוטיגע פאַרשווערונג געגען אידישען פאָלק אין די העכסט ציוויליזירטע מדינות האָבען דער ראַדיקאַלער, אַסימילירטער און אָפּגענאַרטער אידישער אינטעליגענץ געעפענט די אויגען, דאָס האָט זיי אַריינגעוואָרפען אין אַ ביטערען יאוש און פאַר־צווייפלונג! . . . וואָס טהוט מען ווייטער? ! . . . צערונען זיינען די חלומות פון די אידישע אַסימילאַטאָרען — די אַלע האָפנונגען און אילוזיעס פון אַ ציוויליזירטער און פּראָגרע־סיווער וועלט זיינען צעשטויבט געוואָרען מיט דער ערשטער באַריהרונג פון ווירקליכען לעבען. די לאַנג־ערוואַרטעטע און פיעל־פאַרשפּראָכענע עמאַנציפּאַציע, די גלייכבאַרעכטיגונג פאַר דעם אידישען פאָלק, האָט צום סוף ביים שיין פון ליכט געענצליך באַנקראָטירט! . . .

ווי דער נביא יחזקאל בן בוזי, וואָס זעהט פאַר זיך אויסגעשפּרייט אין טהאָל פון גלות די צעשאָטענע און טרו־קענע ביינער פון דעם אידישען פאָלק, און דער נביא אין פאַרצווייפלונג פרעגט: וועלען אָט די צעשאָטענע און פאַר־איינצעלטע ביינער ווידער אויפלעבען? „התחיינה העצמות האלה? — אזוי האָט דער מאָדערנער נביא, דער שטאַטסמאַן, דער אידישער נשיא פון זיין צייט, דאָקטאָר טהעאָדאָר הער־צעל ע"ה געפונען און געזעהן דאָס אידישע פאָלק צעריסען און צעפּיצעלט און זיינע טרוקענע און צעשאָטענע ביינער, זיינע גלידער זיך וואַלגערען אין דעם עמק הבכא, אין דעם יאָמערטהאָל פון דער גאַנצער אידישער וועלט; דאָקטאָר הערצעל האָט געפרעגט און טאַקע גלייך געענטפערט: „אויב איהר ווילט איז דאָס ניט קיין חלום . . . און די שארית ישראל, די צעזייטע און צעשפּרייטע אידישע קלאַסען און עלעמענטען פון אַלע פיר עקען וועלט האָבען זיך אַרום איהם פאַרזאַמעלט און פּראָקלאַמירט, אַז אידען זיינען אַן איינהייטליך היסטאָ־ריש פאָלק און זיי זיינען באַרעכטיגט און פון איצט אָן וועלען

זיי שטרעבען צו ערווערבען פאר זיך א רעכטליך־געזיכערטע היים.

אין אמעריקע, אין דעם לאנד פון די פרייע און בראווע, די היים פון דער „סטעטשו אָוו ליבערטי", ביי אונז אין דעם לאנד פון דאָלארען און ביזנעס — צו אונז אויך האָט דער־גרייכט דער אָפּקלאנג פון דער פרייהייטס גלאָק וואָס האָט מיט פיר יאָהר צוריק אויסגעקלונגען אין באזעל די אידישע פרייהייט.

די שטימונג פון דעם אידישען נאציאָנאלען געדאנק ביי אונז אין פילאדעלפיא איז מיט עטליכע און דרייסיק יאָהר צוריק געווען א געדריקטע, אן אומבאוואוסטע און א פאר־שלאָפענע! — ווען האָט דאן געפעהלט א אידישע נאצי־אָנאלע היים? מיר זיינען דאָך עפּעס אין אמעריקע! די גאָלדענע מדינה! וואָס איז אונז שלעכט אמעריקע?! א דאָלאר מאכט מען לייכטער ווי אין דער אלטער היים; פון קיין אידען־פראגע פאָרלויפיג ווייסט מען דאָ ניט! איז איי־נער דאָ א בירגער, איז ער דאך א מאָנארך, א זעלבסט־העהר־שער — אין דעם טאָג פון וואהלען, „עלעקשאָן טאָג" האָב איך דאָ די גאנצע דעה — ווען איך וויל קרוין איך מיט מיין שטימע פאר פּרעזידענט פון דעם גאנצען לאנד! און א גאנץ יאָהר, אז מען דארף אָנקומען צום „פּאָליסמען" פאר עפּעס ניט קיין זעהר כשר'ן געשעפטעל, איז דאָך דאָ דער פּאָליטיקער (פּאָליטישען) פון וואָרד (קרייז) און אז עס העלפט ניט קיין פּאָליטיקס, איז דער דאָלאר די בעסטע סגולה צו קראנקהייטען! . . .

אידישקייט און אידענטהום האָבען מיר דאן אין פילא־דעלפיא געהאט „פּלענטי" — איבערגענונג: ערשטענס, איז יע־דער איד געווען א טרייער מיטגליעד פון זיין לאנדסמאנשאפט־פאראיין און דורך איהם זיך באטהייליגט אין אלע אידישע אנשטאלטען — זיין פעראיין גיט יעדען יאָהר צו 5 דאָלאר אויף דעם בית יתומים, 5 דאָלאר אויף הכנסת אורחים ומושב זקנים און 5 דאָלאר אויף תלמוד תורה, — וואָס נאָך זאָל א איד טהאָן אום צו זיין א „גוד דזשו", אן אמת'ער איד?

דער ארבייטער און דער ראדיקאלער עלעמענט פון אונזער שטאָט איז געווען פארטשאדעט פון די אָפטע יוניאָן סטרייקס אין שאפ, און די נאָך אָפטערע שטרייטיגקייטען צווישען די סאָציאליסטען און אנארכיסטען —ביידע פארטהייען האָבען אויף זייערע מיטינגען און זייערע דעבאטען אימער געברויכט דאָס אידענטהום און די אידישע טראדיציעס אלס דעם קלאָב, אלס דעם שטעקען צו געבען איבערן קאָפ דעם געגנער; ווען אלע ארגומענטען האָבען זיך אויסגעלאָזט האָט מען דעם געגנער צוגעוואָרפען דעם עפיטעט „דו ביזט א „כל ישראל'־ ניק" — דאָס וואָרט „ישראל" איז געווען ביי אלע פארטייען טריף ווי ביי א כשר'ן אידען חזיר.

אונזערע עלטערע ברידער, די רעפאָרמירטע אידען אין לאנד, האָבען דורך דעם רעפאָרמירטען בית המקדש און דעם ראבינער סעמינאר פון סינסינאטי — גענצליך אָפגעלייקענט אז אידען זיינען א פאָלק און דער נאציאָנאליזם, האָבען זיי דערקלעהרט, איז א טויטע זאך. און וואָס נאָך: ווער קען דען זאָגען אנדערש? אמעריקע איז אונזער ארץ ישראל און וואשינגטאָן איז ירושלים! . . .

אין אזא שטימונג און אונטער אזעלכע אומשטענדען פון א טרוקענער און מאטעריאליסטישער וועלט־אנשויאונג און א טויטליך פארגליווערטער גלייכגילטיגקייט צו אלץ וואָס איז אידיש און גייסטיג נאציאָנאל — איז געגרינדעט געוואָרען 20 טעג אין חודש תמוז, 1897, אין הויז פון דאָקטאָר בענ־ זשאמין ל. גאָרדאָן, אין 419 קריסטשאָן סטריט — דער ער־ שטער נאציאָנאלער און ציוניסטישער פאראיין פון אונזער שטאָט „אוהבי ציון" אָדער ווי ער הייסט איצט„ סויטה פי־ לאדעלפיא ציון דיסאריקט „אוהבי ציון".

איידער איך געה ווייטער צו שרייבען וועגען די אוהבי ציון, זייער גרינדער און זייער איינפלוס אויף דעם אידישען נאציאָנאלען לעבען אין אונזער שטאָט — מוז איך טהון גע־ רעכטיגקייט און דערמאָהנען די באהויפטונג, וועלכע איז פאָרלויפיג מיר ניט געלונגען פון אנדערע קוועלען דאָס צו באשטעטיגען, און נעמליך: אז מיט איינינע מאָנאטען פריי־

הער איז געוועזן אַ צוזאַמענקונפט פון אייניגע נאַציאָנאַל־געזאָנענע פּערזאָנען אין דעם הויז פון חבר יוסף מאַגיל, אין 708 ס. 5טע סטריט, און דאָרט, לויט דער באַהויפּטונג פון דעם וואויל־באַקאַנטען משכיל און ציוניסט, יוסף מאַגיל, איז געגרינדעט געוואָרען די סאַמע ערשטע ציוניסטישע סאָסייטע, וועלכע האָט נאָך קיין נאָמען ניט געהאַט און וועלכע איז באַלד אויפגעלעזט געוואָרען נאָכדעם ווי די אוהבי ציון איז אין לע־בען געקומען.

איצט קום איך צוריק צו דעם הויפּט געגענשטאַנד פון דיעזען קאַפּיטעל און דאָס איז די אָרגאַניזירונג און דער אויפ־קום פון דעם פילאַדעלפיער היסטאָרישען פאַראיין „אוהבי ציון" .

ביי דער גרינדונגס פאַרזאַמלונג פון די אוהבי ציון אין דר. ב. ל. גאָרדאָנס הויז אין 419 קריסטשאַן סטריט, זיינען אָנוועזענד געוועזן פאָלגענדע לויט דער אינפאָרמאַציע וואָס איך האָב באַקומען פון די ערשטע קוועלען : דר. ב. ל. גאָר־דאָן, דער אָרגאַניזאַטאָר און גרינדער, ראַבי ב. ל. לעווענטהאַל, דר. דזשאָרדזש גאָרדאָן, איצט אין מינעאַפּאָלים און אַ ברו־דער פון דעם אויבענדערמאָנטען גרינדער פון די אוהבי ציון, הערמאַן קרוגער, דייוויד ליקנאָטץ, ראָזענטהאַל, ערריס שלום שבתי ראָזען, מר. שעפּטעלזאָן ,הלל מאַלאַכאָווסקי, אהרן הירש פריינקעל און אַנדערע.

ביי דעם זעלבען מיטינג זיינען פאָלגענדע באַאַמטע ערוועהלט געוואָרען : דר. בנימין ל. גאָרדאָן, פּרעזידענט ; ה. ראָזענטהאַל, וויצ פּרעזידענט, און דייוויד ליקנאַטץ, סעק־רעטאַר.

ווי באַוואוסט איז די ציוניסטישע טעטיגקייט געוועזן באַ־גרעניצט נור אויף צו באַזעטצען אידען אויף לאַנד אַרבייט אין ארץ ישראל, צו באַרייכערען דאָס לאַנד מיט נאָך אַ פאַרם, נאָך אַ קאָלאָניע. און אַזוי זיינען די גרינדער פון די „אוהבי ציון", אויך געוועזן אנהענגער פון דיזער אידעע באקאנט אונ־טער דעם נאָמען „חבת ציון", אדער „חובבי ציון". פון א ברייטער אויפפאסונג פון דעם נאַציאָנאַלען געדאנק, וועלכער

זאָל העלפען לייזען איין מאָל פאַר אַלע מאָל די אומגליקליכע אידישע פראַגע אויף דער גאַנצער וועלט — אַזוי ווייט האָבען די דאַמאָלסדיגע ציוניסטען ניט געחלומט.

דעם 29טען אויגוסט, 1897, האָט שטאַטגעפונען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל, וואו דער אונשטערבליכער דר. הערצעל, אין דער אָנוועזענהייט פון די בעסטע און די גרעסטע פאָרשטעהער פון דער אידישער וועלט — האָט דערקלעהרט עפענטליך פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז אידען זיינען אַן איינהייטליך פאָלק און זיי פאָדערען אַ רעכטליך געזיכערטע היים אויסצולעבען זיך אין איינקלאַנג מיט זייער אידישען געוויסען און אידישער נאַציאָנאַלער טראַדיציע און זיין אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך, וואָס איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „באַזעלער פראָגראַם” אָדער „הערצעלס פאָליטישער ציוניזם”.

דער ערשטער שריט פון זיין עקזיסטענץ און לעבענספעהיגקייט וואָס דער אוהבי ציון פאַראיין האָט פאָרגענומען איז געווען צו אינסטרואירען דאָקטאָר שאַפער פון באַלטימאָר, מערילענד, צו רעפּרעזענטירען די אוהבי ציון אין באַזעל אויף דעם ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס, און אין דעם זעלבען יאָהר, חול המועד סוכות, האָט דער פעראיין „אוהבי ציון” געפייערט דאָס צוזאַמענקומען פון דעם ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל און דער פאַראיין האָט אויך אָנגענומען דעם פּולען באַזעלער פּראָגראַם פון דעם פּאָליטישען ציוניזם.

פון דאַן אָן פלעגט יעדען יאָהר געפייערט ווערען פון די אוהבי ציון דער יום טוב פון „שמחת בית השואבה” פאַר דער פאַרשפּרייטונג און פּאָפּולאַריזירונג פון דעם נאַציאָנאַלען אידישען געדאַנק צווישען די אידישע מאַסען אין פילאַדעלפיע. די ציוניסטישע טעטיגקייט אין אונזער שטאָדט איז אַ דאַנק די פּיאָנערען און גרינדער פון די „אוהבי ציון” געווען אנערקענט אַלס דער באַנערטרעגער און אַלס דער לעבעדיגסטער און געזונטער נערוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג פון גאַנצען לאַנד.

אויף דער ציוניסטישער קאָנווענשאָן אין אַמעריקע זיי־
נען די פילאַדעלפיער ציוניסטען אימער געווען שעהן און
שטאַרק פאַרטראָטען און זיי זיינען געווען די טאָן־געבער
און איינפלוסרייך ביי פאָרמולירען רעזאָלוציעס און אין נאָ־
מינירען און ערוועהלען די פאסענדע באאמטע און אָנפיה־
רער פון אמעריקאנער ציוניזם! אין באצוג פון געלד־זאמ־
לונגען פאר שקלים און פאר נאַציאָנאַל פאָנד און פאר דעם
קרן היסוד האָבען די פילאַדעלפיער ציוניסטען אימער צו־
געשטעלט מעהר פון זייער קוואָטע און זייער באשטימטער
געלט־סומע.

אין אַלגעמיין האָבען די אוהבי ציון אָנגעשטעקט די
מאסען אין פילאַדעלפיע מיט דעם נאַציאָנאַליסטישען גע־
דאנק און זיי האָבען זיך באטייליגט מיט די גרעסטע ביישטייע־
רונגען פאר ציוניסטישע צוועקען, — אין קיין אנדער שטאָט,
ניט נאָר פון לאנד, נאָר אויך אין דער גאנצער אידישער וועלט
האָט דר. חיים ווייטצמאן ניט באקומען צום ערשטען מאָל פון
זיין באזוך אין 1921 אזא קעניגליכע אויפנאמע ווי ביי אונז
אין פילאַדעלפיע,—עס זיינען נאָך פריש אין גערדאנק ביי יעדען
וואָס האָט בייגעוואוינט די גוואלדיגע עפענטליכע דעמאָנסט־
ראציע אויף דער הויפט־גאס פון אונזער שטאָט אין בראָד
סטריט (גאס) . . . פאר מיילען לאנג זיינען די גאסען געווען
דעקאָרירט און די טראָטואַרען באלאגערט פון אמעריקאנער
בירגער און מיט הארציגער פרייד האָבען אלע איהם בא־
גריסט ביי זיין דעמאָנסטראטיווען דורכפאָהר ביז זיין אָנ־
קומען אין „אינדעפענדענס סקווער”, דער פלאַטץ וואו עס
געפינט זיך „די דעקלעריישאן אָוו אינדעפענדענס” און דער
פרייהייטס גלאָק.

דער סיטי מעיאָר פון יענער צייט, דזשיי העמפטאָן מאָ־
אר, איז געווען אזוי איבערראשט פון דר. חיים ווייצמאָן און
די אימפאָזאנטע אויפנאהמע וואָס די פילאַדעלפיער אידען
האָבען איהם געגעבען, אז ער האָט דר. ווייטצמאָן אָפגעגעבען
דעם גרעסטען כבוד ,וואָס די שטאָט פילאַדעלפיע האָט וועמען
געגעבען. דער סיטי מעיאָר, ד. ה. דער בעל הבית פון שטאָט

האָט איהם, דר. וויטצמאַנען אַוועקגעזעצט אין וואשינגטאָנס שטוהל אין אינדעפּענדענס האָל, וואָס ווערט פון אלע אמע־ריקאנער אזוי פאַרעהרט און פאַרהייליגט, און דער סיטי מעיאר האָט עפענטליך, אין נאָמען פון דער שטאָדט, איהם באַגריסט אין א שעהנער, קאָמפּלימענטפולער שפּראַך. אין דער זעלבער צייט האָט די שטאָט מוזיק געשפּיעלט דעם אַמע־ריקאַנער נאַציאָנאַלען הימן און אויך די „התקוה".

דער ערשטער רעגולאַר מיטינג פּלאַטץ פון דעם ניי־געגרינדעטען פאַראיין אוהבי ציון איז געווען אין 534 פּיין סט., דאָרט אין די וועכענטליכע פאַרזאַמלונגען, וועלכע זיי־נען געווען אימער אינטערעסאַנט און איינדרוקספול, האָבען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען, דעבאַטען און לעקציעס. די פאָלגענדע פּראָמינענטע פּערזענליכקייטען אין דעם אַמע־ריקאַנער יודענטהום האָבען פון צייט צו צייט פאָרגעטראָ־גען און געהאַלטען באַלעהרענדע און אינטערעסאַנטע לעק־ציעס : דר. סאלים קאָהן, ראבי שבתי מארייעס, ראבי מאר־קוס יאַסטראָוו, ראבי איליאוויזי, דר. פרידלאנד, דר. בלוי־שטיין, דר. אַדאָלף ראָדין און מאַסליאַנסקי, יוסף באַראָנ־דעס, דר. ריטשארד גאטהייל און דער מטיף שרגא בראָדסקי.

צווישען די יונגערע און טעטיגערע ציוניסטען פון יע־נער צייט זיינען געווען : י. עדעלשטיין ע"ש, יוסף דזשאָ־זעפסאָן ע"ש, אהרן אימבער, דר. אהרן בראוו, ליפּשיטץ, דר. פיליפ שעער, רעוו. שערבאוו ע"ה, גרינבוים פון דארבי, מ. ראָזענבוים, ע"ה, דר. ניסבוים, דוד זאַקס, יעקב צוזמער, פ. טשאַבראוו ע"ה, סאלאמאן פרענק, מר. סטארעלס, הערי גאָר־דאָן, מאקס גארדאן ע"ה, דר. יעקב בערמאן ע"ה, דר. מאקס בארבאור און מאָזעס פריהמאן.

פון די אויבענדערמאָנטע און אַנדערע זיינען דאָ איי־ניגע וואָס זיי האָבען פאַרדינט מען זאָל זייער ציוניסטישען רעקאָרד באַזונדערס דערמאָנען מיט אַנערקענונג און לויב. צו די סאַמע ערשטע און ערענסטע ציוניסטען באַלאַנגען בלי ספק דער טראגיש פאַרשטאָרבענער יונגער, פלאַם פייערדי־גער נאַציאָנאַליסט און משכיל, יחזקאל עדעלשטיין ע"ש, און

ווי איינער פון אונזערע חברים האָט אים שוין באַטיטעלט: „די בלום פון דער דאַן ציוניסטישער יוגענד אין פילאַדעלפיע". אזוי ווי ער איז שפּעטער געוואָרען איינער פון די גרינדער פון פּועלי ציון פאַראיין אין אונזער שטאָט, וועל איך זיך נאָך צו איהם אומקערען אין א באזונדער קאַפּיטעל אין דיזען בוך, ווען איך וועל שרייבען די געשיכטע פון די פּועלי ציון.

הערמאַן קרוגער ע"ה איז געווען פון די ערשטע ציעלבאַוואוסטע און געבילדעטע חברים ציוניסטען פון פילאַדעלפיער יודענטהום. מיט זיין אָנוועזענהייט ביי אַלע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען האָט חבר הערמאַן קרוגער, מיט זיין געלעהרזאַמקייט און שאַרפזין, באַלעבט און באַרייכערט דעם ציוניזם אין אונזער שטאָט.

חברים ציוניסטען, פריינד און באַקאַנטע וועלען אימער געדענקען דעם מיט ליעב און לעבען איבערגעבענעם ציוניסט און טרייער איד יוסף דזשאָזעפּזאָן ע"ש. ווי קען מען פאַרגעסען דעם שטילען, באַשיידענעם און אימער טהעטיגען ציוניסט חבר יוסף דזשאָזעפּזאָהן, וועלכער האָט געלעבט און געאָטעמט מיט דעם אידעאַל פון ציוניזם זיין גאַנצען שווערען לעבען? שלום לעפרו!

און אז מען איז מזכיר נשמות די ערשטע פּיאָנעריען ציוניסטען זאָל דער נאָמען פון דעם אַלטען ציוניסט און באַגייסטערטען נאַציאָנאַליסט, חבר לעווינסקי, אויך דערמאָנט ווערען לברכה ולזכר עולם.

איך האָב אַ צייט לאַנג געקענט רעוורענד שערבאוו ע"ש. אַ האַלבער דייטש געווען, פלעגט זיך אָפּט באַגעגענען און פאַרקעהרען מיט דייטשע אידען און געבליבען אַ טרייער און ענטהוזיאַסטישער ציוניסט זיין גאַנצען לעבען. זכרו לברכה.

דר. יעקב בערמאַן ע"ש האָט מיט זיין פּלוצליכען טויט ערשיטערט ביז צום טיעפסטען פון דער נשמה זיינע פאַרבליבענע חברים ציוניסטען אין אונזער שטאָט. דר. יעקב בערמאַן, דער למדן, דער משכיל און דער איידעלער איד, האָט מיט זיין פאַרלאָזען אונז מיטגענומען מיט זיך דאָס

הארץ און די נשמה פון די אוהבי ציון הײנט צו טאָג. א לעבענסלאַנג האָט דר. יעקב בערמאַן טרײ און מיט מסירת נפש געדיענט דעם ציוניסטישען אידעאַל. זײן ליעבע און זאָרג פאַר ציון און פאַר דעם פאַראײן „אוהבי ציון" האָט ניט געהאַט קײן שיעור און ניט קײן גרעניץ. ניט אומזיסט האָבען מיר אַלע חברים ציוניסטען אזוי ביטער באַװײנט און באַדױערט זײן אונצײטיגען טױט — אבידה שאינה חוזרת. זכר צדיק לברכה!

ואחרון הכביר — נאָך פריש איז דער קבר, אין דער צײט װען איך שרײב דיעזע שורות, פון דעם ניט לאַנג פאַר־שטאָרבענעם חשוב'ען בעל הבית, סוחר און למדן, משכיל און הײסער ציוניסט, װאָס ער איז געװען, מאַקס גאָרדאָן, ע"ש, דער ליבליכער ברודער פון דעם גרינדער פון די אוהבי ציון בנימין ל. גאָרדאָן — אים צו לאַנגע יאָהר. אין מיטען פון זײן פיעל פאַרצװײגטער געזעלשאַפטליכער טעטיגקײט האָט דער מענשענליבענדער און געטרײער זוהן פון זײן פאָלק, מאַקס גאָרדאָן, געװידמעט פיעל פון זײן צײט און פאַרמעגען פאַר דעם ציוניסטישען אידעאַל — אין דער צײט פון געלד זאמלונגען, אין דער צײט פון קאַמפײנס פאַר דעם קרן היסוד און נאַציאָנאַל פאָנד, האָט דער נפטר, מאַקס גאָרדאָן, אויפ־געגעבען זײנע פריװאַט געשעפטען און אַלײן באַדײטענדע סומען פון געלד בײשטײערונג פאַר ציון געגעבען און אַנ־דערע געמאַכט צו געבען; מיט זײן יונגען פריהצײטיגען טױט האָט די אידישע געמײנדע און דער ציוניזם פאַרלױ־רען א שיטצער און שטיצער פון אידישע נױטען און אידי־שע אידעאַלען; מיט זײן אװעקגעהן איז געבליבען א חלל, א לײדיגער עהרען פלאַטץ אין אונזער שטאָט, װאָס קען ניט אויסגעפיהלט װערען בײ איצטיגער, גײסטיג פאַר'יתום'טער צײט. עהרע זײן אָנדענקען!

עס זײנען נאָך פאַרבליבען אײניגע אָפּגעשײדטע פון אונז געװעזענע ציוניסטען מיטאַרבײטער פון די אוהבי ציון װעגען װעלכע, צו מײן גרעסטען באַדױערען, איך קען פיעל ניט שרײבען, פשוט דערפאַר, װײל איך האָב זײ פערזענליך

ניט געקענט און קיין אנדערע קוועלען פון וואנען צו נעמען אינפארמאציע וועגען זיי האב איך ניט אויסער וואס איינער פון אונזערע חברים האט ביי א געלעגענהייט דערמאנט אין דער היגער צייטונג. און די זיינען פאלגענדע: דר. אברהם וואולף, ע"ש, געוועזענער פרעזידענט פון די אוהבי ציון; יהודה ווידערמאן ע"ש ,א יונגער טהוער פון די א"צ; י. ר. ניומארק, א געוועזענער סעקרעטאר פון די א"צ; טשארלס ברעכער; אלטער שלאסבערג און יעקב פריעדמאן.

פארדאן, איך האב אויסגעלאזט פריהער אומגערען א שעהנע פערזענליכקייט, א חשובער איד און א פרייגעביגער ציוניסט, פנחס טשאבראוו ע"ש. דיעזער שטילער און באַשיידענער אידישער בעל הבית איז געווען א מוקיר רבנן. זיין שעהנע, רייכע היים איז אימער געווען אפען פאר דעם צוזאמענקונפט פון דעם פיינערען אידישען און נאציאנאַליסטישען עלעמענט — געהאט די זכיה און דעם באגעהר צו באזוכען ביי זיין לעבען אונזער הייליג לאנד ארץ ישראל — זאל זיין אנדענקען זיין געבענשט.

מיר האבען אפגעגעבען עהרע צום אנדענקען פון די אלטע און ערשטע ציוניסטען וואס האבען געארבייט אין די רייען פון די אוהבי ציון און זיינען פון אונז אוועק — !

איך פיהל אז איך בין שולדיג א פליכט צו די וואס לעַבען און שאפען פאר דעם ציוניסטישען אידעאל נאך אין איצטיגער שווערער צייט; איך וואלט באגאנגען א זינד איך זאל זיי ניט דערמאנען כאטש א „מקצת שבחם"; עס איז אמת ניט באקוועם צו שרייבען געשיכטע איבער פערזאנען, וואס זיינען גאנץ נאהענט צום שרייבער; עס פעהלט די פערספעקטיווע, די ווייטקייט וואס לאזט שרייבען אבּיעקטיוו — ווי איך האב פריהער באמערקט. איך וועל די לעבעדיגע זאגען ווי רש"י מאכט „מקצת שבחו בפניו".

דער עלטסטער פון די אלע חברים און איינער פון די זיילען, וואס טראגט אויף זיך נאך איצט דאס וואס עס איז פארבליבען פון דער אלטער פעסטונג „אוהבי ציון" איז דער אונערמידליכער און טרייער וועכטער פון ציון, דער חבר

דוד זאַקס. ער איז איינער פון די איינציגע פאַרבליבענע ווייל, ווי זאָגט דאָרט דער נביא — כל הנותר בירושלים קדוש יאמר לו . . . חבר ד. זאַקס איז איינער פון די מאָ־היקאַנער וואָס איז פאַרבליבען און געדענקט נאָך און טראָגט נאָך טיעף אין זיין האַרץ די גאָלדענע צייט פון פּרוכטבאַ־רער ציוניסטישער אַרבייט פון די „אוהבי ציון" פון אַמאָל.

און איצט, אַז דער ציון אינסטיטוט פון די אוהבי ציון אין 1514 ס. 6טע סטריט, איז געבליבען נאָך דעם אונצייטיגען טויט פון דר. יעקב בערמאַן ע"ש פאַר'יתומ'ט און פאַרע־לענדט — איז נאָך גאָט זיי דאַנק פאַרבליבען דער ציון וועט־טעראַן דוד זאַקס, זאָל ער לאַנג לעבען . . .

אום צו זיין גערעכט צו יעדען איינעם וואָס טהוט איצט פיעל ווייניג אַרבייט פאַר דעם פאַראיין א"צ, מוז איך ניט מיט וויינינער כבוד און רעספּעקט דערמאָנען דעם יונגען טרייען און האַרציג איבערגעגעבענעם חבר סיגאַל, געווע־זענער און איצטיגער סעקרעטאַר פון דעם סויטה פילאדעל־פיער ציון דיסטריקט אוהבי ציון. חבר סיגאַל איז איינער פון די גאָר יונגע ציוניסטען, וואָס גיט זיין צייט און מיה, אַלס סעקרעטאַר, ווען נויטיג אונענגעלטליך און איז דער איינ־ציגער צעמענט וואָס בינדט און האַלט אויף די מיטגלידער פון דעם ציון אינסטיטוט. אַ נוצליך לאַנג לעבען אויף איהם, חבר סיגעל.

ואחרון אחרון חביב, דער לעצטער און פיליכט אויך דער בעסטער און דער יונגסטער פון די אַלטע ציון קעמ־פער ביי אונז אין שטאָט, איינער וואָס איז געקומען אין דעם ציוניסטישען לאַגער ניט זעהר לאַנג און האָט זיך מיט דעם גאַנצען פייער פון זיין אידעאַליסטישער נשמה אַריינגעוואָרפען אין דעם קאַמף פאַר דעם אידישען היימלאַנד אין ארץ ישראל — איז קיין אַנדערער ווי דר. מאַקס בארבאור, זאָל מאריך ימים זיין. דר. מ. בארבאור איז דער לעצטער און דער איינציגער וואָס האַלט נאָך הויך דעם באַנער, די שטאָל־צע מיוחסדיגע פאָהן פון דעם סויטה פילאַדעלפיער ציון דיסטריקט. זייט זיין עלטערער קאָלעגע און מיטאַרבייטער

אין דעם הייליגען שאפען און בויען פון ציון, דר. יעקב בערמאן, איז אוועק פון אונז — איז דר. מאקס בארבאור געבליבען דער „איינציגער אָדלער" וואָס פליהט הויך אונ־ערמידליך און באשיצט און האלט אויף די נשמה און די טראַ־דיציע פון דעם אמאָליגען זכות אבות'דיגען פאראיין „אוהבי ציון". געשטארקט און געבענשט זאָלען זיין די הענט פון די איניגע וויניגע וואָס זיינען נאָך פארבליבען ביים לעבען און ציען דעם גאָלדענעם פאָדעם און זעטצען פאָר די אונ־שעצבארע און הייליגסטע ארבייט פון ציון. איך וויל דאָ גלייך באמערקען, אז מיין אויפגאבע איז ניט צו שרייבען וועגען אלע אַנדערע ציוניסטען פון אונזער שטאָט, וועלכע האָבען מעגליך אויך געטאָן גוטע ארבייט — און דיזער קאפיטעל איז געווידמעט נאָר די פּיאָנערען און גרינדער־ארבייטער פון דעם ערשטען פאראיין „אוהבי ציון".

## פילאַדעלפיאַר זייאָן סאָסייטע

דער נאַציאָנאַל ציוניסטישער געדאַנק ווערט מיט דער צייט פּאָפּולער און אָנשטעקענד. — ניט נאָר אין די נידערי־גע שיכטען פון אידישען דאון טאון איז דער ציוניזם גע־וואָרען איינגעבירגערט און היימיש — אויך אפּטאון האָט דער ציוניסטישער אידעאל געמאכט א רושם, איין גוטען איינדרוק און דער ציוניסטישער געדאַנק האָט געפונען אָנ־הענגער צווישען די אינטעליגענטע און פּראָמינענטע דייטשע און אַמעריקאַנער אידען פון אונזער שטאָט.

די ערשטע פרוכט פון ציוניסטישער טהעטיגקייט צווישען די אסימילירטע אידען פון אפּטאון — איז געווען דער בצלאל פאָנד.

לויער ב. הערים און מרס. ב. ב. עמרם האָבען זיך בא־טהייליגט אין זאמלען געלד פאָר דעם „בצלאל פאָנד" אין ארץ ישראל.

פאָלגענדע דייטשע און אמעריקאַנער אידען, די סמע־טענע פון דער אידישער ביזנעס וועלט אין פילאדעלפיע האָבען

בייגעשטייערט באדייטענדע סומען געלט צום בצלאל פאָנד: זיי זיינען: וויליאם מאָרים, דייוויד ווערנערעמרם עסק., מר. דזשייקאָב גימבעל, מר. עלים גימבעל, מר. סעמועל ד. ליט, מר .דזשייקאָב ד. ליט, מר. קלארענס וואולף, לואים און וויליאם גערסטלי, מר. גבריאל בלום, מר. בענדזשאמין וואולף, לואים און וויליאם גערסטלי, מר. בענדזשאמין וואולף, מר. עדווארד וואולף, מר. סעמועל שטערענבערגער, דזשאָדזש מאיר סולצבערגער, מר. נ. סנעלענבערג ענד קאָ. מר. פעליקס אייזמאן, דר. דייוויד אייזמאן, דר. ל. וו. שטיינבאך, דר. און מרס. סאָלאָמאָן סאלים קאהן, דר. אלבערט בערנהיימער, דר. ב. ל. סינגער און מר. לואים עדווארד ליווי. זיי אלע, ווי געזאָגט, האָבען בייגעשטייערט א באדייטענדע סומע געלד פאר דעם „בצלאל פאָנד" אין ארץ ישראל.

## אגודת המכבים פילאַדעלפיאַ

„אגודת המכבים" אָדער „מאקאבעיער ציון פאראיין" איז געווען די ערשטע יונגע און שעהנע ציוניסטישע פרוכט פון דער נאציאָנאל־ציוניסטישער באוועגונג אין פילאדעלפיא. ווי די אמאָליגע מאקאבעיער, די חשמונאים, וואָס האָבען העלדיש און מיט זעלבסט אויפאָפערונג געקעמפט געגען די גריכען און זייערע שמד־גזירות — אזוי האָבען זיך דאָ מיט 26 יאָהר צוריק אָרגאניזירט פון 18־20 יעהריגע באגייסטערטע און נאציאָנאל פיהלענדע אידישע יונגע מענער ,אלע עמיגראנטען קינדער, און האָבען געגרינדעט מיט דער הילף פון חבר דוד טירקעל ,דעם יוגענדליכען ציוניסטישען פאראיין, „אגודת המכבים", אָדער מאקאבעיער ציון פאראיין.

די „אגודת המכבים" האָט באלד ביים אָנפאנג זיך געשטעלט אלס פרינציפ ניט צו דערלאָזען ווי וויית מעגליך קיינע פריוואט ספעקולאציעס מיט דעם באָדען אין דעם הייליגען לאנד און דערפאר איז די הויפט ארבייט און אלע אנדערע טהעטיגקייטען פון דעם מאקאבעיער ציון פאראיין אין

פילאדעלפיא געווען געווידמעט און קאָנצענטרירט אויף דעם אידישען נאציאָנאל פאָנד און אלע זיינע צווייגען...

דער „אגודת המכבים" פאראיין איז געגרינדעט געוואָרען אונגעפעהר אין יאָהר 1905 אין דעם בית ציון אינסטיטוט, 249 פיין סטריט, וואו זיי האָבען אויך שפעטער אָפּגעהאלטען זייערע רעגולערע מיטינגען. — פאָלגענדע זיינען געווען ביי דער גרינדונגס פארזאמלונג: דוד ב. טירקעל, גרינדער, מענדעל לייסין, דוד פינקעל, ראבי אָסקאר לעווין און אַנדערע. שפעטער איז די „אגודת המכבים" פיעל פארגרעסערט געוואָרען און געצעהלט פון 75-80 גוטשטעהענדע יונגע און ענערגישע ציוניסטישע קעמפער, מענער און פרויען.

ווי געזאָגט, האָט זיך דער מאקאבעיער ציון פאראיין אָפּגעגעבען מיט פראקטישע ארבייט, ווי זאמלען געלד פאר דעם נאציאָנאל פאָנד. דעם ערשטען יאָהר האָבען זיי געזאמעלט איבער 500 דאָלאר; צו יענער צייט איז דאָס געווען א באַדייטענדע סומע פאר יונגע ציוניסטישע אָנפאנגער, אָבער זייער טהעטיגקייט האָט זיך אויסגעשפרייט אויך פאר ציוניסטישע קולטור ארבייט. זיי האָבען פאראנשטאלטעט א סעריע לעקציעס, געהאלטען אין ציון אינסטיטוט יעדען פרייטאָג אָוענד און יעדען זונטאָג, לויט אַ פּראָגראַם, וועלכע די „אגודת המכבים" און די „אוהבי ציון" האָבען צוזאמען אויסגעארבייט. אין די פאָרטראגען און לעקטשורס האָבען פאָלגענדע גענומען אַנטהייל: ק. מרמר, ראבי ב. לעווענטהאל, דר. ב. ל. גאָרדאָן, יעקב פערסקי, לאָיער איזידאר פרענער, א. עלשטיין, א. פריעדמאן, יאָזעף גראָס, עסקוו., און מיכאל בראון.

אויסער דעם האָט דער „אגודת המכבים פאראיין" ארויסגעגעבען א יעהרליכען זשורנאל „דער שטערן", רעדאקטירט פון דוד טירקעל. דער זשורנאל „דער שטערן" האָט אנטהאלטען אינטערעסאנטע ליטעראַרישע ארטיקלען און וויכטיגע ציוניסטישע אינפאָרמאציאָנס מאטעריאל. צווישען די מיטארבייטער אין דעם „שטערן" זיינען געווען: דר. י. וואָרטסמאן, יהואש, דר. מ. רייזין, י. אדלער, בן רבקה, ד.

ב. טירקעל, י. פפעפער, פ. מאָרדעל, י. ש. פרענאָוויץ, מאיר בלינקין, כהנביץ און ד. בטלן.

צום שלום וויל איך באמערקען, אז דער ארטיקעל וועגען די פינאַנצען פון דעם נאַציאָנאַל ציוניסטישען גערדאַנק אין אונזער שטאָט האָט זיך שוין פארלענגערט מעהר ווי איך האָב אין אָנפאַנג גערעכענט — איך האָב אויף דעם קיין חרטה ניט! די טהעמא איז רייך און אונבאַגרעניצט. דער געגענשטאַנד, דער ציוניסטישער אידעאל צו אויפבויען דאָס אידישע היימלאַנד אין פאלעסטינא ,איז אזוי וויכטיג און גראנדיעז, אז דער אינהאלט קען זיך קיינמאָל ניט אויסשעפּען — אזויפיעל איז דאָ נאָך צו שרייבען און אויפקלערען וועגען דעם ענין. אָבער איך וויל דעם לעזער מיט דעם קאָנצענטרירען און אָנשטרענגען זיין געדאַנק צופיעל אויף איין געגענשטאַנד און טהעמא ניט מיער מאכען. איך האָב זיך באַמיהט צו געבען מעהר אָדער וויינינגער אַן אויספיהרליכען איבערבליק אום צו שאַפען דעם מאַטעריאל פאר דעם צוקונפטיגען ציוניסטישען געשיכטע שרייבער פון אונזער שטאָט — „לא עלי המלאכה לגמור”, איך בין ניט אימשטאַנד אליין דעם גאַנצען מאַטעריאל אויסשעפען.

איך האָב, ווי מיין שטייגער איז, זיך פאָרגענומען צו געבען קרעדיט צו אַלעמען וואָס האָבען געהאָלפען גרינדען און פארשפּרייטען די ציוניסטישע באוועגונג אין פילאדעלפיע. אויב עס וועט זיך אַרויסצייגען, אַז איך האָב פאַרפעהלט אַ טהאַט אָדער אויסגעלאָזט אַ נאָמען פון אַ פאַרדיענטען ציוניסטישען טהוער אין מיין ארטיקעל איבער די פינאַנצען פון ציוניסטישער טהעטיגקייט אין אונזער שטאָדט, איז דאָס ניט געטהאָן געוואָרען מיט אַ כיוון — „ושגיאות מי יבין”, עס איז מיר אונמעגליך מיט דעם רויען און מאָגערען מאַטעריאל וואָס איך האָב מיט אזויפיעל שוועריגקייטען אַרויסקריגען צו זיין פּינקטליך און פאָלקאָמען אין דער שווערער, אָנגעשטרענגטער און אומדאַנקבארער אַרבייט, וואָס איך האָב פאר זיך. איך ווייס אז אין מיין איצטיגען שרייבען האָב איך אַרויסגעלאָזט די נעמען פון אַלעמען אַנערקענטע ציוניסטישע

לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע ארבייטער און פיהרער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, ווי דזשאָרזש וויליאַם מ. לואיס, ראַבי מאַקס ד. קליין, ראַבי מ. גרינבערג, לואיס לעווענטהאַל עסקוו., לאַיער ל. מעלטצער ,יעקב גינזבורג, וויליאַם ב. ליעף, ב. פּ. מילער, מר. עדעלשטיין, טש. ליפשיטץ, און אנדערע, וועלכע איך קען איצט ניט געדענקען — אָבער איך וועל נאָך האָבען אַ געלעגענהייט צו שרייבען וועגען זיי אין אַנדערע צווייגען און קאַפּיטלאַך וועגען דעם אידישען לעבען אין פילאַדעלפיאַ און איך וועל יעדען געבען זיין פּאַרדיענטען פּרעסטיזש און קרעדיט, אומפּאַרטייאיש און אָביעקטיוו. ביז דאַן זאָל מיר דער לעזער, וועמעס נאָמען עס פעהלט, אַנטשול־דיגען.

## אידס אָוו זייאָן (עוזרי ציון)

דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם און די גרויזאַמע שחיטה פון דער צעשראָקענער און הילפּ־לאָזער אידישער באַפעלקערונג אין די גאַסען פון קישינעוו.

אייראָפּאַ האָט אויפגעשוידערט און אין אַמעריקע האָט די עפענטליכע מיינונג געשטורעמט מיט פּראָטעסטען און פאַרדאַמונגס אַרטיקלען געגען די שרעקליכע רציחות וואָס קרושעוואַן מיט זיינע באַשיבוזוקעס, די ווילדע מאָלדאַוואַנען זיינען באַגאַנגען געגען אונשולדיגע און אונבאַהילפיגע אידי־שע מענער און פרויען, יונג און אַלט, ניט שוינענדיג קיינעם.

אַמעריקאַנער ענגלישע צייטונגען שיקען ספּעציעלע קאָ־רעספּאָנדענטען נאָך קישינעוו אויסגעפינען פּערזענליך די גרוילטהאַטען וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרען געגען אידישע מאַמעס און זייערע יונגע טעכטער, וועלכע זיינען צוערשט פאַרגוואַלטיגט געוואָרען און נאַכהער צעבוטשערט געוואָרען ווי די לעמער אין שלאַכטהויז.

די אַמעריקאַנער ענגלישע פּרעסע איז געווען טאָגטעג־ליך איבערפילט מיט די שוידערליכע בילדער און באַשריי־בונגען וועגען די אכזריותדיגע גרוילטהאַטען וואָס דאָרט,

אין דער רייכסטער שטאָט פון בעסאַראַביע, אין קישינעוו, זיינען באַגאַנגען געוואָרען.

אונזערע יונגע אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע קינדער לייענען די ענגלישע צייטונגען און ווערען פּאַרציטערט; דאָס יונגע אַמעריקאַנער אידיש בלוט ווערט אין זייערע אָדערען אויפגעקאָכט! זיי זיינען נאָך יונג, בלויז 13 און 15 יאָהר אַלט, כמעט אַלע הייסקול שילער, זיי קענען ניט געהן פּערזענליך זיך נוקם זיין אין די בלוט הינט, די קרושעוואַנס... זיי גרינדען אַ געזעלשאַפט פון זייער עלטער צו העלפען דעם אידישען פּאָלק צו ווערען זעלבסטשטענדיג און זיין אומשטאַנד צו העלפען זיך געגען דעם שונא!

אַזוי, שטעל איך מיר פאָר, איז געוועזען די גייסטיגע אַטמאָספערע און די פּסיכאָלאָגישע מאָטיוועז ווען דער אידישער יוגענד פאַראיין „איידס אָוו זייאָן (עוזרי ציון)" איז געגרינדעט געוואָרען אומגעפעהר אין דעם יאָהר 1904, אָדער אין 1905 פון אַ גרופּע יונגע אידישע הייסקול (מיטעל־שולע) באָיס, וועלכע, די מעהרסטע פון זיי, זיינען אין שפּעטערע יאָהרען אויסגעוואַקסען צו פּראָמינענטע אידישע פּערזענליכקייטען, און וועלכע, יעדער אין זיין פאַך, האָט זיך אויסגעצייכענט מיט גרויס קרעדיט און מיט שטאָלץ פאַר זיך און פאַר די געמיינדען צווישען וועלכע זיי לעבען און ווירקען.

אָט זיינען די נעמען, אַ טהייל פון דער שעהנער, בליהענדער אידישער יוגענד פון יענער צייט, וואָס האָבען געגרינדעט די „איידס אָוו זייאָן" און פאַר צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד טיכטיג געאַרבייט צו פאַרשפּרייטען צווישען זייער גלייכען דעם אידיש נאַציאָנאַלען געדאַנק און דעם ציוניסטישען אידעאַל אין זיינע פאַרשידענע צווייגען:

ראַבי ס. דייוויס מעט, פילאַדעלפיע; ראַבי ישראל לעווענטהאַל, ברוקלין, נ. י.; ראַבי לואיס פיינבערג, מינעאַפּאָליס; ראַבי לואיס האַז, העריסבורג; ראַבי סעמועל ראַבינאָוויטץ, מיסיסיפּי; ראַבי לואיס בראַוו; דזשאָדזש ווילי־אַם מ. לואיס; לאָיער אברהם ווערניק; לויער לואיס לעווענטהאַל; לויער נאַטהאַניעל גאָלדמאַן; דר. מאַקס הער־

מאַן ; דוד גאָלטער ; ב. רייבשטיין, סעקרעטאַר ; פּריינס רובינשטיין, באַלטימאָר ; דזשאָזעף קאָהען ; נייטהען סלאָ־נימסקי ; מאָרים סעלער, סקול פּרינציפּאַל ; סיימאַן אָהן, היי סקול טיטשער ; זש. אַלטקרוג, סעק. און אַנדערע.

פּיעלע פון די אויבענדערמאָנטע האָבען זיך אין זייערע קאַריערען ערוואָרבען לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע רעפּוטאַציעס דאָ און אויך אויף יענער זייט ים !

די „איידס אָוו זייאָן" האָבען געהאַלטען זייערע פאַר־זאַמלונגען אין ציון אינסטיטוט, איידער זיי האָבען געמופט דאַון טאַון, אין 249 פּיין סטריט ,און געפיהרט האָבען זיי זייערע פאַרהאַנדלונגען ביי די מיטינגען אין דער ענגלישער שפּראַך.

ווי געזאָגט, איז דער הויפּטצוועק פון די „אייד אָוו זיי־אָן" געווען צו פאַרשפּרייטען און פּאָפּולער מאַכען דעם ציוִ־ניסטישען אידעאַל צווישען דער אַמעריקאַנער אידישער יו־גענד, אָבער זייער טהעטיגקייט אויף דעם ציוניסטישען פעלד איז געווען פאַרשיעדענאַרטיג. ביי יעדען מיטינג האָט מען געזאַמעלט געלד פאַר דעם אידישען נאַציאָנאַל פאָנד. זיי האָבען אויך געזאַמעלט ביי 300 דאָלאַר פאַר דעם בצלאל פּאַלעסטינא פאָנד. זיי האָבען געשיקט דעלעגאַטען צו יעדער קאָנווענשאָן פון דער „פעדעריישאָן אָוו אַמעריקאַן זייאָניסט". און זיי האָבען אויך אַנטהייל גענומען אין זאַמלען געלד פאַר דעם רעליעף פאָנד פון די פּאָגראָם קרבנות אין אייראָפּע.

די „איידס אָוו זייאָן" האָבען געהאָלפען אָרגאַניזירען אַן עהנליכען פאַראיין די „קעמדען זייאָן סאָסייעטי, פון קעמ־דען, נ. דזש., און „די איידס אָוו זייאָן" האָבען אַ צייט לאַנג אָנגעפיהרט אַ העפטיגען קאַמף געגען די מיסיאָנערען קלייזלאַך אויף דער אידישער גאַס !

אויף דעם קולטורעלען און ערציהערישען געביט האָט די „איידס אָוו זייאָן" אָנצוצייגען אַקטועלע טהעטיגקייטען. עס איז ניט פאָראיבער געגאַנגען איין מיטינג, וואָס זאָל ניט פאָרקומען אַ לעקציע געגעבען פון פּראָמינענטע אַווטאָרי־טעטען אין וויסענשאַפט, ליטעראַטור און באַזונדערס איז

אידישער געשיכטע — און ווען ניט א לעקציע, זיינען פון די מעמבערס זעלבסט אויפגענומען געוואָרען פראגען און פראָבלעמען פון אַן אידישען און אַלגעמיינעם כאראַקטער. די טהעמען, דער אינהאַלט און דעבאַטעס זיינען אימער גע־ווען אינטערעסאַנט און באַלעהרענד פאַר דעם גייסט און פאַר דער אנטוויקלונג פון דער אידישער יוגענד, פון וואָס עס איז באַשטאַנען די גרופּע פון דעם ציוניסטישען יוגענד־פאַראיין „איידס אָוו זייאָן" (עוזרי ציון).

ווען ראַבי דייוויד מעט, איינער פון די גרינדער, איז געקומען מיט צוויי יאָהר צוריק אין פילאַדעלפיע אָנגעשטעלט אַלס ראַבי אין וועסט פילאַדעלפיאַ קאָמיוניטי צענטער — האָבען זיינע יוגענד חברים פון די „איידס אָוו זייאָן" פאַר־אנשטאַלט פאַר זיין כבוד ווענען און אויך פאַר אַלאָמני צו־זאמענקונפט א רעסעפּשאָן־באַנקעט און ביי דער געלעגענהייט האָט דער געוועזענער סעקרעטאר ב. רייבשטיין געלעזען אויס־ציגע פון די פּראָטאָקאָלען וואָס האָבען אָפּגעפרישט זכרונות פון דער גאָלדענער יוגענד, ווען זיי האָבען צוזאמען געאר־בייט פאַר דעם ציוניסטישען אידעאַל און פאַר דעם אויפ־בויען די נאַציאָנאַלע אידישע היים אין ארץ ישראל!

# סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי
# פּועלי ציון

פון אַ גאַנצען יאָהרהונדערט רעוואָלוציאָנערער טהעטיג־קייט מיט דעם צוועק צו באַפרייען רוסלאַנד פון צארישען דעספּאָטיזם און טיראַנישער זעלבסטהערשאַפט — איז דער לעצטער פּערטעל פון פאַרגאַנגענעם יאָהרהונדערט געווען דער שאַרפסטער, דער אָנגעשטרענגסטער. באזונדערס איז יענער פּעריאָד באַוואוסט מיט דעם פאַרצווייפעלטען קאַמף און די אונצעהליגע קרבנות וואָס די שטודירענדע אידישע יוגענד האָט בייגעטראָגען צו דער באַפרייאונג פון דעם רוסישען פאָלק אין די צייטען פון אַלעקסאַנדער דעם טיראַן און ניקאָלאַי דעם לעצטען . . .

פיעלע געדענקען נאָך די שטראָף עקספּעדיציעס אין דעם אויסראָטונגס פּראָצעס, וואָס אַלעקסאַנדער דער דעספּאָט האָט אָנגעפיהרט געגען די רעוואָלוציאָנערען אַלס ראַכע גע־פיהל פאַר זיין דערמאָרדעטען פאָטער אַלעקסאַנדער דעם צווייטען אין 1881! אַם ביטערסטען און מיט זעלטענער אכזריות האָט די רוסישע רעגירונג זיך נוקם געווען אַן דעם אידישען פאָלק, אָנגעפאנגען מיט אידישען סטודענט, דעם אינטעלי־גענט, ביז צו דעם אידישען פאָלקסמענש. די פיינסטע, די געבילדעטסטע און די פלייסיג שטודירענדע אידישע יוגענד, אונטער דעם קלענסטען פארדאַכט פון רעוואָלוציאָנערער טהע־טיגקייט, איז געוואָרפען געוואָרען אין די געפענגענישען, און פיעלע אין די הונדערטער און טויזענדער זיינען אדמיניס־טראַטיוו, אָהן אַ משפט, ניט צולאָזענדיג קיין פאַרטהיידי־גונג, אין געהיים פארשיקט געוואָרען אין די ווייטע געגענדען פון קאַלטען טויטען סיביר. און די געפונענע שולדיג אין אַ

קריעגס געריכט זיינען געוועזן שוין פאָראויס פאַראורטהיילט צו דער תליה. — עס איז געוועזן לית דין ולית דיין — ניט געוועזן פאר וועמען צו קלאָגען זיך און עס האָט ניט געהאָלפען דאָס קלאָגען און פּראָטעסטירען.

פּאַרטיג געוואָרען מיט דער „קראַמאָלאַ", מיט די רע־וואָלוציאָנערע בונטאָוושטשיקעס — האָט מען זיך גענומען צום אידישען פאָלק! די „שווארץ־מאה'ניקעס" האָבען זיך ביטער גערעכענט מיט די אידישע טאַטעס און מאַמעס פאר די זינד פון זייערע זינדיגע זין און טעכטער געגען דער צאַ־רישער רעגיערונג; באַלד זיינען אויסגעוואַקסען די באַריהמ־טע איגנאַטאָווס „ווערעמענע פּראווילאַס", עס האָט זיך אָנגע־פאַנגען א סדרה פון אויסנאַהם געזעצען געגען אידען אויף דער פּראָווינץ. און אין די גרעסערע שטעדט מיט באַדייטענ־דע אידישע באַפעלקערונגען האָבען אויסגעבראָכען בלוטיגע פּאָגראָמען און צעשטערונג פון אידישע, מיט בלוט און שוויים ערוואָרבענע, האָרעוואַניע, און אידיש אומשולדיג בלוט האָט זיך געגאָסען אין דעם געדיכטען אידישען ישוב — ווי וואַסער.

דאָס איז דער שוואַרצסטער און פינסטערסטער פּעריאָד אין דער בלוט געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק אין דעם לאַנד פון די צאַרען פאר און נאָך זייער אונטערגאַנג!

עס איז גוט באַקאַנט דער קורצער, לאַקאָנישער ענטפער וואָס דער פינסטערלינג, דער צורר היהודים, פּאָבעדאָנאָס־צעוו האָט געגעבען, ווען מען האָט איהם געפרעגט, וואָס ער דענקט וועגען דעם אידישען פאָלק און ווי אזוי נאָך זיין מיינונג קען אַמבעסטען די אידישע פראַגע אין רוסלאַנד גע־לעזט ווערען: — גאַנץ איינפאַך און קאַלטבלוטיג איז געוועזן דער ענטפער און נעמליך: „איין דריטעל אידען וועלען אומ־קומען אין די פּאָגראָמען, א דריטעל וועט אויסוואַנדערען פון רוסלאַנד און דער פּאַרבליבענער טהייל וועט זיך אויס־שמד'ן!

טיעף געריהרט און געוועהטאָגט ווי עס האָט געפיהלט דער אידישער אינטעליגענט און דער אידישער רעוואָלוציאָ־

נער פאר דעם אידישען פאָלק, פאַר די אידישע מאסען וואָס מוזען אזוי בלוטיג טהייער באצאָהלען פאַר זייער אנטהייל נעמען אין דעם באפרייאונגס קאמף פון דעם רוסישען פאָלק — דער קאלטבלוטיגער שווייגען פון דעם רוסישען ליבעראַ־לען און אינטעליגענטען קלאַס, דאָס צוזעהן פון די רוסישע חברים, סאָציאַליסטען, פאַרטיי גענאָסען, ווי דאָס פאָלק, דאָס רוסישע פאָלק געהעצט פון דער רוסישער רעגירונג, מאַכט בלוטיגע פאָגראָמען אויף אידען, פארגיסען אידיש בלוט פון אידישע אונשולדיגע פרויען, מוטערס און קינדער — און זיי שווייגען די קעמפער פאַר מענשען רעכט און פרייהייט!

ניט איין איינציג וואָרט פון פראָטעסט און פאַרטהיידי־גונג הערט מען ניט פון דער רוסישער ליבעראלער פרעסע און די ראַדיקאלע סאָציאַליסטען זיינען געוועזען בלינד און טויב צו די אונגעהערטע רציחות וואָס ווערען באַגאַנגען אין דעם רוסישען פאָטערלאַנד, פאַר וועלכענס באפרייאונג די אידישע געבילדעטע יוגענד פון רייכע היימען האָבען זייער לעבען און פרייהייט פרייוויליג געגעבען!

און ווען מען איז צוגעשטאַנען צו באַריהמטע פאָלקס פריינד און ראַדיקאלע שרייבער פארוואָס זיי פארשווייגען די שוידערליכע שחיטות אויף אונשולדיגע מענשען, אויף דעם אידישען פאָלק, — האָבען זיי דאָס נאַאיווע רוסישע פאָלק פאַר־טהיידיגט מיט דער באמערקונג: דאָס רוסישע פאָלק איז פארביטערט, דענערווירט און אויפגערעגט, עס מוז האָבען איין אויסגוס פון אָנגעזאַמעלטען צאָרען —איז דאָס אידי־שע פאָלק דער זינדיגער באָק צו באצאָהלען, צו בארוהיגען די אויפגערעגטע געמיטהער און צו שטילען דעם רוסישען פאָלקס צאָרען.

אָט דיעזער מאָראַלישער חורבן פון אינדיפערענטיזם און גלייכגילטיגקייט פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער און לי־בעראלער אינטעליגענץ, ווען אַ גרויסער טהייל פון אידישען פאָלק ווערט געראויבט, געפלינדערט, געשענדעט און געמאָר־דערט, אָט דאָס פארברעכערישע פארשווייגען און די אייז־קאַלטע באציהונג צו דעם אידישען אומגליק — דאָס אלץ

האָט געמאַכט אַ געוואַלדיגע איבערקערעניש אין די מוחות און אין די הערצער פון פיעלע פון די ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטיש געזאָננענע אידישע אינטעליגענטען און פאַרגעשריטענע אידישע אַרבייטער!

פאַרשוועכט איז געוואָרען דער אידעאַל פון אַן אַלמענשליכע ברודערשאַפט, וואָס מאַכט קיין אונטערשיעד פון ראַסען און פעלקער, צערונען זיינען געוואָרען די זיסע זעהונגען וואָס נעהמען ארום די גאַנצע מענשהייט און צושטערט איז געוואָרען די בריק וואָס בינדט מענש צו מענש, וויים צו שווארץ, איד צו קריסט! עס האַלט נאָך גאַנץ ווייט צו דעם „באחרית" הימים" און דער אידישער ראַדיקאַל האָט זיך פאַרטראַכט: „אפשר איז נאָך די צייט ניט געקומען ,אַז דער וואָלף זאָל מאַכען שלום מיט דעם שעפּס — און אפשר איז גאָר געקומען די צייט פון „השיבנו נאַזאַד", צוריק צום אידישען פאָלק!

איז דאָך דער איד דורכשניטלאַך מעהר אינטעליגענט, מעהר ציוויליזירט ווי דער רוסישער מוזשיק, האָט דאָך דער איד אַמאָל געלעהרענט חומש, וואו עס איז פאַראַן אַ שטארקע אָנדייטונג פון סאָציאַלע רעפאָרמען, ווי שמיטה, יובל, און נאָך דעם חומש קומען דאָך די אידישע נביאים מיט זייער שטראָפען, די רייכע, די קציני סדום און זייער פאָדערען אַ פּרינציפּ פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט און אַ ברודערלאַכען צוזאַמענלעבען! האָבען דאָך די אידען געלעבט פיעלע הונדערטער יאָהרען אויף זייער לאַנד און גענאָסען די פולע פרוכט פון זייער עהרליכער ארבייט . . . זיינען דאָך די אידען איבער טויזענד יאָהר געווען איינגעוואָרצעלט אין זייער לאַנד אין מזרח, וואָס איז פון זיי מיט געוואלד אוועקגענומען געוואָרען און וועלכעס וואַרט איצט אויף דעם אידישען פאָלק וואָס זאָל קומען און עס בויען.

אַזוי האָבען די געשיכטליכע פאַקטען און לעבענס־פאַסירונגען געפיהרט צו דעם אידיש לאָגישען געדאַנק ,אַז דער סאָציאַליסטישער אידעאַל קען אַמבעסטען און אַממענשליכסטען פאַרווירקליכט ווערען צווישען אידישען פאָלק אויף זיין

אייגען לאַנד, אין זיין אַלטער היים, ציון; און די העלדישע חלוצים און חלוצות האָבען מיט זייער הייליגע ארבייט אין ארץ ישראל אויף אַן אומצווייפעלהאַפטען אופן דיעזען פאַקט באַשטעטיגט! . . .

„דער ערשטער פאַרזוך", לעזען מיר אין אַן ארטיקעל פון ק.—פ, געדרוקט אין יובילייִ בוך פון צוואַנציג יאָהר פּועלי ציוניזם אין אַמעריקע, „צו שאַפען אַ סינטהעז פון אידישען נאַציאָנאַליזם און פון סאָציאַליזם — איז געמאַכט געוואָרען פון דר. נחמן סירקין און פון דר. חיים זשיטלאָווס־קי. דער פאַרשטאָרבענער גייסטרייכער טהוער דר. סיר־קין האָט שוין אין יאָהר 1898 פאָרמולירט דעם סאָציאַליסטיש ציוניסטישען רעיון . . . אין יאָהר 1900־01 האָט דער אונ־פאַרגעסליכער פאַרשטאָרבענער פאָרשער און טהוער ב. באָ־ראָכאָוו אָנגעהויבען אין יעקאַטערינאָסלאַוו אָנפיהרען אַן אַגי־טאַציע פאַר אַ ציוניסטישען סאָציאַליזם — מיט צוויי יאָהר שפּעטער געפינען מיר שוין אַ רייהע פון פּועלי ציון אָרגאַני־זאַציעס און אָן אַ צאָהל שטעדט פון רוסלאַנד!

אויך דער פּועלי ציון געדאַנק אין אייראָפּע איז געבוירען געוואָרען אַלס אַ נויטווענדיגער און לאָגישער רעזולטאַט פון אַן אנטוישטער און צערונענער האָפנונג אויף דעם זיעג פון דער רעוואָלוציע אין דעם סוף פון לעצטען יאָהרהונדערט, ווי אויך ניט וועהניג האָט בייגעטראָגען צו דעם געבורט פון פּועלי ציוניזם — די פאַרשטאַרקונג און פאַרשפּרייטונג פון אַנטיסעמיטיזם אין מזרח ווי אין די מערב אייראָפּעאישע לענדער.

אין אַמעריקע, אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען, זיינען די אומשטענדען און די באַדינגונגען פאַר דעם אויפקום פון דעם פּועלי ציון געדאַנק געווען ראַדיקאַל פאַרשיעדען — צו יענער צייט, מיט קאַרגע 30 יאָהר צוריק האָבען מיר דאַ אין אַמעריקע ניט געהאַט קיין אַנטיסעמיטיזם, קיין סימן פון אידען־האַס. דאָס אַמעריקאַנער פאָלק איז געווען פרום פאַ־טריאָטיש, דער קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט איז געווען ניט אַזוי שאַרף, ניט אַזוי אויסגעשפּראָכען ווי איצט.

אלץ האָט זיך באַגרעניצט אין דעם טרייד־יוניאָניזם — און דאָס ביסעל סאָציאַליזם אויף דער אידישער גאַס איז געווען קאָנטראָלירט פון דער אידישער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי, וועלכע איז געווען „שוקט על שמריה", געזעסען אויף איהרע הייוועז און געוואַרט, ד. ה. געוועזן מיט זיך צו־פריעדען — נאַציאָנאַליזם און בפרט ציוניזם איז געווען ביי די אידישע גענאָסען טריפה ווי חזיר . . .

אין דעם זעלבען יובילעי בוך וואָס איז אויבען דער־מאָנט געוואָרען, לייענען מיר אַן אויסצוג פון חבר מאיר בראונס ארטיקעל, ווי פאָלגט:

„דער „פאָרווערטס" האָט סוף יוני 1903 געהאַט אויך א לייט־ארטיקעל פון ל. מילער'ן, דאַן א מיטרעדאקטאר פון דעם „פאָרווערטס", ערקלעהרענדיג אז „ס'איז אונזיניג פון ראַדיקאַלע ציוניסטען אָדער ציוניסטישע ראַדיקאַלען צו האָ־פען און גלויבען דאָס מען וועט קענען ווען צוזאַמענעמען דאָס גאַנצע פאָלק, ווי שינדער, ווי געשונדעטע, און זיי צו־ריקברענגען אין דעם לאַנד, וואו אויף דעם קבר פון אַלטען יודענטום וואַקסט א גראָז, וואָס איז 2000 יאָהר אַלט".

ווי באַוואוסט האָט מילער אין שפּעטערע יאָהרען געביטען זיין מיינונג און איז געווען אַן ענטהוזיאַסט און הייסער חסיד פון פּאַלעסטינאַ.

אויף דער זעלבער זייט פון דעם זעלבען ארטיקעל פון מאיר בראון, איינער פון די אָרגאַנייזער און פּיאָנער פון די פּועלי ציון אין פילאַדעלפיע — לייענען מיר ווי פאָלגט: אין „פאָרווערטס" האָט מען קענטיג דאַן דערפיהלט דעם פרישען ווינטעל, דאָס לעבעדיגע וואָרט פון די פּועלי ציון צוזאַמען מיט דער רעאַקציע, וואָס איז אריינגעטראָטען ביי פיעלע סאָציאַליסטען — נאָכן קישינעווער פּאָגראָם האָט זיך דערפיהלט א הילפלאָזיגקייט אין די רייהען פון אידישע סאָ־ציאַליסטען, מאַנכע מאָל פלעגען ערשיינען לייט ארטיקלען אין „פאָרווערטס", וואָס טהוט מען? א. ליטווין אין זיין ארטיקעל „און אפשר", זאָגט זיך דאָרט ארויס אז מען דאַרף העלפען כאָטש דעם טהייל פון דער מאַסע, וואָס קעמפט פאַר

א היים, וואו זיי זאָלען קענען זיכער זיין וויינינגסטענס פון פּאָגראָמען און אַנטיסעמיטיזם. — דער „פאָרווערטס" איז אַרויס אויף מאָרגען מיט א באמערקונג, אז ליטווינס מיי־נונגען ווערען ניט געטהיילט פון „פאָרווערטס"! עס איז איבעריג צו באמערקען, אז דער „פאָרווערטס" ביי איצטיגער צייט זייט דער רעדאַקטאָר אב. קאהאן האָט באזוכט פּאַלעס־טינע — איז סימפּאַטהיש גענייגט צו דעם ציוניזם! . . .

אין דער צייט, וואָס עס האָט זיך געטומעלט צווישען די גרינע פּועלי ציוניסטען און די פאָרווערטיסטען און בונ־דיסטען אין ניו־יאָרק — האָט מען איבער דער פּראָווינץ און נאָך וויינינגער אין פילאַדעלפיע לחלוטין ניט געוואוסט פון דעם קאַמף, וואָס עס געהט אָן צווישען די ארבייטער נאַצי־אָנאַליסטען און די ארבייטער־אַסימילאַטאָרען אין ניו־יאָרק!

הפּנים די נאָר וואָס אריבערגעקומענע פּועלי־ציוניסטישע אַגיטאַטאָרס, — און זיי האָט מען געקענט צעהלען ניט אַפילו אויף די פינגער פון איין האַנד — האָבען זיך וויינינג אָנגע־זעהן אין דעם ארבייטער לאַגער. זיי זיינען די ערשטע צייט אין ניו־יאָרק, און צווישען זיי האָט זיך געפונען דער באוואוס־טער ציוניסטישער אַגיטאַטאָר אב. גאָלדבערג — געוועזען א פאַרשווינדענדע מינאָריטעט און זייער השפּעה, זייער איינ־פלוס אויף די קאַנטרי שטעט איז געוועזען גלייך צו נול — צו גאָרנישט! . . .

אין פילאַדעלפיע — אָנהויב יוני 1904 — איז דאָ געבוירען געוואָרען די ערשטע גרופּע פּועלי ציון, באַשטע־הענד פון די ערשטע זיעבען — זיי זיינען געוועזען: חיים פיינמאַן (שפּעטער פּראָפעסאָר אין יוניווערסיטי טעמפּעל). דר. סלאָנימסקי, יחזקאל עדעלשטיין ע"ש, קורנאס, מייקעל בראַון, מאיר בראַון און בריק.

די ערשטע גרופּע פּועלי ציון אין פילאַדעלפיע האָט גאָר־נישט געוואוסט וועגען א פּועלי ציון באוועגונג אין אנדערע לענדער, אַפילו ניט וועגען די ניו־יאָרקער פּועלי ציון — עס איז כאַראַקטעריסטיש, שרייבט מאיר בראַון אין דעם יובילוי בוך פון די פּועלי ציון, אַז די ערשטע פּראָגראַם פון דער

פועלי ציוניסטישער גרופּע אין פילאַדעלפיע און די ערשטע מיטינגען זיינען געפיהרט געוואָרען אין דער ענגלישער שפּראַך — פון זיך אַליין איז אויסגעוואַקסען די פועלי ציון גרופּע אין אונזער שטאָדט, זיך אַליין געשאַפען אַ טעאָריע, אַן אייגענע פּראָפּאַגאַנדע — ער, מאיר בראון דערמאָנט זיך ווי סלאָנימסקי (געוואָרען נאָכדעם פּראָפּעסאָר) האָט אין יולי 1904, גלייך נאָך דעם מאָרד פון פאָן פלעווע, דער רוסישער מיניסטער — געהאַלטען אַ פייערדיגע רעוואָלוציאָנערע רעדע אויף דעם פועלי ציון מיטינג, באַגריסענדיג אַלס אידישער רעוואָלוציאָנער און אַלס פועלי ציוניסט דעם רעוואָלוציאָנערען טהאַט פון רוסלאַנד! . . .

דער איניציאַטאָר און דער באַשאַפער פון דער פועלי ציון באַוועגונג אין פילאַדעלפיאַ איז פאַקטיש געווען יחזקאל עדעלשטיין, וועלכער איז זייט דעם יאָהר 1900 געווען אַן אַקטיווער טהוער אין די פילאַדעלפיער קאָאָפּעראַטיווען און אין די טרייד־יוניאָניסטישע און ראַדיקאַלע באַוועגונג און האָט צו דער זעלבער צייט געהאַט דעם מוטה צו געהערען צו די אַלגעמיינע ציוניסטען!

דער שרייבער פון דיזע צייל֞ען געדענקט נאָך גוט די הייסע, קאָכעדיגע דעבאַטען וואָס דער אונפאַרגעסליכער עדעל־שטיין האָט אָנגעפיהרט אין די אוהבי־ציון, דער ערשטער אַל־געמיינער ציוניסטישער פאַראיין אין פילאַדעלפיע. אין 1904 איז עס קלאָר געוואָרען פאַר דעם יונגען ענטהוזיאַסט עדעלשטיין, אַז ער קען מעהר ניט שטימען מיט די מעטהאָ־דען און מיט דער טאַקטיק פון די אַלגעמיינע ציוניסטען אין פילאַדעלפיאַ, האָט ער פאַרטראַכט צו שאַפען אַן אָרגאַניזאַ־ציע, וועלכע זאָל פאַראייניגען אין זיך סיי די ציוניסטישע און סיי די סאָציאַליסטישע טהעטיגקייטען — ער האָט זיך ווענדען דעם געווענדעט צו זיינע נענאָסען און זיי האָבען איהם אויסגעלאַכט.

אין יוני 1904 איז יחזקאל עדעלשטיין צופעליג געקו־מען אין באַריהרונג מיט אַ 3—4 ענגליש־שפּרעכענדע אידישע סטודענטען, וועלכע זיינען געווען סאָציאַליסטען און נאַציאָ־

נאַליסטען און ער האָט אויסגעפונען, אַז אויך זיי טראַכטען פון דער נויטווענדיגקייט פון באַשאַפען אַן אַנטי־אַסימילאַ־טאָרישען סאָציאַליזם, וועלכער זאָל זיין אַ סינטהעז פון סאָ־ציאַליזם און ציוניזם!

ער האָט פאָרגעשלאָגען, אַז זיי זאָלען צוזאַמענרופען אַ פריוואַטע פערזאַמלונג כדי זיך דורכשמועסען וועגען דעם ענין — צו דער איינער פאַרזאַמלונג האָט עדעלשטיין געב־ראַכט די בראַון ברידער און אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז באַשאַפען געוואָרען אַן אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען: „זייאָניסט סאָשיאַליסט גרופּ".

אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט עדעלשטיין פאַר־קניפּט דעם ערשטען פאַרזוך פון היגע איינגעבוירענע עלע־מענטען צו באַשאַפען אַ ציוניסטישען סאָציאַליזם מיט דעם פועלי ציוניסטישען פאַרזוך אין ניו־יאָרק און האָט אויף אַזאַ אופן אַוועקגעלייגט דעם יסוד פאַר דער פועלי ציון פּאַרטיי אין אַמעריקע!

איינציגע מאָנאַטען שפּעטער שליסט זיך אָן אין דעם פאַר־איין אַ גרופּע פון רוסישע חברים מיט חבר שניאור אָן דער שפּיץ. דער פאַראיין ווערט אידישער, די מיטינגען הויבט מען אָן צו פיהרען אויף אידיש און איינציגע פון זיינע גרינ־דער פאַרלאָזען איהר. (פון די גרינדער איז פון קורנאָס גע־וואָרען אַ באַדייטענדער אידיש־ענגלישער שריפטשטעלער, סלאָ־נימסקי אַ פּראָפעסאָר און אַ דריטער, וואָס האָט פאַרלאָזט דעם פאַראיין, איז געוואָרען אַ מאַהלער, אַן אַרטיסט). פאַר־בליבען פון די ערשטע זיבען זיינען בלויז די חברים פיינמאַן און מאיר בראַון.

דער פילאַדעלפיער פועלי ציון פאַראיין האָט אריינגע־גאָסען אַ שטראָם פון באַגייסטערונג אין ני־יאָרקער פאַראיין, אָדער בעסער געזאָגט, פאַראיינען. ניו־יאָרק האָט שוין צוגע־קראָגען די חברים ב. צוקערמאַן, אבערסאָן, אסתר מינץ, ראָ־זאָווסקי, שאָלמאַן און שפּעטער דר. קאָפּעלאָוויץ און מאדאם פעוזנער.

פילאַדעלפיער פאַראיין אָרדערט איין דעם ערשטען מאַ־סען מיטינג מיט חבר אב. גאָלדבערג פון ניו־יאָרק אַלס רעד־נער. עפּעס האָט דאָס האַרץ געציטערט. מען האָט געוואוסט אַז געגנאָסען גרייטען זיך צו באָמבאַרדירען דעם רעדנער מיט פראַגען און ווילען זוכען צו דער׳הרג׳ענען מיט זייערע אַרגו־מענטען דעם רעדנער מיט אַלע פּועלי ציון פון פילאַדעלפיע! — אז מען האָט דערזעהן אַ באַשיידענעם, אַ נידריגען יונגען־מאַנטשיק, האָבען אייניגע זיך איבערגעקוקט. אָט דאָס איז דער רעדנער?!

דער זאַל איז געווען געפּאַקט און גאָלדבערג האָט גע־האַלטען אַ שטאַרקע רעדע, אַפּעלירט צום האַרץ, געזוכט צו ווירקען אויפן מוח — געגנאָסען האָבען אַרגומענטירט און פון דער דעבאַטע איז גאָלדבערג ניט נאָר אַרויס מיט גאַנצע ביינער, נאָר אויך אַ זיעגער.

דער קורס פון פילאַדעלפיע פּועלי ציון האָט זיך גלייך אויפגעהויבען — ווען שפּעטער איז אַרויפגעקומען אַבערסאָן און מיט זיין דונערנדער שטימע און ציטאַטען האָט ער צו־שמעטערט די קעגנער — האָבען זיך די פילאַדעלפיער פּועלי ציון געפיהלט זייער יום־טוב׳דיג און קאַמפּס־לוסטיג!

נאָכדעם ווי די פּועלי ציון האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו פאַרשפּרייטען און פאַראיינען זיינען צוגעקומען אין שיקאַ־גאָ, טרענטאָן און ניו־יאָרק, איז באַשלאָסען געוואָרען צו רו־פען אַ קאָנפערענץ פון אַלע פּועלי ציון פאַראיינען; עס איז ענדלאַך באַשטימט געוואָרען אָפּצוהאַלטען אַ קאָנווענשאָן —

די ערשטע קאָנווענשאָן פון די פּועלי ציון איז אָפּגעהאַל־טען געוואָרען אין פילאַדעלפיע דעם 29טען, דעם 30טען אַפּ־ריל און דעם 1טען מאַי, 1905. די קאָנווענשאָן האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אויפרעגונג און גרינדליכע מיינונגס פאַר־שיעדענהייטען — צו יענער צייט איז אויפגעשוואומען די פראַגע פון טעריטאָריאַליזם און דאָס איז די געשטרויכעלטע פראַגע וועגען אוגאַנדע. די מעהרהייט פון די פּועלי ציון דעלעגאַטען איז געווען פאַר טעריטאָריאַליזם — פּאַלעסטינ־צעם דעלעגאַטען זיינען געווען נאָר 6.

דער קאמף צווישען די צוויי פראקציעס איז געווען אזוי אָנגעצויגען, אז עס האָט געדראָהעט מיט א שפּאלטונג. די דעלעגאטען האבען ענדליך פארשטאנען, אז שפּאלטונג מיינט אפשר פארניכטונג פון דער יונגער באוועגונג. — א נייטראליטעט רעזאָלוציע צו דער טעריטאָריאליסטישער פראַגע איז אָנגענומען געוואָרען פוןביידע קעמפענדע צדדים.

דערווייל האָט שטאטגעפונען דער 7טער ציוניסטישער קאָנגרעס און דאָרט איז די שפּאלטונג געשעהן; די טערי־טאָריאַליסטען האָבען זיך אָפּגעטהיילט און מיט זאנגווילן אָן דער שפּיץ האָבען זיי געגרינדעט די אידישע טעריטאָריא־ליסטישע אָרגאניזאציע.

אויפן ציוניסטישען קאָנגרעס אין 1905 זיינען געווען 2 אמעריקאַנער דעלעגאטען פון דער פּארטיי: חיים פיינמאַן, פארטרעטענדיג די פּאלעסטינצעס און אווערבאך, פארטרעטענ־דיג די סאָציאַליסטען טעריטאָריאַליסטען.

די רעזאָלוציע אויף פילאדעלפיער קאָנווענשאָן צו בליי־בען נייטראל צו דער טעריטאָריאליסטישער פראגע האָט זיך ארויסגעצייגט צו זיין ניט פראקטיש און אויסגעהאלטען — און דאָס אונפארמיידליכע איז געשעהן. סוף דעצעמבער פון דעם זעלבען יאָהר 1905 איז פאָרגעקומען א קאָנווענשאָן אין באלטימאָר און דאָרט איז אָנגענומען געוואָרען א נייע פּלאטפאָרם, א קלאָרע שטעלונג צום ציוניזם, צום סאָציאַ־ליזם און די יוניאָנס, צו טהאָן פראקטישע ארבייט פאר ארץ ישראל, און העברעאיש איז אנערקענט געוואָרען אלס די נא־ציאָנאלע שפּראך.

צו דער קאָנווענשאָן זיינען געקומען פאָלגענדע דעלע־גאטען: יחזקאל עדעלשטיין, א. ש. וואלדשטיין, אבערסאָן, דר. קאָפּעלאָוויטש, מ. גודמאן, דר. מארקוס, ל. פ. מאסטעראָוו, מ. בראון, דר. ה. זיידעל, ה. כהן, ש. פעווזנער, א. מינץ, חיים פיינמאן, א. זעלדין, היטעלמאן, פינסקי, ראָזאָווסקי, פינק, מערלין, אפעלבוים און בראָן.

אויף דער זעלבער קאָנווענשאָן איז באַשטימט געוואָרען אַרויסצוגעבען אַ וואָכענבלאַט, וואָס איז מעגליך געוואָרען אַ דאַנק די אָנשטרענגונגען פון אַ גרופּע חברים, דער עיקר פון חבר י. ערעלשטיין — דער „אידישער קעמפער" איז ער־שינען דעם 30טען מערץ 1906.

דער פּועלי ציוניזם איז פאַרבליבען די פּאָפּולערסטע פּאַרטיי אין דעם אידישען נאַציאָנאַל געזאָנענעם אַרבייטער לעבען.

אויב עס איז ווען עס איז, ביי דער גרינדונג פון דער פּאַרטיי, געווען אַ פּאַראַדאָכס, אַז די אָנהענגער פון דער אי־דייע מיינען ניט מעהר ווי אויסצונוצען דעם ציוניזם פאַר דער דורכפיהרונג פון סאָציאַליזם און די אייביגע פּראָבלעמען, די אידען־פראגען אין דעם גלות לעבען געהט זיי לחלוטין ניט אָן — איז דער פּאַראַדאָכס מיט דער צייט, באַזונדערס אויף דער באַלטימאָר קאָנווענשאָן, פאַרשוואונדען.

דאָס ערקלעהרען קריעג דעם טעריטאָריאַליזם ,וועלכער האָט קיין באַציהונג ניט געהאַט צום לאַנד, וואו אידען וועלען זיך באַזעצען, אפילו אין דעם ווילדען מדבר פון אַפ־ריקע — אוגאַנדע — מיט דיעזען שריט פון אָפּטהיילען זיך פון די טעריטאָריאַליסטען, האָבען די פּועלי ציוניסטען אי־בערצייגט פאַר דער אידישער וועלט, אַז זיי זיינען פאַרבליבען געטרייע זיהן פון דעם אידישען פאָלק, מיט וועלכענס שיק־זאַל די פּועלי ציון אין דער צייט פון זייער עקזיסטענץ, האָבען זיך שטאַרק אינטערעסירט און גענומען אַנטהייל אין דעם אידישען לעבען ביי יעדער געלעגענהייט, און זיי האָבען גע־האָלפען לעזען די שווערע לעבענספראַגען אין די גלות־לענ־דער אַזוי גוט ווי אין ארץ ישראל . . .

אום בעסער און קלאָהרער צו אילוסטרירען דאָס אויבענ־געזאָגטע וועל איך ציטירען אייניגע שטעלען פון דעם יע־ניגען, וועלכער פאַרקערפּערט מיט זיך איצט דעם אידעאַל פון פּועלי ציוניזם, און וועלכער איז דאָס האַרץ און די נשמה

פון דער פּארטיי; איך מיין דאָ דעם חבר ברוך צוקערמאַן און זיין אַרטיקעל געדרוקט אין דעם זעלבען יובילייי בוך.

אין איין פּלאַטץ פון דיעזען אַרטיקעל דריקט ער זיך אויס ווי פאָלגט: „פּועלי ציוניזם איז געווען דער סינטעז פון ביידע שטראָמען; פּועלי ציוניזם האָט פּראָקלאַמירט אַ פּשוטען, קלאָרען אמת, די אידישע מאַסען נויטיגען זיך אין ביידע שטראָמען, ווייל די צוויי שטראָמען זיינען זיך ניט סותר. פּארקעהרט, די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלקסמענש מאַכען פון ביידע שטראָמען איין לעבענס־יסוד פאר וועלכען עס איז כדאי צו לעבען און צו שטאַרבען...״

„אום צו דערגרייכען פאָלשטענדיגע און מענשליכע און נאַציאָנאַלע פרייהייט, מוז די אידישע מאַסע אין זיך פאַר־איינינגען און אין איהר לעבען אַריינפיהרען דעם ציוניזם־סאָציאַליזם; אָהן איינעם פון זיי בלייבט די אידישע מאַסע א בעל מום...״

און ווייטער אויף א שטעלע דריקט צוקערמאַן זיך אויס, ציהענדיג א פּאראַלעל צווישען דעם אייראָפּעאישען און אמע־ריקאנער פּועלי ציוניזם: „אין אייראָפּע האָבען זיי געקוקט אויף דעם ציוניזם אלס די סטראַטעגישע באַזע — לויט דער טהעאָריע האָט דער ציוניזם געדארפט זיין די סטראַטע־גישע באַזע, פון וועלכער דער אידישער פּראָלעטאַריער וועט קענען בעסער פיהרען זיין קאַמף פאַר סאָציאַליזם . . . גראַדע יענע, וועלכע האָבען דעם ציוניזם רעדוצירט צו דער מדרגה פון א שטאַפּעל אויף באַרג ארויף וועג צום סאָציאַליזם — האָבען געמיינט אז די רוסישע רעוואָלוציע ברענגט שוין דעם סאָציאַליזם. — האָבען זיי זיך גלייך אָנגעהויבען אָפּזאָגען פון דער סטראַטעגישער באַזע — פון ארץ ישראל, ווייל אויב דער ציוניזם איז ניט מעהר ווי א שטאַפּעל אין א לייי־טער צום סאָציאַליזם — ווערט ער דאָך איבעריג אין יענעם מאָמענט ווען מען איז שוין אויפן בוידעם. האָט זיך דאָן אין אייראָפּע אָנגעהויבען דער פּראָצעס פון פּועלי ציוניסטי־

שען קייקלען זיך באַרג אַראָפּ ביז וואַנען גרויסע טהיילען האָבען זיך דערקייקעלט אין דער יעווסעקציע אַריין און גע־וואָרען, ווי געוועהנליך, משומדים—די ערגסטע שונאי ציין..."

די פּאַרטיי פּועלי ציון אין אַמעריקע האָט אויסגעהאַל־טען די פּראָבע און איהר פּאַרדינסט פאַר דער געשיכטע פון אידישען אויפבוי, פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט אויף דעם אייגענעם באָדען, אין דעם אידישען היימלאַנד וועט פאַר־בלייבען עביג אונשעצבאַר!

# דער אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד

מען קען ניט דענקען און מען קען זיך ניט פאָרשטעלען אַ אידיש נאַציאָנאַלען אַרבעטער פאַרבאַנד און ניט דערמאָנען די אַרבייטער פאַרטיי פּועלי ציון, פון וועלכען דער פאַרבאַנד איז פלייש פון זיין פלייש און בלוט פון זיין בלוט. דער־פאַר איז וויכטיג און נויטיג צו וואַרפען אַ קורצען בליק אויף דעם נייעם גייסט און זעעלען־שטימונג, וואָס האָט זיך באַוויזען אין די רייען פון די אידישע אַרבעטער פון יענער צייט.

אין אַ משך פון איבער 20 יאָהר צייט, פון דער ערשטער גרויסער אידישער מאַסען אימיגראַציע ביז דער קישינעווער שחיטה און פּאָגראָם, אין 1903 — איז דער אידישער אַר־בייטער אין אַמעריקע דערצויגען געוואָרען אויף די פּרינ־ציפּען פון קאָסמאָפּאָליטיזם, אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס מיינט זעלבסטפאַרניכטונג אלס אידיש פאָלק, פאַרשטויסען און פאַר־לייקענען די אידישע טראַדיציע, אַסימילירען זיך און ווערען פאַרשלונגען פון דער אַרומיגער וועלט.

האָט דער געוויסען נאָך די פּאָגראָמען און שחיטות פון 1904־1905 ביי דער אידישער אינטעליגענץ און אידישע ראַדיקאַלען אַם ענדע ערוואַכט! — זיי, ביי וועמען דער וועלט שמערץ און דער געפיהל פאַר סאָציאַלער גערעכטיגקייט האָט ניט אויסגעלאָשען דעם אידישען פונק און האָט ניט פאַר־בלענדעט די אויגען און ניט פאַרשטיינערט דאָס האַרץ פאַר דעם אייגענעם וועהטאָג און פיין און שמערץ פון אייגענע טאַטע־מאַמע, פון דעם אייגענעם פון אַלעמען פאַרפאָלגטען אי־דישען פאָלק — זיי, די אידישע ראַדיקאַלען און אידישע סאָ־

ציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען עפענטליך ערקלעהרט, אז עס איז ניטאָ קיין ווידערשפרוך צווישען דעם סאָציאליזם און דעם אידיש־נאַציאָנאלען געדאַנקע, וואָס שטרעבט צו אויסלע־בען זיך אידיש־נאַציאָנאל אויף אייגענעם באָדען, אין א אידיש עטאבלירטע היים־לאַנד אין ארץ ישראל!

מיט אַזאַ פרינציפּען ערקלעהרונג און מיט דיעזער וועלט אַנשויאונג איז געקומען די פּועלי ציון פּאַרטיי אין לעבען — און האָט געגעבען דעם ערשטען קריעגס סיגנאַל צו דעם פאַלש אויסגעטייטשטען אינטערנאַציאָנאַליזם! די פּועלי ציון פּארטיי האָט ערקלעהרט עביגען קריעג דעם אלץ פּאַרדארבענ־דען און גיפטיגען שונא ישראל — אסימילאציע!

גאָר ניט קיין גלייכער קאַמף איז דאָס געווען אין דעם לאַנד פון די פרייע און בראַווע! די ערשטע שוואַלבען, וואָס זיינען געקומען צו אונזערע ברעגען צו פאַרקינדיגען, צו זאָגען דאָס נייע וואָרט פון באַנייאונג און באפרייאונג פון א אידיש־צעריסען לעבען — די פּועלי ציון פּיאָנערען, וואָס זיינען צו אונז געקומען מיט דעם נביאישען וואָרט צו באפרייען פון קנעכטשאַפט, צו אויפלעבען דאָס צעריסענע געמיטה פון דעם אידישען אַרבייטערס נשמה — זיי זיינען געווען קליין אין צאָהל און אָרים אין מאַטעריעלע מיטלען; — ניט געווען קיין פריי פעלד וואו צו ארבייטען און ניט קיין פרוכטבאַרער באָדען צו פלאַנצען — האָבען די ערשטע קעמפער פון אידי־שען געדאַנק דאָ אין אַמעריקע אַזעלכעס ניט געפונען!

די אידישע מאַסען און אידישע אַרבייטער זיינען געווען געפעהרליך פאַר׳סמ׳ט מיט דעם גיפט פון יאָהרען־לאַנגער פּראָפּאַגאַנדע קעגען אַלץ וואָס איז אידיש און נאַציאָנאַל פאָלקסטימלאַך! — עס האָט זיי די קעמפער פון אידישען נאַציאָנאַלען געדאַנק געפעהלט די כלי זיין, די אַמוניציע, געלד, מזומן, מיט וואָס צו קעמפען און קיין ארמיי מיט וועמען צו געהן אין קאַמף האָבען זיי אויך ניט געהאַט! אַלץ איז שוין געווען פון פריהער פאַרכאַפּט אין דעם באַזיץ פון דעם געג־נער! די אידישע אַרבייטער יוניאָנס זיינען געווען אַסימי־לאַטאָריש דערצויגען און דיסציפּלינירט און מושטירט. די פּרעסע וואָס האָט כלומרשט פאַרטהיידיגט די אידישע אַר־

בייטער אינטערעסען — אויך אין די הענד פון דעם אַסי־מילאַטאָרישען לאַגער!

איז דאָס געווען נאָך ווייניג, האָט מען די אידישע מאַסען צוגעצויגען צום „דייטשען סאָציאַליזם" (די רביים פון סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם אין דיעזען לאַנד זיינען געווען דייטשען, די טאַטעס פון וויסענשאַפטליכען אַנטיסעמיטיזם) מיט מאַטעריאַליסטישע צוקערלעקעכלעך. די אַפּיטראָפּסים, די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַטריאַרכען אין אמעריקע, האָבען געזאָרגט דערפאַר, אַז דער אידישער פאָלקסמענש און דער קליינער ביזנעס מאַן, דער קרעמער, זאָלען ניט פאַרבלאָנדזשען צוליעב פּערזענליכע און פאַמיליען אינטערעסען אין די בורזשואַזע בעענפיט סאָסייעטיס און לאָדזשען. זיי, די אידישע ארבייטער, זאָלען זיך חו"ש ניט אָנשטעקען מיט בורזשואזנער אידישקייט, האָט מען פאר זיי אלס באשיצונג געגרינדעט דעם אידישען אָרדען, ארבייטער־רינג, מיט'ן צוועק צו העלפען און שיצען די טויזענדער מיטגלידער פון ארבייטער רינג מיט פאַרשיידענע מאַטעריעלע בענעפיטען און דערמיט פארהיטען די ארבייטער און אינטעליגענטען זיי זאָלען זיך ניט אָנשטעקען מיט אידענטום אין די אידישע וועלטליכע סאָסייעטיס, לאָדזשען און פאַראיינען!

און אַזוי זיינען אַלע וויכטיגע פּאָזיציעס פארכאַפּט געוואָרען און אַלע וועגען צוצוקומען צום אַרבעטער און מענש געווען פארשטעלט!

איז דאָך אַמעריקע אַ פּריי לאַנד מיט קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט פון פרייע פאַרזאַמלונגען און פרייע פרעסע און רעדע פרייהייט און אַזוי לאַנג די אויבענדערמאָנטע רעכטע ווערען ניט מיסברויכט — מעגען מענשען זיך צוזאַמענקומען און זיך צוזאַמענרעדען וועגען פערזענלאַכע און געזעלשאַפטלאַכע ענינים.

כאָטש דער אידיש־נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד איז ערשט געגרינדעט געוואָרען אַ סך שפּעטער, אָבער נאָך אין יאָהר 1907 האָבען זיך אייניגע פּועלי ציון אין פילאַדעלפיע פאַרטראַכט איבער אַ ברייטערען צוטריט צו די אידישע אַרבייטער מאַסען

און געצויגען א פּאַראַלעל צווישען דעם ארבייטער רינג און דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישען די אַרבייטער.

אין יענעם יאָהר האָבען צוויי חברים — דער פריהצייטיג פאַרשטאָרבענער חבר יחזקאל עדעלשטיין און מאיר בראון זיך כמעט ווי געאייניגט אויף דעם געדאַנק פון געגענזייטיגער פאַרזיכערונגס טהעטיגקייט וואָס באַדאַרף אַריינגענומען ווערען אין דער פּועלי ציון אַרבייט; דער טראַגישער טויט פון עדעלשטיין האָט איבערגעריסען פאַר אַ צייט אַפילו דאָס טראַכטען וועגען אזא ארבייט!

עס איז פּאָריבער כמעט אַ יאָהר צייט ביז דער געדאַנק האָט אָנגענומען אַ פּראַקטישע פאָרמע אין פילאַדעלפיע!

אין אָנהויב יאָהר פון 1908, שרייבט מאיר בראון אין זיינע מעמואַרען וועגען פאַרבאַנד, איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענטרעפען זיך פון דריי פּועלי ציון חברים: י. מילער ע״ש, וועקסלער און מ. בראון צוליעב אַ באַשטימטען צוועק, לייגען דעם גרונדשטיין פון דעם ערשטען ציוניסטיש־סאָציאַליסטישען אונטערשטיצונגס פאַראיין, וואָס זאָל אויסטרעטען דעם וועג פאַר אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישען אַרבייטער־אָרדען. דעם שטוים פאַר דעם צוזאַמענטרעפען זיך האָט געגעבען אַן אָנגעקומענע ידיעה פון ניו־יאָרק, אַז דער פּועלי ציון צענטראַל קאָמיטעט פּלאַנט פאָרצובערענגען פאַרן פּאַרטיי־ראַטה אין באָפאַלאָ אַ רעקאָמענדאַציע צו פאַרבינדען זיך מיט דעם ניט לאַנג געגרינדעטען ציוניסטישען אָרדען „בני ציון”. די גרופּע פון דריי האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס טאָר ניט זיין. און ס׳איז דאַן באַשלאָסען געוואָרען צו פאַררופען אַ גרעסערע פאַרזאַמלונג מיטן צוועק צו בילדען דעם פאַראיין.

די כוונה פון די גרינדער פון פאַראיין, שרייבט ווייטער אין זיינע זכרונות מ. בראון, זיינען געווען צו שאַפען אַ פאַרבאַנד פאַר פּראַקטישע ארבייט לטובת די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אידייען . . .

צו דער ערשטער פאַרזאַמלונג אין יאָהר 1908 אין 229 פיין סטריט, זיינען געקומען פּועלי ציון, סאָציאַליסטען טעריטאָריאַליסטען און איינינע סתם אומפּאַרטהייאישע פריינד פון

דער ציוניסטיש סאָציאַליסטישער באַוועגונג. נאָך אַ ברייטערער דיסקוסיע האָבען 11 חברים: מ. בראון, וועקסלער, מילער ע״ש, מרדכי בן עמי, שטאַלבערג, פעליקאָוו, פּאָלקאָוו, ראָדמאַן, טילי לייס בן עמי, מרים מלמד און אברהם קירפּיטשניקאָוו (קירפּיטש) — וועלכע זיינען געווען די גרינדער, זיך געאייניגט אויף פאָלגענדער פּרינציפּען ערקלעהרונג: —

די הויפּט פּרינציפּען פון דעם ניי־געגרינדעטען פאַראיין זיינען געווען: געגענזייטיגע פאַרזיכערונג, אַנטוויקלען חברשאַפט, שטאַרקונג פון נאַציאָנאַלען און סאָציאַליסטישען באַוואוסטזיין, קאַמף געגען אַסימילאַציע, קולטורעלע און אידישע ערציהונגס אַרבייט, געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייט און אַרבייט פאַר דער ווידער פאַראייניגונג פון ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פאַרטייען!

ווי אימער ביי יעדען אָנפאַנג פון אידעאלע אונטערנעמונגען האָבען זיך פיעלע פון די פּועלי ציון באַצויגען צום נייעם פאַראיין סקעפּטיש. מען האָט דאָס ניי־געבוירענע קינד צוגעוואָרפען יענעם צינישען געלעכטער, וואָס דער׳הרג׳עט און פאַר׳סמ׳ט יעדען אָנפאַנג און איז מבזה אַלץ מיט אַלעמען — אָבער דער פאַראיין האָט זיין מוטה ניט פאַרלוירען! — דער ניי געגרינדעטער פאַראיין האָט זיין ערשטען רוף אַרויסגעלאָזט, זיין ווענדונג איבערן לאַנד נאָכצופאָלגען פילאַדעלפיע און העלפען פאַרווירקלאַכען דעם אידעאַל, וואָס פיעלע האָבען געהאַלטען פאַר אַ וויסטען חלום!

און דאָס לאַנד האָט דעם רוף דערהאַלטען, האָבען זיך אייניגע שטעט גלייך זעהר ווארים אָפּגערופען, צווישען זיי זיינען געווען פּיטסבורג, שיקאַגאָ, מילוואָקי און מאָנטרעאָל — שפּעטער זיינען צוגעקומען סינסינאַטי, דעטראָיט און אַנדערע.

אייניגע חברים האָבען די נייע אונטערנעהמונג אָפּגעגאָסען מיט קאַלטען וואַסער, מבטל געמאַכט די אָנשטרענגונג צו בויען נייע ווען דאָס אַלטע איז נאָך ניט פאַרוואָרצעלט און די גרעסטע פּאָרציע האָט דערלאַנגט דער צענטראַל קאָמיטעט פון די פּועלי ציון אין ניו־יאָרק, שיעור ניט אָנגעקלאָגט די זינדיגע פילאַדעלפיער אין דיסציפּלין ברוך —

סטייטש, האָט גע'טענה'ט דער צ. ק., געהן גרינדען אַזאַ פאראיין און נאָך פאראינטערעסירען דאָס לאַנד אין דער צייט ווען עס ווערט פּראָיעקטירט גאָר אַ פאַרבינדונג מיט די „בני ציון".

קורצליך זיינען געגרינדעט געוואָרען אין ניויאָרק און אין בראָנזוויל 2 ברענטשעס און דער פאַרבאַנד איז אַנערקענט געוואָרען ביי די חברים און אין דער פּרעסע!

דאָס האָט געפיהרט צו דעם ערשטען פאַרבאַנד קאָנפעַ־רענץ אין ראָטשעסטער, דעם 16טען יוני, 1910. — דאָס איז געווען די לאַנד־קאָנפערענץ פאַר דעם נאַכהער אָרגאַניזירטען אידישען נאַציאָנאַלען אַרבייטער פאַרבאַנד! די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען די גרונד־פּרינציפּען פאַרן פאַרבאַנד, וואָס האָבען געלויטעט: „דער נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד „שטרעבט צו אָרגאַניזירען אַלע אידישע אַרבייטער אויף פאָל־„גענדע יסודות: געגענזייטיגע הילף אין פאַל פון קראַנק־„הייט און טויט, ערציהונג פון אידישע אַרבייטער אין פולען „באוואוסטזיין פון זיינע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אינטערע־„סען. דער נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד אונטערשטיצט „אַלע אַרבייטען, וועלכע פיהרען צו דער נאַציאָנאַלער באַ־„פרייאונג און אויפלעבונג פון אידישען פאָלק, ער אונטער־„שטיצט אויך אַלע אַרבייטען, וועלכע פיהרען צו דער פאַר־„שטאַרקונג און באַפרייאונג פון אַרבייטער קלאַס!"

שווער איז צוגעגאַנגען די אַרבייט, לייענען מיר ווייטער אין מ. בראונס מעמואַרען, קיינע פינאַנסען, מזומן, קאַפּיטאַל זיינען די ערשטע פאָר מאָנאַטען ניט געווען, עס האָט געפעהלט אַ מאַרקע, אַ סטעמפּ צו שיקען אַ בריוו, קיין געלד אויף רענט איז אויך ניט געווען, אַביסעל אָרים מעבעל האָט מען גענו־מען אויף אויסצאָהלען, דעם סעקרעטאַר איז אויסגעקומען צו באָרגען די ערשטע חדשים פאַר דאָס נויטיגסטע פאַרן פאַר־באַנד, די צאָהלונגען, דאָס האָט מען באַשטימט פּראָוויזאָריש, פאָרלויפיג ניט ווייסענשאַפטליך אויסגערעכענטע!

צום סוף האָט מען געפאָרשט און אונטערזוכט און צוגע־

גרייט א וויסענשאַפטליכען באָדען פאַר איצטיגער פאַרזיכערונגס סיסטעם, פראָטערנאַל רייטס פון פאַרבאַנד.

דורך דער צייט איז פאָרגעקומען נאָך א צוזאַמענפאָר אין פיטסבורג, וואָס האָט אַרויסגעוויזען גאָר א גרויסען אינ־טערעס פאַר א פאַרבאַנד, וואָס האָט געבראַכט נייע 1000 אָרגאַניזירטע אָנהענגער.

דאָס יאָהר 1912 האָט זיך געהאַלטען ביים ענדיגען. די לייטונג, ד. ה. די גרויס באַאַמטע פון פאַרבאַנד זיינען געווען זיכער, אַז אין גיכען וועט מען קריעגען א טשאַרטער און מען האָט באַשלאָסען צו פאַררופען די ערשטע אָפּיציעלע קאָנווענשאָן פון אידישען נאַציאָנאַלען אַרבייטער פאַרבאַנד, אין אָלבאַני, ענדע דעצעמבער, 1912, וואָס זאָל סאַנקציאָ־נירען א קאָנסטיטוציע, פּרינציפּען און די פאַרזיכערונג סיסטעם פון פאַרבאַנד.

דעם 6טען יאַנואַר, 1913, האָט דער פאַרבאַנד דערהאַל־טען דעם טשאַרטער און די פאַרבאַנד פיהרער האָבען זיך גראַטולירט וואָס זיי האָבען געהאַט דעם צוטרויען און דעם געדולד צו וואַרטען איינינגע יאָהר אויף דעם טשאַרטער, וואָס האָט געגעבען דאָס רעכט דעם פאַרבאַנד צו אַרבייטען אַלס אינשורענס אָרדען. דער פאַרבאַנד האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ אין דער אידישער אָרדען וועלט, און די אידישע אַרבייטער זיינען רייכער געוואָרען מיט נאָך א אידישער אַרבייטער אָר־גאַניזאַציע, מיט נאָך א וויכטיגען אַרבייטער קאָאָפּעראַטיוו.

פון גאַנצען לאַנד, פון נאָענטע און ווייטע געגענדען האָט דער פאַרבאַנד אָנגעהויבען קריעגען אנטראגען און באַ־גריסונגען. דער פאַרבאַנד איז נאָך אָלבאַני פאַקטיש אָר־גאַניזירט געוואָרען — פון העכסטענס 700־1000 אָרגאַניזיר־טע מיטגלידער, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין דעם ערשטען יאָהר, — האָט ביים סוף 1913 דער פאַרבאַנד געצעהלט קרוב צו צוויי טויזענד מיטגליעדער.

ווי שווער עס איז געווען די ערשטע צייט די אָרגאַניזאַ־ציאָן אַרבייט, האָט דער פאַרבאַנד יעדען מאָל, ווען די געלע־גענהייט איז געווען — גענומען אנטהייל אין געזעלשאַפט־

ליכע און ספּעציעל אידישע טהעטיגקייטען פון לאַנד — איי־
נע פון די הויפּט אַרבייטען פון פאַרבאַנד איז געווען זיין
ענערגישע און זעלבסטשטענדיגע קולטור אַרבייט.

עס איז געווען דער פאַרבאַנד, וואָס האָט שטאַרק אַגי־
טירט פאַר אידישע אָפּטהיילונגען אין פאָלקסביבליאָטעקען,
געלאָזט פאַרפאַרטיגען אַ מעמאָראַנדום איבער אידישער און
העברעאישער ליטעראַטור און דאָס צעשיקט צו הונדערטער
פאָלקס־ביבליאָטעקען איבערן לאַנד — און דער פאַרבאַנד
האָט אויפגעמונטערט פערזאָנען אָנצופיהרען דעם קאמף פאַר
די אָפּטהיילונגען און געהאַט ערפאָלג!

אין פילאַדעלפיע איז אין אַפּריל, 1914, פאָרגעקומען די
צווייטע קאָנווענשאָן פון פאַרבאַנד און זי האָט דערוויזען דעם
וואַקסענדען כח פון דעם אָרדען און האָט געשטויסען אַנ־
דערע אידישע אַרבייטער אָרדענס אויפן וועג צו שטעלען זיי־
ערע אָרגאַניזאַציעס אין דינסט פון געזעלשאַפטליכע און קול־
טור נויטען פון אידישען לעבען.

מיט דעם וואַקסען פון פאַרבאַנד האָט זיך גלייך גע־
שטעלט די פראַגע פון זיין שריפטלאַכער פּראָפּאַגאַנדע און עס
האָט זיך דערפיהלט די נויט פון אַן אייגענעם אָרגאַן, פון אַן
אייגענער טריבונע.

אין מאָנאַט אָקטאָבער, 1914, איז ערשיענען דער ער־
שטער נומער פון דעם פאַרבאַנד אָרגאַן אונטערן נאָמען
„אידישע אַרבייטער שטימע", אין וועלכען עס האָבען זיך
אָפּגעשפּיגעלט דאָס לעבען און טהעטיגקייט פונם פאַרבאַנד.

דער אידישער נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד האָט
נאָך אין די ערשטע יאָהרען פּרובירט צו פאַראינטערעסירען
די פרוי פון יעדען חבר אין די אַרבייטען פון אָרדען, ער
האָט באַצוועקט צו פאַרוואַנדלען דעם פאַרבאַנד אין אַן אמת'ן
פאַמיליען אָרדען, אין וועלכען די פרוי זאָל אויך געפינען
אינטערעס.

דער אָנפאַנג איז געווען שווער, ווייל בלויז אַ קליינע
צאָהל האָט זיך אָפּגערופען, אָבער די ערשטע חברות האָבען
אויסגעטראָטען אַ וועג פאַר די נאָכדעם באַשאַפענע „פרויען

קלובען" פון פאַרבאַנד, וואָס שפּילט איצט אין פּיעלע שטעט א באַדייטענדע ראָל און האָט מיט דער צייט טויזענדער אידי־שע פרויען געוואונען פאַר די אויפגאַבען פונם פאַרבאַנד, דערהויפּט פאַר זיינע קולטורעלע, ערציהערישע און געזעל־שאַפטליכע אַרבייטען.

און אַזוי האָט דער פאַרבאַנד גלייך ביים גרינדען זיך ערקלעהרט, אַז ער איז ניט בלויז אַ פאַרזיכערונגס אָרגאַני־זאַציע און איז ניט בלויז אין דינסט פון זיינע מיטגליעדער, נאָר ער איז אַ געזעלשאַפטלאַכע קערפּערשאַפט פון אידישע אַרבייטער.

דער שעהנסטער פּערל אין דער קרוין פון פאַרבאַנדס דערגרייכונגען איז, אָהן צווייפעל, די קולטורעלע און דער־ציהערישע טהעטיגקייטען דורך די פאָלקס־שוהלען. לייענען מיר אין דעם „אידישען אַרבייטער" אַן אַרטיקעל פון ל. סי־גאַל, ווי פאָלגט:

„דער פאַרבאַנד האָט צוזאַמען מיט דער פאַרטהיי פּועלי ציון אָנגעפאַנגען די גרינדונג פון אידישע פאָלקס־שוהלען, מיטעל־שוהלען, קינדער גאָרטענס און דעם אידישען סעמינאַר מיט איבער 20 יאָהר צוריק. ווען די אַרבייט איז אָנגעפאַנ־גען געוואָרען איז די אידישע גאַס אין אַמעריקע ניט געווען צוגעפּאסט פאַר דעם. געגנער האָבען די אידייע פון א מאָדערנער אידישער שוהלע ביטער באַקעמפּט. דאָס איז גע־שעהן פון רעכטס און פון לינקס. די גענאָסען און פאַטריאָ־טען פון אַרבייטער רינג האָבען ניט סימפּאַטיזירט מיט דעם אידישען נאַציאָנאַלען גייסט, וואָס איז דער פונדאַמענט פון די פאָלקסשוהלען און פון רעכטס האָבען די אָרטהאָדאָקסישע עלעמענטען ניט געקענט פאַרדייען דאָס באַזייטיגען און דאָס אויסשליסען פון אידישער רעליגיע פון די פאָלקס־שוהלען. די פאַרטיי פּועלי ציון צוזאַמען מיט דעם פאַרבאַנד האָבען אָבער די אַרבייט געפיהרט מיט אַ מערקווירדיגער עקשנות און אינערליכער איבערצייגונג".

„. . . דער פאַרבאַנד האָט אין דער אַרבייט אַרויסגע־וויזען פיעל אָפּפערווילינקייט און קרבנות גרייטקייט און ביז

הײנט צו טאָג פאַרנעמען די קולטורעלע און דערציהונגס טהעטיגקײטען בײם פאַרבאַנד דעם װיכטיגסטען אָרט!

דער פאַרבאַנד איז צװישען די ערשטע אָרגאַניזאציעס אין לאַנד אײנצואָרדענען לעקציעס מיט די באַדײטענדסטע אידישע געלעהרנטע און די ברענטשעס מיט די פרויען קלו־בען פון פאַרבאַנד זײנען אויך באַשעפטיגט מיט אײנאָרדענען דיסקוסיעס איבער װיכטיגע געזעלשאַפטלאַכע און קולטורעלע פראגען. עס איז דער פאַרבאַנד װאָס היט אָפּ דאָס פײע־רען פון אידישע און אַרבײטער יום־טובים און זוכט שטענדיג אײנצופלאַנצען ליעבע צו דער אידישער ליטעראַטור, צו דער אידישער שפּראַך, צום אידישען בוך, צו אַ שענערען און בעסערען אידישען טעאַטער און צו אַלץ װאָס האָט אַ אידי־שען קולטורעלען אינהאַלט — די פאַרבאַנד ברענטשעס און פרויען קלובען שאַפען אַ שענערע און אינהאלטס רײכע אי־דיש־קולטורעלע אַטמאָספּערע בײ זיך אין די שטעט.״

אויפן געביעט פון ארץ ישראל — באַזונדערס פונם אַרבײטענדען ארץ ישראל, פאַרנעמט דער פאַרבאַנד אַ גאָר װיכטיגען אָרט — פון דעם ערשטען טאָג פון זײן גרינדונג האָט דער פאַרבאַנד אַרויסגעװיזען דעם װאַרימסטען אינטע־רעס אין אַלע טהעטיגקײטען פאַר דעם אויפבוי פון ארץ ישראל אַלס אַ אידיש־נאַציאָנאַלע הײם און האָט זיך סאָלי־דאַריזירט מיט דעם אַרבײטענדען ארץ ישראל.

אין די לעצטע יאָהרען פיהרען די ברענטשעס און קלובען פון פאַרבאַנד אויך זעלבסטשטענדיגע אַקציעס לטובת ארץ ישראל.

די פרויען קלובען זײנען טהעטיג פאַר די סאַנאַטאָריומס אין „מוצא״ און אויפן הר הכרמל — די סאַנאַטאָריומס זײנען געבויט געװאָרען פון דעם „קופּת חולים״ (קראַנקען קאַסע) מיט דער הילף פון פאַרבאַנד און װערען פון די קלובען גע־שטיצט יעדען יאָהר מיט באַדײטענדע סומען.

דער פאַרבאַנד בשותפות מיט דער „הסתדרות״ האָבען אויפגעבויט די ערשטע אידישע אַרבײטער פאַרזיכערונגס און מאָרטגײדזש געזעלשאַפט „הסנה״, װאָס האָט זיך געשטעלט

אַלס אויפגאַבע צו געבען לעבענס פאַרזיכערונג די אַרבייטער, ווי אויך דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין ארץ ישראל און גלייכצייטיג העלפען לעזען דאָס פּראָבלעם פון מאָרטגיידזש קרעדיט פאַר אַרבייטער הייזער.

די צוועלפטע פאַרבאַנד קאָנווענשאָן, וואָס איז אָפּגע־האַלטען געוואָרען אין מאָנטרעאַל, האָט אָנגענומען אַ באַ־שלוס צו העלפען די „הסנה"־געזעלשאַפט אין ארץ ישראל אויפצובויען 100 אַרבייטער הייזער, שאַפענדיג אין אַמערי־קע פאָנדען פאַר מאָרטגיידזש קרעדיט.

דורך די פאַרבאַנד ברענטשעס און קלובען זיינען גע־גרינדעט געוואָרען אַ באַדייטענדע צאָהל שפּאָר און ליי־קאַסעס און קרעדיט יוניאָנס, וואָס צירקולירען מיט אַ קאַפּיטאַל פון אַרום אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר. דיעזע אינסטיטוציעס דיי־נען די אינטערעסען פון די מיטגלידער ווי אויך דער אַלגעמיי־נער אידישער באַפעלקערונג. אַ באַדייטענדער טהייל פון די פּראָפיטען ווערען פאַרווענדעט פאַר אידישע קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע צוועקען.

אין אַ צאָהל שטעדט זיינען אויך געגרינדעט געוואָרען פון די פאַרבאַנד ברענטשעס און קלובען זומער־קעמפּס פאַר קינדער און דערוואַקסענע, וואָס זיינען וויכטיגע קולטורעלע און דערציהונגס אינסטיטוציעס פאַר די חברים און פאַר זייערע קינדער. הונדערטער קינדער קריעגען אין די קעמפּס אַ נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע אידישע דערציהונג און זאַפּען אין זיך איין די אידעאַלען פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין דעם פאַרבאַנדס קאָאָפּעראַטיוו טהעטיגקייט פאַר־נעמט אויך אַ וויכטיגען אָרט דער בוי פון קאָאָפּעראַטיווע הייזער; דורך די הייזער ווערט געשאַפען אַ מעגלאַכקייט פאַר אַרבייטער פאַמיליעס צו האָבען באַקוועמע וואוינונגען מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען פאַר ביליגע דירה־געלד.

אין דעם יובילויי נומער „אידישער אַרבייטער" שליסט ל. סיגאַל זיין אַרטיקעל וועגען פאַרבאַנד מיט פאָלגענדער רעזומע:

„דער פאַרבאַנד קען מיט רעכט באַטראַכט ווערען אַלס איינער פון די לעבעדיגסטע אַרבייטער־קערפּערשאַפטען אין לאַנד, וואָס רופט זיך אָפּ מיט וואַרימקייט און אינטערעס אויף אַלע נויטען פון די אידישע מאַסען. דער פאַרבאַנד זוכט לייכ־טער צו מאַכען דעם קאַמף פון דעם אידישען אַרבייטער, פאַר דער פאַרבעסערונג פון זיינע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, ער זוכט צו דערציהען זיינע מיטגליעדער אין גייסט פון קאָאָפּעראַציע און סאָציאַליזם און אַלס טהייל פון דער ציוניסטיש־סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג זוכט דער פאַרבאַנד צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַוועגונג די פאַרענטפערונג פון אַלע אידישע, קול־טורעלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און צו פאַרשנעלערען דעם טעמפּאָ פאַר דעם אויפבוי פון ארץ ישראל אַלס אַ אי־דישע נאַציאָנאַלע היים".

# אינדעפּענדענט אָרדער ברית שלום
## .1932—1905

עס איז געווען באַלד נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם, און די רדיפות און גזירות אויף אידען אין צאַרען־לאַנד האָבען זיך געשטאַרקט מיטן טאָג: די לופט אין דעם פינסטערען רוסלאַנד האָט גענומען שטיקען מיט אויסנאַם־געזעצען און פאַרפאָלגונגען און דער חורבן־קישינעוו האָט אַריינגעוואָרפען דעם זיבען מיליאָניגען רוסיש־פּוילישען אידענטהום אין אַ ביטערען יאוש און שרעקלאַכער פאַרצווייפלונג — גרויסע מאַסען אידען אין רוסלאַנד און פּוילען האָבען באַשלאָסען אויסצוואַוואַנדערען נאָך דעם לאַנד פון פרייהייט און גלייכ־הייט, דאָרט וואו זייערע קרובים און לאַנדסלייט האָבען גע־פונען אַ מענטשלאַכע היים אין אַמעריקע.

פילאַדעלפיע, די שטאָט פון ברודער־ליעבע און גאַסט־פריינטשאַפט, האָט פון דעם נייעם שטראָם אידישע אימי־גראַנטען באַקומען פון זיי אַ היבשען חלק — פריינד און לאַנדסלייט זיינען זיי געקומען אַנטקעגען מיט אויסגעשטרעק־טע אָרעמס: די אידישע סאָסייטעס און לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען זיי, די גרינע, איינגעזאַפּט אין זיך, זיי אויסגעמישט מיט די אויסגעגרינטע, אַמעריקאַניזירטע לאַנדסלייט ברידער פון פאַראיין; — און אַזוי איז די אידישע געמיינדע אין אונזער שטאָט צו יענער צייט אויסגעוואַקסען רייך אין צאָהל און אין פאַרנעהם. עס האָט זיך אַנטוויקעלט אַ קלאַס פון חשובע בעלי בתים און פּראַקטישע כלל טהוער.

געדענקט מען אַז אין דער צייט פון דער ערשטער אימי־גראַציע אין 1881־1882 איז שפּעטער אין פאַרלויף פון יאָה־רען אויפגעקומען אַ נייער יונגער דור, וואָס איז ערצויגען

און אַנטוויקעלט געוואָרען אין דעם אַמעריקאַנעם גייסט, זיך טהיילווייז אַסימילירט מיט דער שפּראַך און זיטען און טראַדיציעס פון דעם לאַנד פון די „פרייע און בראווע" — ווערען דאַן קלאָהר און פאַרשטענדלאַך די פּאָרבאַדינגונגען און די אומשטענדען, וואָס האָבען מעגליך און נויטיג געמאַכט, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַ אידישע קערפּערשאַפט אין אונזער שטאָט, וואָס זאָל אַנטשפּרעכען די נויטען פון דעם עלטערען און צופריעדענשטעלען די פּאָדערונגען פון דעם נייעם דור . . .

און אַזוי איז עס געשעהן, און אַזוי זאָל עס פאַרשריבען ווערען אין די אַנאַלס, אין פּנקס פון דער געשיכטע פון פילאַדעלפיער אידישער געמיינדע, דאָס דעם 5טען פעברואַר פונם יאָהר 1905 זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין 509 ס. 5טע סטריט 44 פּראַקטישע און וויטזעהענדע פילאַדעלפיער חשובע בעלי בתים און האָבען מיט 27 יאָהר צוריק געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם שעהנעם און שטאָלצען בנין, וואָס איז איצט באַקאַנט איבערן גאַנצען לאַנד אונטערן נאָמען „אינדעפּענדענט אָרדער ברית שלום".

פאָלגענדע זיינע געווען די אָרגאַנייזער, די גרינדער פון דעם אינד. אָרדער ברית שלום:

גוטמאַן קליין ע"ש, מאָרים ראָזענבערג ע"ש, דזשייקאָב מארגוליס ע"ש, דר. ל. ס. רובינזאָהן ע"ש, ב. פּ. מילער, סעמועל ענגלענדער, איזידאָר בערקאָוויטש ע"ה, בערנאַרד ענגלענדער, דזשייקאב גינצבורג, מאָרים האבער, דר. מאַקס שטאהלער ע"ה, דר. ס. ס. זעליקאָוויטץ, אדאָלף ראָזענבלום, מאַקס שערמער, דר. ב. ל. גאָרדאָן, דר. דזשאָסעף אייבראהמסאָן, אייזעק ראאב ע"ה, איזרעאל מאַן, נייטען בערקאָוויץ, סעמועל בערקאָוויץ, טשארלס קאהן, דזשייקאב קאהן, היימאַן קאהן ע"ה, אייבראהאם מארגוליס, נייטהען פורמאַן, דזשייקאָב ה. שפּיעלמאַן, סעמועל ב. לעווענזאָהן, ס. קאפלער ע"ש, הערים פריעדמאַן ע"ש, לואיס מאָרים ע"ש, אייבראַהם ווײנטראוב, דזשאָזעף קליין, אייזעק שטיין ע"ה, הענרי בראון, לואיס ווײנשטיין ע"ש, הערמאַן בענדינער ע"ש, ראלף אהרענזאָן ע"ש, לעאָ

בעלמאנט, נייטהען גרייעוו, דזש. ראָזענפעלד, ע"ש און טשאַרלס קרענקעל.

ווי געזאָגט, האָט דער ברית שלום זיך געגרינדעט לויט די פאָדערונגען פון דער צייט מיט אַן אויג צום יונגען דור; דערפאַר איז ער געווען דורכגענומען מיט אידעאַלען פון אַ פּראָגרעסיווען גייסט; אין דער זעלבער צייט האָט דער ברית שלום גלייך פון אָנפאַנג זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַטהייליגען זיך אין אַלע לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע אידישע אָנגעלעגענהייטען, און דאָס האָט געבראַכט דעם „ברית שלום" גרויס פּרעסטיזש און אַנערקענונג.

אַזוי זעהן מיר ווען מיט יאָהרען צוריק האָט זיך שטאַרק געפיהלט אַ נויטווענדיגקייט אין אַ קאָנסאַמפּטיוו סאַניטאָריום נאָהענט פון אונזער שטאָדט, וואו די אומגליקלאַכע וואָס ליידען פון דער ווייסער פּעסט זאָלען באַקומען באַלדיגע און שנעלע מעדיצינישע און סאַניטאַרישע הילף — האָט דער ברית שלום אין די נאָך יונגע יאָהרען פון זיין עקזיסטענץ געקויפט אַ שטח פון 67 אַקער לאַנד אין איגעסוויל, נאָריס־טאַון, פּאַ, און דאָס לאַנד האָט דער ברית שלום געשאָנקען דער אידישער געמיינדע פאַר אויפבויען אַ סאַניטאַריום, וואָס איז איצט איינער פון די וויכטיגסטע אינסטיטוציעס פאַר אי־דישע טובערקולאָזע אין גאַנצען סטייט.

אין דער צייט ווען די עפּידעמישע קראַנקהייט, די אינ־פלוענציא, די אַזוי גערופענע „פליו"־מגפה האָט געבושעוועט ביי אונז אין שטאָט און מענשען זיינען געפאַלען קרבנות פון דער קראַנקהייט אין די צעהנדליגער טויזענדער, עס האָט ניט געקלעקט פאַר די אַלע אנדערטייקערס גענוג הילף צו מתעסק זיין, צו אַטענדען צו די מתים — די פּעקטאָרים האָ־בען ניט באַוויזען צוזאַמענצוקלאַפּען גענוג טויטען־קאַסטענס צו באַשטאַטען די טויטע, דאן איז דער ברית שלום געקומען דער שטאָדט פילאַדעלפיע צו הילף און האָט באַערדיגט אויף אייגענער רעכענונג, לויט דער אסיסטענט גרענד סעקרעטאַר פריינד אדאָלף ראָזענבלום גיט מיר איבער — 300 טויטע פון שטאָדט!

ווייטער דערצעהלט מיר דער זעלבער א. ראָזענבלום, אז דער ברית שלום האָט געשאַפען א פאָנד פון 5 טויזענד דאָלאַר צו העלפען די קראַנקע — און אויך אויף אייגענער רעכנונג געלאָזט מאַכען קעסקעטס, אָרונס, פאַר די טויטע און געהאָלפען די אומגליקלאַכע אַלמנות און יתומים צו פאַרלייכטערען זייערע שווערע לאַגעס.

עס איז אויך אמת, אַז אַלע אַנדערע אידישע אָרגאַני־זאַציעס און פאַראיינען האָבען אויך געהאַט זייערע הענד פול צו אַטענדען צו דער אומגעוועהנליכער צאָהל פון די גע־שטאָרבענע מיטגליעדער און פאַרזאָרגען די אלמנות און יתומים פון די קרבנות פון דער פליו.

דער ברית שלום האָט אין דיעזען פאַל געטהאָן וואונדער־ליכע אַרבייט פאַר דער אידישער געמיינדע פון אונזער שטאָדט.

אין צוזאַמענרופען די היסטאָרישע פאָרקאָנפערענץ פון דעם אידישען קאָנגרעס אין 1916, האָט דער ברית שלום דורך זיין דאַמאָלסדיגען גרענדמאַסטער דר. רובינזאָהן ע"ש און איהם צו לאַנגע יאָהר דעם סעקרעטאַר פון פילאַד. קאָנ־גרעס קאָמיטע דר. בנימין ל. גאָרדאָן, געלייסטעט וויכטיגע ארבייט און דערמיט פארשאפט גרויס אָנזעהן און כבוד צו דער אידישער געמיינדע פון אונזער שטאָדט.

געוועזן א צייט ווען די אידישע גאס ביי אונז אין לאַנד האָט זיך געמעהרט און געפרוכפערט מיט אַלץ נייע צוגע־קומענע אידישע אימיגראַנטען פון אלע עקען פון דער וועלט! דאָס איז אויך געוועזן די צייט ווען אידישע אָרדענס האָבען זיך געמעהרט און געפרוכפערט ווי שוועמלאַך נאָך א זומער רעגען — זיינען די ניי־געבוירענע אָרדענס אויסגעוואַקסען מיט פרעטענזיעס צו קאָנקורירען מיט די אינשורענס קאָמפּאַניעס און זיי, די אָרדענס, האָבען זיך פאַרפליכטעט צו פאַרזאָרגען אידישע יתומים און אלמנות מיט גרויסע ענדאָומענט — לעבענס־פאַרזיכערונג פון גרויסע סומען געלד און דאָס אַלץ פאַר א שיבוש, פאַר די קלענסטע צאָהלונגען.

יענע איבערנאַכט געגרינדעטע אידישע אָרדענס האָבען געדויערט אזוי לאַנג ווי דער קיקיון דיונה — ווי דער זומער־

פלאַנץ אין די הייסע קלימאַטען, וואָס וואַקסט אויס איבער נאַכט און ווערט פאַרוועלקט ביז נאַכט, גלייך ווי גאָרניט ניט געווען.

און אַזוי זיינען יענע אויפגעבלאָזענע צוזאַמענגעשטוקעוועטע אידישע אָרדענס מיט אייניגע אויסנאַהמען שנעל פאַרוועלקט געוואָרען און פאַרלוירען געגאַנגען, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט קיין עקאָנאָמישען באָדען און קיינע מאָראַלישע אידיש־מענטשלאַכע פּרינציפּען אויף וואָס זיך צו האַלטען — דער גרויסער אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם. אויסגענומען, ער דער אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם לעבט, איז שטאַרק און איז אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דעם אידישען לעבען ביי אונז אין לאַנד.

דער ברית שלום איז געווען מזל'דיג וואָס ער האָט מענשען, ליעדערס, וויזיאָנערען, דאָס הייסט פּראַקטישע אידעאַליסטען, מענשען וואָס האָבען אַוועקגעשטעלט דעם אָרדען אויף אַן עקאָנאָמיש אויסגעהאַלטענעם, וויסענשאַפטליכען באַזיס און אין דער זעלבער צייט האָט דער ברית שלום אָנגענומען און אַנערקענט דעם אידישען אידעאַל וואָס שטרעבט צו אויפבויען אַ נאַציאָנאַלע אידישע היים אין פּאַלעסטינאַ. איז דאָך דער ברית שלום געווען דער ערשטער און פאָרגעשריטענער פון די אידישע אָרדענס, וואָס האָט אויף זיין קאָנווענשאָן אין האַרטפאָרד, קאָנעקטיקוט, פאָרמאַל אַנערקענט דעם באַזעלער פּראָגראַם פון ציוניסטישען אידעאַל צו בויען די אידישע היימלאַנד אין ארץ ישראל.

דאָס איז געווען די גלאַנץ־פּעריאָדע פון דעם אָרדען ברית שלום, וואָס איז צו פאַרדאַנקען דער אניציאַטיווע פון דעם גרענדמאַסטער דר. ל. ס. רובינזאָהן ע"ה. דער ברית שלום האָט זיך דאַן דערהויבען צו דעם העכסטען בערוף פון זיין עקזיסטענץ אַלס אידישע קערפּערשאַפט, וואָס אויסער דאָס זאָרגען פאַר די מאַטעריעלע אינטערעסען פון זיין מעמבערשיפּ — מוז אויך פאַרמאָגען אַ מאָראַל, אַ אידישע מאָראַל און אַזעלכער, אַ אידישער אָרדען, מוז טראָגען אַ פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די אידעאַלען פון דעם אידישען פאָלק. מיט אַנערקענען דעם ציוניסטישען אידעאַל האָט דער

ברית שלום גערעכטפארטיגט זיין עקזיסטענץ אלס א וויכטי־
גער צווייג פון דעם אידישען בוים אויף דער גאנצער וועלט.

אום צו זיין גערעכט צו אנדערע אידישע ארדענס, סאָ־
סייעטים און גרויסע פאראיינען וועלען מיר באמערקען, אז דער
ברית שלום איז איצט ניט די איינציגע קערפערשאפט, וואס
אנערקענט און ארבייט פאר דעם אויפבוי פון דער אידישער
היים אין פאלעסטינא — פיעלע אונצעהליגע אידישע סאָ־
סייטים און פעראיינען, גרויסע און קלענערע, ווי אויך די
אידישע ארדענס נעמען די גאנצע צייט א גרויסען אנטהייל
אין דעם קרן היסוד און אין דעם נאציאנאל פאנד און זיי
ביישטייערען מיט געלד און וויכטיגע ארבייט פאר דעם בנין
הארץ.

אבער דאס נעמט ניט אוועק דעם קרעדיט און דעם פאקט
אז דער ברית שלום איז געווען דער ערשטער צווישען די
אידישע ארדענס און סאסייטעס צו פראקלאמירען עפענטליך
און אנערקענען דעם ציוניזם.

מיר האבען אויבען געזאגט, אז מיט דעם אנערקענען דעם
ציוניזם האט דער ברית שלום גערעכטפערטיגט זיין עקזיס־
טענץ אלס א אידישע קערפערשאפט, אלס א אידיש־פאראנט־
ווארטליכער טהייל פון דעם אידישען פאלק — לעצטענס האט
דער ברית שלום דורך דעם קרן קימת אפיס אין אונזער
שטאדט געקויפט טויזענד (1000) דונאם לאנד אין ארץ
ישראל אונטער דעם נאמען „נחלת ברית שלום”. דאס וועט
זיין פריי לאנד פאר אידען וואס ווילען זיך דארט איינארדע־
נען אלס פארמער קאלאניסטען צו באזעצען זיך דארט פאר
אימער. און דערמיט וועט ער העלפען דעם אידישען היימ־
לאנד צו פארבעסערען און פארשטארקען זיך. די טויזענד
דונאם לאנד האט דער ברית שלום געקויפט פאר דער סומע
פון 25 טויזענד דאלאר אויף פיר יאהר אפצאהלען.

וואס אנבאלאנגט עקאנאמיש פינאנציעלען צושטאנד, האט
דער ארדער ברית שלום אין דעם יאהר 1923 אין אטלאנטיק
סיטי אויף דער קאנווענשאן אנגענומען די רעגולאר לע־

בענספארזיכערונג סיסטעם אָדער, ווי עס איז באַקאַנט מיט דעם ענגלישען נאָמען — פראַטערנאַל רייטס.

אין די לעצטע 25 יאָהר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער ברית שלום אויסגעצאָהלט אין ענדאומענטס איבער פיר מי־ליאָן דאָלאר. לויט דער סטאַטיסטיק, אָנגעגעבען אין דעם 25 יעהריגען יובילי סאָווועניר, און פון דער זעלבער קוועלע דערקונדיג איך זיך, אַז דער ברית שלום האָט אין דער גאַנ־צער צייט אין דאָניישאָנס, טשאַריטים צו אינסטיטוציעס און צו מענשען אָהן אונטערשיעד פון גלויבען, קאָליר און ראַסע, ביז איצט אויסגעצאָהלט איבער דריי מיליאָן דאָלאר פאַר דעם וואוילזיין פון אידען און אידענטהום.

## דער סקאָלערשיפּ פאָנד

נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט די וויכטיגקייט צו ערציהען אידעאַליסטישע און געבילדעטע ליעדערס, פאָרשטעהער אין אידישען לעבען — האָט דער ברית שלום געגרינדעט אַ סקאָלאַרשיפּ פאָנד פון פּרייווילליגע בייטרעגע פון די פאַרשיי־דענע לאָדזשען מיט דעם צוועק צו העלפען אָרימע סטודענ־טען פון ברית שלום מעמבערס פאָרטצוזעצען זייער שטודיום אין די קאַלעדזשעס מיט ערפאָלג — אין דער געגענוואַרט געפינען זיך דריי ברית שלום פרייע סקאָלאַרשיפּ סטודענטען אין די פאָלגענדע קאַלעדזשעס: פּענסילוויניען אוניווערזי־טעט, ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט, און אוניווערסיטעט פון וויסקאָנסין.

דער ברית שלום דרוקט אויך אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל אונטערן נאָמען „ברית שלום נייעס", דורך וועלכען דער אָר־דער גרייכט אַלע מעמבערס צו וועמען אַ קאָפּיע ווערט גע־שיקט יעדען מאָנאַט. אין דעם ברית שלום זשורנאַל ווערען געדרוקט אויסער ספּעציעלע אינפאָרמאציע און נייעס, וואָס אינטערעסירט יעדען מיטגליעד אַלס אַ מעמבער פון אָרדען, אויך עדיטאָריעלע נאָטיצען, אַרטיקלען איבער טעגליכע און

אידישע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פון גרויס אינטערעס פאַר דעם ברית שלום מעמבערשיפּ.

* *
*

פון די פיעלע גרענדמייסטערס, וואָס האָבען פאַרנומען דעם גרענד אָפיס אין דעם אָרדען ברית שלום, וואָס יעדער פון זיי האָט אין זיין צייט אונטער די אומשטענדען געדיענט דעם אָרדען אמבעסטען, ווי יעדער האָט געקענט, האָבען זיך פּאָ־פּולער און באַליבט געמאַכט—דר. ל. ס. רובינזאָהן, אונטער וועמענס אַדמיניסטראַציע פון 4 יאָהר צייט אונערמידליכער אַק־טיוויטעט האָט זיך דער אָרדען ערוואָרבען גרויס אָנזעהן און פאַרדינט פּרעסטיזש. די באַשיידענהייט, די גוטמוטהיגקייט און גוטהאַרציגקייט אַלס אַ פּערזענליכקייט און זיין אמת׳ע האַרציגע איבערגעבענהייט צום אידישען פאָלק און זיינע שעהנע אידעאַלען, האָבען דר. ל. ס. רובינזאָהן געמאַכט באַליעבט ביי אַלעמען מיט וועמען ער איז געקומען אין פאַר־קעהר סיי אין ביזנעס, סיי אין קהל׳שען לעבען און זיין אָנ־דענקען וועט פאַרבלייבען אויף אימער געשעצט און געאַכ־טעט ביי דער מיטגליעדערשאַפט פון אָרדען.

דער צווייטער וואָס איז געשטאָרבען אין האַנעס, איז דיענסט פון דעם אָרדען ברית שלום אלס גרענד מאַסטער — איז געוועזען דער „בעל תכלית" (ביי די גרויסע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען, נאָך אַלע ספּיטשעס און רעדעס פלעגט דער פאַרשטאָרבענער גלייך פאָדערען פון די פאַרזאמעלטע „תכלית" — בייטרעגע פון גרויסע סומען געלד פאַר׳ן קרן היסוד), דער פּראַקטישער מענש וואָס האָט דעם אָרדען טיכטיג און עקאָ־נאָמיש אוועקגעשטעלט פעסט אויף זיינע פיס — און דאָס איז סאָל ס. קראַוז. — 6 יאָהר איז ער געוועזען אין שפּאַן פונ׳ם אָרדען אלס זיין גרענד־מאַסטער — און אין זיין צייט, אונטער זיין אַדמיניסטראַציע איז דער אָרדען זעהר שטאַרק געוואַקסען פינאַנציעל דורך דעם אַדאָפּטירען די „פּראָטווירנעל רייטס".

איצט אַ וואָרט וועגען די ליעדערס און געוועזענע גרענד מאַסטערס, וואָס זיי לעבען מיט אונז — להבדיל בין החיים

והמתים. זיי זיינען ב. פ. מילער, וועלכער איז באוואוסט מיט זיין אנטהיילנעמען אין לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע אידישע באַוועגונגען און טהעטיגקייטען. ב. פ. מילער האָט פיעלע יאָהרען געווידמעט און האָט טריי און עהרליך געאַרבייט פאַר דעם ציוניסטישען אידעאַל ביי אונז אין שטאָדט. אַלס געוועזענער גרענדמאַסטער פון ברית שלום און איינער פון די אָרגאַניזערס פון אָרדען — איז ער אַ קרעדיט און אַ כבוד צו דער אידישער געמיינדע פון אונזער שטאָדט און אודאי צום אָרדען, וועלכען ער האָט געהאָלפען גרינדען און גרויס מאַכען.

דער איצטיגער גרענד מאסטער (אין 1932), זיגמונד קאנענגיסער, אַלס אַ יונגער מיטגליעד פון אָרדען — האָט זיך שוין ערוואָרבען דעם צוטרויען פון דער גרויסער מעמ־בערשיפּ, וועלכע האָט איהם צום צווייטען מאָל ערוועהלט אַלס זייער פיהרער און גרעדמאסטער פון אָרדען. דער איצטיגער גרענד מאַסטער איז נאָך יונג אין יאָהרען און ער פאַרשפּרעכט צו לייסטען גרויסע דיענסטען און אַ לאַנ־גע פרוכטבאַרע טהעטיגקייט אין דער צוקונפט.

ואחרון, אחרון חביב — דער באַליעבטער און גרויסער, ברייטהאַרציגער איד מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלען נאָמען, באַ־ריהמט און באַוואוסט פוןביידע זייטען ים, אין גלות ווי אין ארץ ישראל — און דאָס איז קיין אַנדערער ווי דער ווירדי־גער ריכטער וויליאם מ. לואיס, געוועזענער און איצטיגער גרענד מאסטער (1933) פונ׳ם אָרדער ברית שלום. דער ברית שלום האָט דורך דער ליעדערשיפּ פון דעם גרויסען אידען מיט אַ וועלט נאָמען זיך דערוואָרבען אין דער צייט פון זיין גלענ־צענדער אַדמיניסטראַציע גרויס פּרעסטיזש און כבוד פון אַלע אידען איבער דער גאַנצער וועלט.

דער ערשטער גרענד מאַסטער פון אינדעפּענדענט אָרדער ברית שלום איז געווען דער פאַרשטאָרבענער מאָרים ראָזענ־בערג און דער ערשטער גרענד סעקרעטאַר פון אָרדען איז

געוועזן דער באַשאַפער פון אידישע אינסטיטוציעס אין אונ־
זער שטאָט, דער אונפאַרגעסליכער יעקב מאַרגוליעס ע״ש.

דער נאָכפאָלגער פון איהם איז דער טיכטיגער, פעהיגער
און אונערמידלאכער מאַרטין א. ליוויי, גרענד סעקרעטאר,
וועלכער ווערט מיט רעכט פאררעכענט אלס דער פינאנץ
מיניסטער פון ברית שלום — און אום צו מסיים זיין דיעזען
קאַפיטעל „ברית שלום״ בכי טוב, מוז מען געדענקען אָן
דעם פּאָפּולערען פאָלקסמענש, דעם אומפּארטייאישען שלום
מאכער, דער דיפלאָמאַט און סטייטסמאַן פון אָרדען — אַדאָלף
(גדליה) ראָזענבלום, דער אַסיסטענט גרענד סעקרעטאַר פאַר
די לעצטע 22 יאָהר פון ברית שלום — עס קומט איהם אויך
אַ דאַנק פאַר די אינפאָרמאַציע און דאַטעס וואָס דער שרייי־
בער פון דיעזע צייל‏ען האָט געקראָגען ביים צוזאמענשטעלען
און פארצייכענען דעם מאַטעריאל צו דער היסטאָריע פון דעם
יונגען פּראָגרעסיווען אָרדען „ברית שלום״.

---

זייט דיעזער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען, האָט
אין דער צווישען צייט פּאַסירט אַ צופאַל, וואָס האָט פיעל
וועה געטהאָן דעם אָרדען און געצוואונגען אַ גרויסע צאָהל
מיטגליעדער, אַמעהרסטען דעם עלטערען עלעמענט, צו פאַר־
לאָזען דעם אָרדען, נאָכדעם ווי זיי האָבען פיעל יאָהרען באַ־
לאַנגט, געצאָהלט פּינקטליך זייערע בייטראגע און געהאָלפען
דעם אָרדען וואַקסען און גרויס ווערען. מיטאַמאָל איז געקו־
מען דער סטייט אינשורענס קאָמישאָנער, וועלכער האָט צו־
זאָגען איבער דער זיכערקייט פון אָרדענס און אינשורענס
קאָמפּ. און האָט געצוואונגען דעם ארדען דאָס יעדער מיט־
גליעד מעג אזעלכער האָבען באלאנגט 20־30 יאָהר צום ארדען
—מוז איצט צאָהלען די פולע אינשורענס ראטע ביז 80$ א יאָהר.
די עלטערע מיטגלידער, די טאַטעס און די זיידעס, וועלכע אויף
די עלטערע יאָהרען ווערען אויסגעהאלטען פון אייגענע קינ־
דער און קרובים — האָבען ניט געקענט נאָכקומען די אונ־
געהויער גרויסע נעהעכערטע צאָהלונגען און זיינען געצוואונ־

גען געוואָרען צו פאַרלאָזען דעם אָרדען נאָך פילע יאָהרען אַנגעהעריגקייט. דער אָרדען האָט אזעלכע אַלטע, אָרימע מיטגלידער באַוויליגט מיט א 100 דאָלארדיגע פאליסי. די אלטע מיטגלידער האָבען קיין אנדער ברירה ניט געהאט און זיך צופרידענגעשטעלט מיט דעם וואָס דער אָרדען האָט זיי צוגעטהיילט.

# דער אינדעפּענדענט אָרדער בני ברית

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען אונזער לאַנד, די פאַראייניגטע שטאַטען, האָבען זיך געפונען אין פּראָצעס פון פאָרמירונג, פון בויען און זיך אַנטוויקלען. דער גאַנצער טהייל פרוכטבאר לאנד אויף יענער זייט מיסיסיפּי טייך, אָט דער מיטעל און דער ווייטער מערב געגענד, „די ווילד וועסט" האָט זיך דענסטמאָל געפונען אין באַזיץ פון אַנדערע פרעמדע רעגירונגען און פעלקער. — דאָס איז געווען מיט 91 יאָהר צוריק, ווען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע צו יענער צייט האָט געצעהלט וועניגער פון 50 טויזענד אידישע נפשות, פון זיי זיינען די האָלענדישע און פּאָרטוגעזישע אידען געווען די אַריסטאָקראַטען, די אַלטע תושבים פון די ערשטע אידישע אימיגראַנטען, וועלכע זיי־נען געקומען פון בראַזיליען אין 1642. מיט דער צייט זיינען צוגעקומען ענגלישע, דייטשע, אונגאַרישע און אויך פּוי־לישע אידען, וועלכע זיינען אַהער געקומען זוכען זייער גליק אין דעם לאנד פון פרייהייט און מעגליכקייטען.

דאָס אידישע געזעלשאַפטליכע לעבען פון יענער צייט האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער סינאַגאָגע, אין גאָטעס־הויז; צעטיילט אין ספרדים, אשכנזים און רעפאָרמער און יעדער מיט זיין קלייזעל מיט זיינע אייגענאַרטיגע מנהגים; דער האָ־לענדישער און פּאָרטוגעזישער איד האָט געקוקט פון אויבען אַראָפּ אויף די ענגלישע און דייטשע גלויבענס־גענאָסען, און די לעצטע האָבען זיך געגרויסט אַנטקעגען דעם אונגאַר און דעם פּאָלאַק. די קללה פון צעריסענקייט, פון ניט פאַרגינען, פון שנאת חנם, וועלכע האָבען אין דער אַלטער היים אזא חורבן געמאכט אין דעם אידישען לעבען — די דאָזיגע קראנק־

הייט פון באזונדערע קלייזלאך האט זיך אויך דא אין דעם נייעם לאנד פון די פרייע און בראווע מיט דעם אידישען וואנדערער נאכגעשלעפט. אבער „לא אלמן ישראל" און די שכינה, דער רוח הקודש, דער גייסט פון מענשליכען און אידישען באוואוסטזיין געהט מיט מיט דעם אידען אויך אין גלות, ער פאלגט איהם נאך אין אלע לענדער און אין אלע קלימאטען און לשונות, וואו דער איד שטעלט אויף זיין געצעלט, מאכט זיך זיין היים און בויט זיך א צוקונפט. — — —

און אזוי איז דאס געשעהן. אין יאהר 1842, דאס הייסט מיט 90 יאהר צוריק, האט הערי דזשאהנס זיך צוזאמענגעטראפען מיט א גרופע פון 12 ענגלישע און דייטשע אידען אין זינשיימערס קאפע הויז אין עסעקס סט., ניו־יארק, מיט דעם צוועק צו פאראייניגען די פארשיעדענע קלאסען אידען אין איין ברודערליכען פערבאנד אהן אונטערשיעד פון וועלכען לאנד זיי קומען. — — —

און א יאהר שפעטער, דעם 13טען אקטאבער, 1843, איז געגרינדעט געווארען דער „אינדעפענדענט ארדער בני ברית", מיט ניו־יארק לאדזש נומער 1, אלס די ערשטע לאדזש פון ארדער און עס איז אויך דאן אנגענומען געווארען דער גרונד־געזעץ פאר דער העכסטער קערפערשאפט „די קאנסטיטושאן גרענד לאדזש" און אזוי איז יענער טאג, דער 13טער אקטאבער, פארבליבען אין דער געשיכטע אלס דער געבורטסטאג פון ארדער.

## דער ערשטער אידישער אָרדער אין אמעריקע

דער ארדער „בני ברית" איז דער ערשטער אידישער ארדער געגרינדעט אין דיעזען לאנד מיט 90 יאהר צוריק און זיינע גרינדער, הענרי דזשאהנסאן מיט זיינע חברים, האבען פארמאגט העל קלאהרע וויזיאנען, א וייטען בליק אין דער אידישער צוקונפט און באזעסען די מענשענליעבענדע געפיהלען, וועלכע האט זיי אינספירירט צו פלאנצען דעם שעהנעם און גראטענעם בוים „בני ברית", וועלכער האט גע־

בראַכט שוץ און כבוד פאַר די אידען אין דיעזען לאַנד און אומעטום, וואו אידען וואוינען. אָט איז די הקדמה צו דער קאָנסטיטוציע פון דעם אָרדען „בני ברית״. די הקדמה רעדט פאַר זיך אַליין:

„דער אינדעפּענדענט אָרדער בני ברית נעהמט אויף זיך די מיסיאָן, די לעבענסאויפגאַבע, צו פאַראייניגען די אידען אין דעם שטרעבען צו פאַרווירקליכען די העכסטע אידישע אינטערעסען און די אינטערעסען פון דער מענשהייט. צו אַנטוויקלען און דערהויבען דעם גייסט און דעם מאָראַלישען כאַראַקטער פון מענשען מיט אַ אידישען גלויבען. צו איינ־פלאַנצען די ריינסטע פּרינציפּען פון וואהלטהאַט און פּאטרי־אָטיזם, צו שטיצען קונסט און וויסענשאפט, צו לינדערען די נויט פון די אָרימע און נויטבאַדערפטיגע, באַזוכען און באַהאַנדלען די קראַנקע. צו קומען צו הילף מענשען, וואָס זיינען קרבנות פון פאַרפאָלגונג, באַשיצען און העלפען אלמנות און יתומים אויף די ברייטסטע פּרינציפּען פון מענשהייט!״

ניין צעהנדליג יאָהרען, כמעט א יאָהרהונדערט פון פאַר־צווייגטע, פּרוכטבאַרע און הומאַנע טעטיגקייטען אויף אַלע געביטען פון אידישען און אַלגעמיינעם מענשליכען לעבען, האָ־בען באַשטעטיגט, אז דער היסטאָרישער אָרדער בני ברית האָט א הונדערט פּראָצענט ערפילט און פאַרווירקליכט אין לעבען די אַלטרואיסטישע פּרינציפּען און אידישע אידעאַלען, וועלכע די פאָטערס פון דעם נאָבעלען אָרדער האָבען זיך פאָרגענומען דורכצופיהרען אין דער ווירקליכקייט מיט 90 יאָהר צוריק.

פיעלפאַך און פאַרשידען זיינען די אידישע און אַלמענ־שליכע טהעטיגקייטען פון אָרדער בני ברית אין דיעזען לאַנד און אויף יענער זייט ים. עס וואָלט נעהמען אַ גרויסען און דיקען בוך פון פיעלע הונדערטע געדרוקטע זייטען זיי, די מעשים טובים און איינצעלהייטען צו באַשרייבען — מיר וועלען אין דיעזען קאַפּיטעל אָנצייגען נור אויף איניגע, די מעהר בולטע און אַלגעמיין באַקאַנטע אקטיוויטעטען פון דעם אָרדער.

# דיסטריקט גרענד לאָדזש נומער 3

די לאָקאלע לאדזשעס פון אָרדער בני ברית אין די פאר־איינינגטע שטאַאַטען זיינען פארטיילט אין 7 דיסטריקטען אונ־טער דעם נאָמען „דיסטריקט גרענד לאָדזשען". די דיסטריקט לאדזשען, אויסער דעם וואָס זיי העלפען צו פאָרמולירען און דירעקטירען די אלגעמיינע פאליסים פון די לאקאלע לאדזשען, זיי, די גרענד דיסטריקט לאָדזשען, העלפען אויך אין זעלבסט אונטערנעהמונגען און סובסידירען און שטיצען די פילאנט־ראָפּישע אונטערנעהמונגען און אנדערע טעטיגקייטען.

געבענדיג אַ דורכלויפענדען איבערבליק איבער 90 יאָהר לעבען און שטרעבען פון דעם ערשטען אידישען ברודערליכען פארבאנד, אָרדער בני ברית, אין דיעזען לאנד — האָט זיך דער געשיכטליכער מאַטעריאל אין דיעזען קאַפּיטעל — פאר־צויגען פיעל מעהר ווי איך האָב אָנפאַנגס ערווארטעט און דא־רום וועל איך זיך ניט אָבשטעלען צו שרייבען פון יעדען דיסטריקט אין דעטאל, אויספיהרליך. דער פאקט איז, אלע דיסטריקטען פון אָרדער, וואו נאָר זיי געפינען זיך טהוען גוטע אַרבייט פאר זייערע לאַדזשען און פאר דעם ראַיאָן, וואו זיי פיהרען אָן די טעטיגקייטען.

זעלבסטפאַרשטענדליך, אז דער שרייבער פון „50 יאָהר אידישע געשיכטע אין פילאַדעלפיע" איז באַרעכטיגט צו מאַ־כען אַן אויסנאַהם מיט דעם דיסטריקט נומער 3, פון וועל־כען פילאדעלפיא איז דער הויפּט אָפיס און דאָ געפינט זיך די צענטראלע קערפערשאַפט, וואָס פיהרט אָן די טעטיגקייטען פאר דעם גאַנצען דיסטריקט! —

דער דיסטריקט גרענד לאדזש נומער 3, איז ארגאניזירט געווארען מיט 82 יאָהר צוריק און ער באשטעהט איצט פון די פאָלגענדע סטייטס: פענסילווייניא, ניו דזשוירזי, דעלעווער און וועסט ווירדזשיניא. די מיטגלידערשאַפט אין דיעזען דיסטריקט צעהלט 51 לאדזשען מיט 5486 מיטגלידער.

דיזער דיסטריקט נומער 3, האָט אין 1896 געגרינדעט א מאנועל טריינינג סקוהל אין פילאדעלפיא (אַ שול צו לער־

נען א מלאכה, פאך), וועלכע איז מיט 22 יאָהר שפּעטער אי־בערגענומען געוואָרען פון די פּאַבליק סקוהלס אין אונזער שטאָדט. פילאדעלפיא האָט 4 בני ברית לאדזשען ווי פאָלגט: הר סיני לאדזש נומער 8, דזשאָשוא לאדזש נומער 25, לינקאָלן לאדזש נומער 780 און דזשוליוס מאסטבוים לאדזש נומער 1069 און אויך האָט פילאדעלפיא אַ ליידיעס אוקזילערי. דיעזע 4 לאדזשען און די ליידיעס אוקזילערי האָבען אָרגאניזירט אַ קאונסיל, באַקאַנט אלס פילאדעלפיא בני ברית קאָונסיל. דיעזער קאונסיל האָט צו זאָגען און באַשעפטיגט זיך מיט אַלע אנגעלעגענהייטען און אַקיטיוויטעטען אין פילאדעלפיא. אין דיעזער אקטיוויטעט געהט אריין: 1) דער לאָנטשען קלוב, וועלכער האָט זיך געמאַכט באריהמט ניט נאָר אין פילא־דעלפיא נאָר אויך איבער דעם גאַנצען שטאַאַט, פון וועלכען קלוב דער באַוואוסטער דזשאזעף וו. סאלוס, געוועזענער פּרע־זידענט פון דיסטריקט, איז דער טשערמאַן.

דער לאָנטשען קלאָב פארזאַמעלט זיך יעדען דאָנערשטאַג אין דעם מאנופעקטשורערס קלוב, וואו באריהמטע מענער און פרויען מיט אַ נאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע באַשפּרעכען טעמען פון אלגעמיינעם אינטערעס, וויסענשאפטליכע, פּאָליטישע און אַנדערע לעבענס־פּראָבלעמען... ווי געזאָגט איז דאָס ניט קיין צייט פאַרטרייב פון דעם דעבאַטען קלאָב סאָרט. די רעדנער פון דעם לאָנטשען קלוב (מיטאג שפּייז צוזאמענקונפט) זיינען מעהרסטענטיילס מענער מיט אַ לאָקאַלער אָדער נאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע, וועלכע פארנעהמען הויכע פּאָזיציעס אין יעדען צווייג פון וויסענשאַפטליכען, פּאָליטישען און געזעלשאַפט־ליכען לעבען. די רעדעס זיינען אויפקלעהרענד, געלעהרזאַם און וואָגיג און ברענגען כבוד און פּרעסטיזש דעם אָרדער און דעם אידישען נאָמען אין אלגעמיין. דער טשערמאַן פון דעם לאָנטשען קלאָב, דזשאָזעף וו. סאלוס, איז אליין אַ וויכטיגע פּערזענליכקייט און אַ טיכטיגער ארבייטער אין אָרדער בני ברית. ער איז אַ מיטגליעד פון אָרדער פאר די לעצטע 35 יאָהר. אין דער צייט ווען מר. סאלוס האָט געוואוינט אין שטאַאַט ניו דזשוירזי איז ער געווען דער אָנגעזעהענסטער

מיטגליעד פון שטאַאט געזעצגעבענדען הויז, ער איז געווען פּרעזידענט פון דער באָארד אָוו טרייד (האַנדעלס־ראטה) אין אַטלאַנטיק סיטי און איצט איז ער דער פּרעזידענט פון בראָאד סט. טראָסט קאָמפּאַני אָוו פילאַדעלפיא.

2) אַ וויכטיגע און אַ בארמהערציגע מענשליכע אינסטי־טוציע איז די אזוי גענאנטע „פּריזאָן אייד וואָירק" (הילפס ארבייט פאר די געפאנגענע), וועלכע דיענט די אידישע גע־פאַנגענע פון פילאַדעלפיער שטראָף אנשטאַלטען און העלפט ארוים די פאמיליען פון די אידישע פּריזאָנערס. דיעזע נאָ־בעלע און העכסט מענשען פריינדליכע ארבייט איז א טהייל פון דער „סאָשעל סוירוויס קאָמיטע" (פּערזענליכע וואָהל־טעטיגקייט) פון וועלכע דער איבעראל געאכטעטער און באַ־ליעבטער מענשען־פריינד, האָנאָרייבעל וויליאם פּאָרטנער איז טשערמאַן.

גרויס איז ביי אידען אין דער אלטער היים געווען די מצוה פון „פּדיון שבויים", אויסלייזען די געפאנגענע, אז אַפילו אַ ספר תורה פון ארון קודש האָט מען געמעגט פאר־קויפען, אויב עס האָט קיין געלד ניט געקלעקט, נאָר אויס־לייזען אידישע געפאַנגענע, עס מאַכט ניט איבער וועלכע אורזאכע די אידען זיינען אריינגעפאלען אין געפענגעניס, צו־ליב איינענע זינד אדער פרעמדע. א איד געפאנגען, א איד אין תפיסה, דער פאַקט אליין האָט ארויסגערופען אידישע רחמנות, אידישע אחריות פון „כל ישראל ערבים זה בזה", אַלע אידען זיינען פאראַנטוואָרטליך פאר דער וועלט, ווען איין איד גליטשט זיך אויס, פארזינדיגט זיך. — דער אידישער בליק אויף זינדיגע און פארברעכער איז געווען אַ העכסט הומאַנער, אַ מענשליכער, אַ טיעף פּסיכישער. דער אידישער דיכטער־פילאָזאָף אין תהלים דריקט זיך אויס „יתמו חטאים מן הארץ ורשעים עוד אינם", און די טייטש דערפון איז, אז ס'וועט קומען אַ צייט ווען זינד, פארברעכען וועט פון דער וועלט אין גאַנ־צען פארשווינדען און עס וועט קיין פארברעכער מעהר ניט זיין. מעגליך אַז יענע צייט פון „אחרית הימים", די צייט ווען דער טיגער און דער שעפּס, די ציג און דער וואָלף וועלען

זיך פיטערען צוזאַמען און לעבען צופרידען, אויף וועלכער אידישע נביאים האָבען געהאָפט און פראָפעצייהעט, אז עס וועט אזאַ צייט קומען, אַז יענע גליקליכע צייט איז נאָך א היבשער מהלך ווייט פון אונז און עס וועט נאָך נעהמען יאָהרען און יאָהרען און עס וועט נאָך אלץ זיין נויטיג צו אויפהאַלטען פריזאָנס, געפענגניסען צו באַשיצען זיך פון פארברעכער און זינדיגע וועלכע זיינען א געפאהר פאר דעם לעבען און זיכערהייט פון דער געזעלשאַפט. די אידישע לעהרע, עטיק און לעבענס אינסטינקט האָט דעם אידישען פארברעכער באַטראַכט מיט מיטלייד און רחמנות, האָט איהם ניט אויף אייביג פארדאַמט, פארשטויסען פון זיך. אידען האָבען מיט אלע מעגליכקייטען איהם, דעם זינדיגען, געהאָלפען צו קומען צוריק צו זיך, צוריק אויף דעם גלייכען וועג, צוריק צו זיין פאמיליע און צו דער געזעלשאַפט.

די פאַרטרעטער פון דעם דיסטריקט גרענד לאָדזש נומער 3 ביי אונז אין פילאַדעלפיא, האָבען ניט דורך א צופאַל אונטערגענומען די הייליגע ארבייט פון „פדיון שבויים", פון העלפען די געפאנגענע, די פריזאָנערס און זייערע פאמיליען, וועלכע געפינען זיך אין גרויס נויטה און פארצווייפלונג. און עס איז דוקא געווען א גליקליכער צופאַל, וואָס די „סאָשעל סוירוויס קאָמיטע" האָט פארמאָגט אזאַ ענערגישען און אייבערגעגעבענעם טשערמאַן פון דער קאָמיטע ווי דעם ברייטהארציגען מענשענפריינד, וויליאם פאָרטנער, וועלכער ווערט באַטראַכט ביי די אונגליקליכע אידישע געפאנגענע, אָדער ווי וויליאם פאַרטנער רופט זיי „די באָיס" אין די 4 פארשידענע שטראָף אנשטאַלטען אין פילאַדעלפיא — אלס זייער „מלאך הגואל", דער דערלעזער, דער טרייסט ברענגער און זייער באַשיצער אין געפענגניס און אויף דער פרייהייט.

ניט נאָר זיינען זיי, „די באָיס", אין זייער געפאנגענשאַפט פארזאָרגט אין צייט פון אידישע ימים טובים מיט עפענטליכען גאָטעס דיענסט, מיט א חזן, און א אידישער רב פעהלט אויך ניט און דער עיקר, ווערען זיי אין די אידישע פייערטעג געשפייזט מיט אמת אידישע יום טובדיגע

מאכלים, וואָס דאָס אליין איז שוין אויך א חיי־שעה, נאָר זיי ווערען באזוכט פון אידישע קאָמיטעס, און מען רעדט צו זיי יום טוב'דיג, דאָס ברענגט זיי אַ שטיקעל טרייסט און מען גיט זיי האָפנונג אז זיי וועלען נאָך אין קורצען זיין באפרייט און ווערען מענשען גלייך.

וויליאם פּאָרטנער, אליין אן אויסשטודירטער לאָיער, אַד־וואָקאט און אַן ערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן, האָט אויך אין פיעלע פעלע אויסגעווירקט די באפרייאונג פון די אידישע גע־פאנגענע, וועלכע זיינען אריינגעפאלען אין אַ נעץ פון זינד ניט וויסענדיג און ניט באוואוסטזיניג וואָס זיי טהוען; אָפט מאָל צוליעב שלעכטער געזעלשאַפט און זעהר אָפט צוליב אָרימקייט און נויטה. און ניט ווענינ איז די צאָהל פון אידישע פריזאָנערס, וועלכע קומען ארויס אויף דער פרייהייט, — וויליאַם פּאָרטנער, דער „מליץ יושר" פון די באָיס, ווען נאָר מעגליך, פארזאָרגט זיי מיט ארבייט און באַשעפטיגונג, אום זיי צוריק צו געווינען פאר זייערע פאמיליען און פאר דער געזעל־שאַפט אלס עהרליכע און ארבייטסזאַמע מיטגלידער פון דער געמיינדע. דאָס איז גלייך ווי אַ טויטען פון געפענגנים קבר צוריק צום לעבען געבראַכט און צעריסענע, פארוואונדעטע נשמות אויסגעהיילט און גאַנץ געמאַכט.

3) אַ פיעל באדייטענדע אינסטיטוציע פון גרויסער וויכ־טיגקייט איז די אנטידעפעמיישאָן קאָמישאָן (פארהיטען פון באליידיגונג דעם אידישען נאָמען) פון וועלכער דער באַ־וואוסטער געזעלשאַפטליכער טהוער און היים פיהלענדער איד און טיכטיגער אסיסטענט דיסטריקט אטויירני (געהילפס אָנ־קלעגער פון קרייז גערינכט) אייברעהעם בערקאָוויץ, איז טשער־מאַן.

די אנטי־דעפעמיישאָן ליעג איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון דעם אָרדער אין יאָהר 1913 מיט דעם צוועק צו באַקעמפען אַנטיסעמיטיזם, אויף אזוי פיעל ווי דער אַנטיסע־מיטיזם דריקט זיך אויס אין דער עפענטליכקייט, אין דער פּרעסע, אויף דער ביהנע און אין די מואוויס, די באוועגליכע בילדער און אין די שולען; באזונדערס אין די מואוויס איז

זעהר אָפּט ווערט דער איד ארויסגעשטעלט צו שפּילען אַ דערנידעריגענדע, פאר׳מיאוס׳טע און פארהאסטע ראָל.

דער טשערמאן פון דער אנטי - דעפעמיישאָן קאָמישאָן, לויט זיין פּראָפעסיאָן אלס לאָיער און דיסטריקט אטוירני און זיכער אלס אַ אידישער איד מיט אַ אידיש ווארעם הארץ, איז דער פּאַסענדסטער און פעהיגסטער פּערזאָן צו פּאַר־היטען אז דער אידישער נאָמען זאָל זיין רעספּעקטירט און גע־אכטעט און ניט פארלעצט ווערען אין דער עפענטליכקייט. אייבערהעם בערקאָוויץ איז אויסער דעם וואָס ער פארנעהמט אַ פאראַנטוואָרטליכען אמט, אַן אנזעהענדע פּאָזיציע אין פּי־לאַדעלפיער געריכטס־הויז,אויך זעהר טהעטיג אין דער אי־דישער קאָמיוניטי פון פילאדעלפיא. דער אסיסטענט דיסט־ריקט אַטוירני אייבערהעם בערקאָוויץ איז אַ דירעקטאָר אָוו די באָארד פון דער יאָנג מענ׳ס היברו אסאָסיאיישאן, 1טער וויס־פּרעזידענט פון דעבאָראה סאַניטאריום, ער איז אויך אקטיוו אין דער היברו ליטעראטור סאָסייעטי און איז זעהר טעטיג און פּרוכטבאַר אין די בני ברית ארבייט. אין אל־געמיין איז דער אידישער אסיסטענט דיסטריקט אטוירני, אייב בערקאָוויץ, א שטארקער און שטאָלצער זייל פון פילאדעלפיער אידענטום.

4) נאָך אַ שעהנעם צווייג פון בני ברית טעהטיגקייט וואָס איז הויך אין גייסט און וויטגרייכענד אין ציעל, איז די בני ברית הלל פאונדיישאָן. דאָס איז אַ באַוועגונג וואָס די בני ברית פיהרט אָן צווישען די אידישע סטודענטען אין די קאָלעדזשעס און אין די אוניווערזיטעטען פון לאנד. העברע־איש, סעמיטישע שפּראכען, אידישע געשיכטע און אלץ אין דער ליטעראטור, וואָס האָט אַ שייכות מיט אידיש לעבען צווישען די פעלקער ווערט געלערענט און פארשפּרייט צווישען די אידישע סטודענטען אין די פאָלגענדע אוניווערזיטעטען: אילינאָאיז, וויסקאָנסין, אָהייא, מישיגען, קאַליפאָרניא, קאָר־נעל, וועסט ווירדזשיניא און טעקסעס.

אין פילאדעלפיא אין דעם דיסטריקט נומער 3, איז דער פאָרשטעהער פון דער הלל פאונדיישאן קאָמישאָן אונזער

עהרענהאפטער ריכטער, האָנאָרייבעל דזשאַדזש ל. קון. דאָס איז אַ גרויס געווינס פאר דעם הלל פאונדיישאָן, וואָס דער געלעהרטער און איינפלוסרייכער ריכטער פון אונזער שטאָדט, דזשאָזעף ל. קוהן איז דער לייטענדער גייסט אין דעם הלל פאונדיישאָן, וועלכער פארשפרעכט אזוי פיעל צו ענט־וויקלען און ארויסברענגען די צוקונפטיגע גייסטיגע פיהרער פון אמעריקאנער אידענטהום.

5) וויכטיג און לויבענסווערטה און העכסט פּאַטריאָטיש איז די אמעריקאניזיישאָן קאָמיטע פון דעם פילאדעלפיא קאונ־סיל פון בני ברית, פון וועלכער דער טיעף געלעהרטער יוריסט, דער עהרווירדיגער און פּאָפּולערער ריכטער, לעאָפּאָלד סי. גלעס, איז דער פיהרער און איניציאַטאָר. ריכטער גלעס איז דער איניציאַטאָר, וועלכער האָט אָרגאַניזירט און איינגעפיהרט דעם פּלאַן און די מעטהאָדע צו געבען אַ געזעצליכען ראטה פאר פרעמדע און אימיגראנטען גענצליך פריי. אברהם אָר־לאָף איז דער דירעקטאָר פון דער קאָמיטע, וועלכע פאר־זאָרגט מיט געזעצליכע ארבייט יעדע אָרגאַניזאציע, וואָס פארשפרייט בירגערטהום צווישען אימיגראַנטען, אָהן אונטער־שיעד פון גלויבען און קאָליר. ריכטער לעאָפּאָלד סי. גלעס איז דער ערשטער וויים פּרעזידענט פון דיסטריקט גרענד לאדזש נומער 3 און וועט וואהרשיינליך זיין דער נעקסטער פּרעזידענט פון דיסטריקט. דער עהרענהאפטער דזשאַדזש גלעס איז אַ געוועזענער טשערמאַן פון פילאדעלפיער ציוניס־טישען דרייוו פאר דעם קרן היסוד. אליין אַ באַשיידענער אין זיינע באַנעהמונגען און פארקעהר מיט מענשען, איז ער געאַכטעט און אנערקענט אין דער פילאדעלפיער אידישער געמיינדע, אין וועלכער דער האָנאָראַייבעל ריכטער לעאָפּאָלד סי. גלעס, נעהמט א טיכטיגען אנטייל.

אַ ווירדיגע און ליבליכע פּערזענליכקייט צווישען די אַק־טיווע טהוער פון דיעזען דיסטריקט איז, אָהן צווייפעל, דער גוטמוטיגער און ליעבליכער דאקטאר לואיס גערשענפעלד, פּראָפעסאָר פון באַקטעריאָלאָגיע אין דער סקול אָוו פארמאסי. דר. גערשענפעלד איז אַ מיטגליד פון דער גענעראַל קאָמיטע

פון דעם דיסטריקט נומער 3 און איז דער סעקרעטער פון פילאדעלפיער בני ברית קאָונסיל. ער איז אַ געוועזענער פּרע־זידענט פון הר סיני לאדזש. דאָקטאָר לואיס גערשענפעלד איז אַן עקספערט אין זיין פאך אלס פארמאציסט באקטעריאָלאָגיסט און ער האָט געשריבען פיעלע וויכטיגע וויסענשאפטליכע בי־כער. דר לואיס גערשענפעלד איז אַ אידישער געלעהרטער און איז באזונדערס א טיכטיגער סטודענט פון אידישער גע־שיכטע און נעהמט אן אַנטייל אין דעם לעבען פון דער היגער אידישער געמיינדע, כמהו ירבו בישראל...

פאָלגענדע זיינען אַ טייל פון די פּראָמינענטע מענער, וואָס נעהמען אַן אַקטיווען אַנטייל אין אונזער שטאָדט, אין פילאדעלפיער בני ברית: דזשייקאָב זינגער, עקסווייער, גע־וועזענער רעדזשיסטער אָוו ווילס (וועגען צוואות און ירושות) פון שטאָדט פילאדעלפיא, איז אַ מיטגליעד פון דעם אָרדער בני ברית איבער 50 יאָהר. האָנאָראַייבעל דזשייקאָב זינגער רעפּרעזענטירט דעם דיסטריקט גרענד לאדזש נומער 3 אין דער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אָרדער ביינאַהע 30 יאָהר. דזשיי־קאָב זינגער, איז איינער פון די עלטסטע אידישע אדוואָקאטען פירמעס אין פילאדעלפיא, וועלכער האָט מיט זיין עהרענהאפטער פּראַקטיק אלס לאָיער זיך ערווארבען אַ שעהנעם און אַן אונ־באַפלעקטען און גלענצענדען נאָמען אין דער אדוואָקאטען פּראָפעסיע. ער מעג זיין און ער איז א מוסטערהאפטע פּער־זענליכקייט פאר דעם יונגען דור פון זיין פּראָפעסיאָן.

הערי ס. פלאטאָווסקי, עסקווייער, אַ געוועזענער פּרעזידענט פון דעם דיסטריקט נומער 3 בני ברית, איז אן אסיסטענט סיטי סאָליסיטאָר (געהילפס שטאָדט אדוואָקאט), טרעזשורער פון דער הר סיני לאדזש און איז זעהר אַקטיוו אין בני ברית ארבייט.

אדאָלף פלאטאָווסקי, געוועזענער פּרעזידענט פון דעם דיסט־ריקט, ער איז א מיטגליעד פון אָרדער בני ברית איבער 60 יאָהר און ער איז אן אָנקעל פון דעם אויבענדערמאָהנטען הערי ס. פלאטאָווסקי.

עס זיינען פאראן נאָך א צעהנדליג יונגע מענער וועלכע ציינען ארויס איבערגעבענע און וויכטיגע טעהטיגקייטען אין פילאדעלפיע און זיי אלע פארשפרעכען פיעלעס פאר דער צו־קונפט.

ואחרון, אחרון חביב, איך וועל שליסען דיעזע מערק־ווירדיגע פאָרטרעטען־גאַלעריע פון פילאדעלפיער פראָמינענ־טע מענער וואָס האָבען גרויס און פּאָפּולער געמאַכט דעם דיסטריקט לאדזש נומער 3 מיט נאָך איינעם, ניט וועניגער אָנגעזעהענע און ווירדיגע פערזענליכקייט — און דאָס איז קיין אַנדערער ווי הערר דזשאָזעף הערבאך, דער סעקרעטער פון דיעזען דיסטריקט גרענד לאדזש נומער 3. דזשאָזעף הער־באַך איז אַן אַלטער תושב פון פילאדעלפיא און פארמאָגט א פארבענרייכע און פרוכטבארע געשיכטע הינטער זיך. שוין איבער 30 יאָהר אז דזשאָזעף הערבאך ארבייט אונערמיד־ליך אויף פיעלע צווייגען פון פילאדעלפיער אידישע וואָהל־טעטיגקייטען. זיין ערשטער דעביוט, די ערשטע פרוכט פון זיין פיעלפאכיגער טעהטיגקייט האָט דזש. הערבאך אָנגעהויבען מיט 30 יאָהר צוריק, בעת ער האָט געהאָלפען אָרגאניזירען די היברו שעלטערינג האָום, אַן אינסטיטוציע, וועלכע איז גע־גרינדעט געוואָרען פון יעקב מארגאָלים, ע"ה, אונטער דעם נאָ־מען היברו ליידים אייד סאָסייעטי. דיזע אינסטיטוציע האָט זיך אָנגעפאנגען אלס אַ דעי נוירסערי אין 816 נאָרד 5־טע סט. און שפּעטער אין 510 נ. 5טע סטריט און יעצט געפינט זי זיך אין וויסאהיקען עוועניו און סקול לעין, דזשווירמענטאון.

הער דזשאָזעף הערבאך איז געוועזען דער סעקרעטער פון דער היברו שעלטערינג האָום (אידישער הכנסת אורחים) פאר גאַנצע 18 יאָהר און נאַכהער האָט ער פארנומען דעם אַמט אין דער זעלבער אינסטיטוציע אלס פּרעזידענט פולע 5 יאָהר צייט. דאן ווידער, צוזאמען מיט דעם הערר דזשוסטען פּ. אלמאן, האָט ער געהאָלפען אָרגאַניזירען די היגע פעדעריי־שאָן אָוו דזשואיש טשאַריטים. געוועזען אַ מעמבער פון דער באָארד פאר פולע צעהן יאָהר און נאַכהער איז ער ערוועלט געוואָרען אלס עהרען־מיטגליד פון דער באָארד; אין דער צייט

וואָס ער איז געווען פארבונדען מיט דער פעדערײשאָן איז ער געווען טשערמאן פון דער ביוראָ פאר אידישע קינדער.

דזשאָזעף הערבאך איז א מיטגליעד פון דעם אָרדער בני ברית פאר די לעצטע 22 יאָהר און איז דער סעקרעטער פון דעם דיסטריקט פאר 15 יאָהר — און פאר זיינע טרייע און אויפריכטיגע לייסטונגען אין זיין פאראנטוואָרטליכען אמט אלס סעקרעטער, האָט איהם די קאָנווענשאָן אין נוארק באַשאנקען מיט דעם אויסערגעוועהנליכען כבוד און איהם באַעהרט מיט דעם טיטעל פון „פאָסט פרעזידענט פון דעם דיסטריקט", לעצטען דעצעמבער, 1932, האָט הערר דזשאָזעף הערבאך געלעקטשורט פאר די בני ברית לאנטשען קלאָב אין קעמדען, ניו דזשוירזי איבער דער טעמע: „א וועג צו קומען צו זיך" אָדער ריכטיגער געזאָגט איבער „סטעמפד סקריפ" (א נעציי׳ענטע אָנווייזונג) פאר אויסטוישען פון ארבייט. אין דער לעקטשור האָט הערר דזש. הערבאך פרובירט צו איבערצייגען אז דער „אויסטויש צעטעל" וועט מאכען ווערטהפולע געשיכטע אין דער צוקונפט. דער לעקטשורער דזש. הערבאך באמיהט זיך צו העלפען פארווירקליכען דיעזען פלאן. די לעקציע איז געווען געדרוקט אין א באזונדער פאמפלעט אין ענגליש. „אויב דאָס וועט געשעהן, שרייבט דער ווערטהער לעקטאר אין זיין פאמפלעט, וועט ער פיהלען אז די בני־ברית האָט דורך איהם זיין חלק בייגעשטייערט צו דעם וואָהלזיין פון דער מענשהייט"!

צום שלוס וויל איך זיך באַנוצען מיט דער געלעגנהייט צו אויסשפרעכען מיין איניגסטען דאנק מיין פריינד האָנאָראייבעל וויליאַם פאָרטנער און א באזונדערען דאנק צו דעם הערר׳ען דזשאָזעף הערבאך פאר דער פערזענליכער אינפאָרמאציע און די שריפטליכע און געדרוקטע ביכער און בראָשורען, וואָס האָבען מיר געדינט אלס געזונטער און פארטרויענסווערטער מאטעריאל צו פארצייכענען און צוזאמענשטעלען נור א גאנץ קליינעם טהייל פון דעם רייכען אינהאלט וואָס דער אלוועלטליכער גרויסער אָרדער בני ברית פארמאָגט.

אום צו זיין אינגאַנצען גערעכט צו דעם אמת־אידישען און אינטערנאַציאָנאַלען איינפלוסרייכען אינדעפּענדענט אָרדער בני ברית דערצו נויטיגט זיך צו שרייבען א באַזונדערען גרויסען און אינטערעסאַנטען בוך, וועלכעס אין דיעזען מאָמענט איז ניט מיין אויפגאַבע און איז א שטיק קולטורעלע אַרבייט וואָס איז איבער מיינע שוואַכע, פיזישע און פינאַנציעלע קרעפטען אַזעלכעס צו אונטערנעהמען. האָבענדיג אין זינען אַז איך האָב זיך פאָרגענומען צו שרייבען געשיכטע פון אידישען לעבען אין פילאַדעלפיאַ, האָב איך אין דיעזען פאַל זיך באַגרעניצט צו שרייבען וועגען דעם אָרדער נור אויף אַזויפיעל ווי עס איז נוגע דעם פילאַדעלפיער טהייל, דעם דיסטריקט נומער 3 וואָס איז, ווי איך האָב זיך באַמיהט אין דיעזען קאַפּיטעל צו איבערגעבען — זעהר א גראַנדיעזער און חשוב'ער טהייל פון דעם שעהנעם, אַלטרואיסטישען אָרדער בני ברית.

# פילאדעלפיער פרויען אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעט

גלייך ביים אָנפאנג פון דיזען קאַפּיטעל וויל איך זיין אָפּענ־הערציג און זיך מודה ומתודה זיין, אז איך האָב פאר זיך א שווערע אויפגאבע צו לעזען, א זעהר איידעלען און דעליקאטנעם געגענשטאַנד צו פארהאנדלען, און נעמליך: די אידישע פרוי אין היגען געזעלשאפטליכען לעבען אָביעקטיוו און אומפּאר־טייאיש צו שרייבען.

איין קליינינגקייט! געה קלייב פעריל ארויס פון זאמדיגען ים אָפּגרונד! נעהם זיך שלייפען און פּאלישען דימענטען און בריליאנטען, און זיי אליין דער מבין זיי ריכטיג אפּצושאַצען, אזוי אז איך זאָל חלילה ניט פארלעצען דעם כבוד און ניט מי־נערען דעם קרעדיט פון איעדער אידישער כלל טהוערין, וואָס האָט זיך פארדינט געמאכט צו פארנעמען אן עהרענהאפטען און בכבוד'יגען פּלאץ אין די אַנאַלען, אין פּנקס פון אידיש לעבען ביי אונז אין שטאָדט.

צאָהלרייך זיינען די איינצעלנע אידישע פרויען אָרגאַניזא־ציעס אין אונזער שטאָדט פון שוועסטערליבע... און אזוי אונבעשריען זיינען אויך צאָהלרייך די טהעטיגע און איבער־געבענע פרויען שוועסטער פון זייערע רעספּעקטיווע אָרגאַניזא־ציעס, צו וועלכע זיי באלאנגען, און צו וועלכע זיי גיבען אוועק זייער צייט, מיה און ענערגיע צו מאכען די אָרגאַניזאציעס בא־ליעבט און לויבענסווערטה.

אבער, עס איז א פיזישע און א פינאנציעלע אונמעגליכקייט פאר דעם שרייבער פון דיעזע ציילען צו פארנעמען זיך און בא־שרייבען יעדע איינצעלנע פרויען אָרגאַניזאציע און איהרע לוי־בענסווערטע טהעטיגע מיטגלידער; דאָס וואָלט פארנעמען א

גאַנצען בוך פאַר זיך זעלבסט; אַזאַ ארבייט איז צו עקסטענסיוו און קאָסטבאַר, און ביי די איצטיגע אומשטענדען אונאויספיהר־באַר, און דערפאַר מוז איך זיך באַגרענעצען אין דיעזען קאַפּי־טעל צו שרייבען און דערצעהלען נאָר וועגען דעם „פרויען קאָמיטעט", וועלכער רעפּרעזענטירט מיט זיך די פאַראייניגטע אידישע פרויען אָרגאַניזאַציעס אין פילאַדעלפיא.

דורך דעם קאָמיטעט, אין וועלכען זיי זיינען אנגעשלאָסען, וועלען, במילא, זיי אויך, די אידישע פרויען־אָרגאַניזאַציעס אָב־געשאַצט און אָנערקענט ווערען, אלס דער פונדאַמענט און די שעהנע, שטארקע זיילען, וואָס טראָגען אויף זיך דעם פאַראיי־ניגטען פרויען־אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעט פון אונזער שטאָדט.

עס איז צום באַוואונדערען דעם גוואַלדיגען פּאָרטשריט אויף דעם וועג פון עמאַנציפּאַציאָן און גלייכבאַרעכטיגונג וואָס די אידישע פרוי האָט געמאַכט אין דיעזען פרייען לאַנד און באַזונדערס אין אונזער שטאָדט פון ברודער־ליעבע, אין פילאַ־דעלפיא. אויך אין פּריוואַט לעבען איז די אידישע פרוי גלייכ־געשטעלט מיט דעם מאַן, — טהיילט מיט איהם דאָס גוטע ווי דאָס שלעכטע, אין פריידען ווי אין ליידען — אין געזעלשאַפט־ליכען לעבען, אויף דעם געביעט פון אָרגאַניזאַציע און וואָהל־טהאַט — האָט די אידישע פרוי — דעם ברודער, מאַן פיעל ארי־בערגעשטיגען.

איך מאַך דיעזע ערקלעהרונג קיינעם ניט צו שמייכלען און ניט צו מאַכען קאָמפּלימענטען ווען עס איז; איך בין בטבע קאַרג אויף אונפאַרדינטע קאָמפּלימענטען — אפילו צו דעם שעהנעם געשלעכט, אויך ניט.

איך ווייס ניט ווי אין אנדערע מקומות, ביי אונז אין שטאָדט פילאַדעלפיא הערט מען די לעצטע יאָהרען זיך כסדר באַקלאָגען צווישען די מענער בענעפישעל אינשורענס פאַר־איינען, אז זיי האַלטען זיך קוים אויף די פיס, ווייל די מיט־גלידער ווערען ווענעגער, און די וועלכע בלייבען קענען ניט נאָכקומען זייערע פאַרפליכטונגען און גרויסע צאָהלונגען צו די בענעפיט־אינשורענס פאַראיינען.

דערפאר אבער, די אידישע פרויען־אָרגאַניזאציעס, האָבען ניט קיין גרויסע אינשורענס, אויסער א פּאָר פון זיי וואָס צאָה־לען יאָ קליינע אינשורענס, און דארום אין פארגלייך מיט די מענער פאראיינען געפינען זיי זיך, די פרויען אָרגאַניזאציעס אין א געזונטען, בליהענדען צושטאנד; — וואָס אנבעלאנגט וואָהלטהעטיגע ארבעט, וועו עס האנדעלט זיך צו שטיצען לאָ־קאַלע און נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס — האָבען די אידישע פרויען אויף דיעזען געביט ווייט, ווייט אריבערגעיאָגט די „מאנס־בילען”; אין דער הינזיכט פון דרייווס און צדקה קאמפּאניעס— זיינען זיי, די מענער, געגען אונזערע פרויען שוועסטער פון היגע אָרגאַניזאציעס ווייט הינטערשטעליג.

אָט לאָמיר נעמען פאר א ביישפּיעל די ציוניסטישע אָרגאני־זאציע אין אונזער לאנד אמעריקא. א שאַנדע און א וועהטאָג פאר די מענער ציוניסטען צו קאָנסטאטירען דעם פאקט:

די הדסה, דיעזע וואונדערבארע ציוניסטישע פרויען אָר־גאַניזאציע האָט שוין גאַנץ לאנג אריבערגעיאָגט די אלגעמיינע מענער ציוניסטען אין דיזען לאנד, די גלאָרייכע און אמת אי־דישע ציוניסטישע אָרגאַניזאציע. הדסה געהט אימער פאָר־ווערטס און שטייגט אונז מענער ציונים ווייט אריבער אין מיט־גלידערשאפט און אין געלד זאמלונגען, און אזוי ווי עס איז ניט מיין צוועק אין דיזען קאפּיטעל צו שרייבען די געשיכטע פון דער הדסה, דערפאר וועל איך זיך דאָ ניט אָפּשטעלען אויף דעטאלען וועגען דיזער אָרגאַניזאציע, וועלכע איז מעהר א נאַ־ציאָנאלע ווי לאָקאלע.

## די ענטשטעהונג פון פרויען קאָמיטעט

אין אפּריל 1924 האָבען זיך צוזאמענגעטראָפען אין הויז פון הרבנית רייכעל־עננע סווירין, אין 5925 לארטשוואוד עווע־ניו, די פאָלגענדע פרויען: הרבנית מרס. סווירין, ראָזע גליידער, מערי גרינבערג, ריבע שעסטאק, פּאָולינא סאלסבערג, ראָזע שעכ־טער, ע"ה און מרס. גאָלדמאַן.

די אויבענדערמאָנטע פּרויען, וועלכע זיינען זעהר פּראָמי־
נענט אין דעם היגען אידישען לעבען און וועגען וועלכע איך
וועל נאָך שפּעטער האָבען וואָס צו זאָגען זיינען זיך צוזאמענ־
געקומען מיט דעם געדאנק צו גרינדען א פרויען קערפּערשאפט
פאר ערציהערישע און קולטורעלע צוועקען. צו האלטען לעק־
ציעס און דיסקוסיעס איבער אידישע טאגעס־פראגען, לאָקאלע
און נאציאָנאלע און עהנליכע פּראָבלעמען און צו פארהאנדלען
און דיסקוטירען אויסשליסליך אין דער אידישער שפּראַך.

דורך יאָהרען לאנגע ערפאהרונג אין זייערע בענעפישאל
אָרגאַניזאציעס, וואו עס ווערען פארהאנדעלט מעהרסטען טהייל
טרוקענע, ביזנעס און פאראיינס אנגעלעגענהייטען פאר פער־
זענליכע בענעפיטען, האָבען די גרינדער פון דעם פרויען קאָמי־
טעט געבענקט און געלעכצט נאָך א עדעלען סאָרט פארוויילונג
און פארברענגען געזעלשאפטליך אין א שעהנערער, גייסטיגער
אטמאָספערע, וואו מען פיהלט זיך דערהויבען איבער דער וואָ־
כעדיגער גרויקייט פון טעגליכען לעבען און געניסען א ווייל
פון גייסטיגען פארגעניגען און קולטורעלע זעלבסט־אנטוויקלונג.

נאָך איינינגער צייט פון זייער עקזיסטענץ, האָט די ערפאה־
רונג זיי איבערצייגט, אז די ארבייט פון דער פרויען קערפּער־
שאפט נויטיגט זיך אין פארברייטערונג און פארצווייגונג און
א גרעסערען פעלד פון טהעטיגקייטען, וואָס זיינען מעהר וויכ־
טיגע, מעהר דרינגענדע און מעהר פון א געזעלשאפטליכען כאַ־
ראקטער.

און אזוי איז געשעהן דאָס מיט 4 יאָהר שפּעטער, אפּריל
דעם 30טען, 1928, איז די קולטורעלע פרויען אָרגאַניזאציע
ריאָרגאַניזירט געווארען אונטער דעם נאָמען „פילאדעלפיא פרוי־
ען אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטעט" פאר געמיינשאפטליכע צוועקען
פון אידישען געזעלשאפטליכען לעבען און דערהויפּט צו פאר־
איינינגען די אלע אידישע פרויען אָרגאַניזאציעס אין א צענטראלע
קערפּערשאפט.

דער פרויען קאָמיטעט זייט די לעצטע 5 יאָהר האָט זיך
פארדינט געמאכט ביי דער היגער אידישער געמיינדע אלס דער

ווערער און קולטור פארשפרייטער צווישען די פרויען ארגאני־
זאציעס און אין אידישער געזעלשאפט בכלל.

פון די מעהר וויכטיגע און ווייטגרייכענדע טהעטיגקייטען
פון דעם פרויען קאמיטעט איז ווערטה צו פארצייכענען „דער
חודש פראפאגאנדע“, וואס דער פרויען קאמיטעט פיהרט אן
יעדען יאהר פאר אידישע דערציהונג.

דער פרויען קאמיטעט איז געגרינדעט און פיהרט זיינע
ביזנעס אויף דעמאקראטישע יסודות. ד. ה. דער פרעזידענט־
אמט עקזיסטירט ניט ביי דעם פרויען קאמיטעט, נאר א טשער־
מאן, וועלכער ווערט ביי יעדען מיטינג פון די אנוועזענדע דירעק־
טארען ערוועהלט פאר דעם אבענד, און אזוי יעדען מיטינג אן
אנדער טשערמאן. אויף אזא אופן איז א גרויסער טהייל פון
קנאה, שנאה און דיקטאטארשיפ אין דער ארגאניזאציע בא־
זייטיגט.

די באשטענדיגע בעאמטע, וועלכע ווערען ערוועהלט איין
מאל א יאהר זיינען: רעקארדינג סעקרעטאר, קארעספאנדירונגס־
סעקרעטאר, סעקרעטאר פון דער באארד און דירעקטארען און א
טרעזשורער. זיי זיינען אלע ניט קיין באצאהלטע בעאמטע.
די דיוס זיינען 2 דאלאר א יאהר פאר יעדער פרויען ארגאניציע
קליין אדער גרויס, אלע גלייך. די עקזעקוטיוו באארד באשטעהט
פון 52 דירעקטארען, איין דירעקטאר פון יעדער ארגאניזאציע.
דער פרויען קאמיטעט טעקסט קיין מאל ניט די ארגאניזאציעס
און מאכט קיין מאל ניט קיינע אונטערנעהמונגען פאר פרא־
פיטען.

מיט 5 יאהר צוריק, ווען די ריארגאניזאציע איז געשעהן,
האט דער פרויען קאמיטעט אנגעפאנגען מיט 35 פרויען ארגא־
ניזאציעס און איצט אין 1934, ווען דיזע צייל‏ען ווערען געשרי־
בען צעהלט דער פרויען קאמיטעט גאנצע 52 פון די גרעסטע
אידישע פרויען ארגאניזאציעס אין אונזער שטאדט.

די טהעטיגקייטען פון דעם פרויען קאמיטעט זיינען אין
אלגעמיין איינגעטיילט צווישען דריי קאמיטעטען: די ארגא־
ניזאציאנס קאמיטע מיט ראזא גליידער אלס טשערמאן, די דער־
ציהונגס קאמיטע, מיט מערי גרינבערג אלס טשערמאן, און די

קולטור קאָמיטעט מיט טילי בן עמי אלס טשערמאַן, ווי אויך הרבנית ראכעל סווירין, קארעספאָנדענט סעקרעטאר, דזשעני רו־בין, סעקרעטאר פון דער באָארד, און ריווא שעסטאק, אלס רעקארדינג סעקרעטאר.

ווי געזאָגט, איז איינע פון די טהעטיגקייטען פון דעם פרויען קאָמיטעט — די דערציהעריש, דאָס איז דער חודש ערציהונגס פראָפּאגאנדע, וואָס דער פרויען קאָמיטעט פיהרט אָן יעדען יאָהר. דער חודש ערציהונגס אויפקלעהרונג אין דעם יאָהר 1933 איז געקרוינט געווארען מיט גרויס ערפאָלג. אין יעדען סעקשאן, אין יעדען טהייל פון דער שטאָדט, וואו די אידישע באפעלקערונג געפינט זיך אין א באדייטענדער צאָהל, האָט דער קאָמיטעט אָבגעהאלטען מאססמיטינגען און אראנזשירט שעהנע קאָנצערטען, וואו רעדנער פוןביידע הויפּט־צווייגען פון דער־ציהונג, די תלמוד תורות און די פאָלקס־שולען האָבען אויפ־געקלעהרט היסטאָריש און פון יעצטיגען מאָמענט די נויטהווענ־דיגקייטען צו געבען אונזערע קינדער א אידישע דערציהונג.

די מיטינגען זיינען געוועןן צימליך גוט באזוכט און אפּיעלס זיינען געמאכט געווארען דירעקט צו די עלטערן זיי זאָלען שיקען די קינדער אין די אידישע תלמוד תורות און אין די אידישע פאָלקס שולן. דעם אויסוואהל ווערט געגעבען צו די עלטערן לויט זייער גייסט און באגריף.

און אַזוי אויך האָט דורכ'ן יאָהר געארבייט און געשאפען די זעהר וויכטיגע אָרגאַניזאציאָנס־קאָמיטע און אודאי האָט געטאָן ניצלאכע און פרוכטבארע ארבייט די קולטור־קאָמיטע. יעדע פון די אויבענדערמאָנטע דריי קאָמיטעס האָט פלייסיג גע־ארבייט און געשאפען אין דער ספערע פון איהרע טהעטיגקייטען, וואָס האָט געבראכט קרעדיט און פרעסטיזש פאר דער צענט־ראלער קערפּערשאפט — דעם פרויען קאָמיטעט.

* * *

ווי די רבנית מרס. ראכעל סווירין גיט מיר איבער האָט דער פרויען קאָמיטעט אָנצוציינען וויכטיגע נאַציאָנאלע ארבייט, וואָס דער קאָמיטעט האָט געלייסטעט ביי פארשידענע אנגעלעגענהיי־

טען, ווי פאָלגט: ווען די אמעריקאנער רעגירונג האָט געזאָלט בייטען דעם קאלענדאר, וועלכער וואָלט אנגעגריפען און פאר־קריפעלט די אידישע שבתים און ימים טובים, האָט דער אידי־שער פרויען קאָמיטעט פון פילאדעלפיא שנעל רעאגירט אויף די שלעכטע פאָלגען, וואָס די ענדערונג אין קאלענדאר קען ברענגען און דער פרויען קאָמיטעט, אין נאָמען פון 52 פרויען אָרגאני־זאציעס, וועלכע צעהלען ביז 22 טויזענד מיטגלידער האָט גע־שיקט א העפטיגען פראָטעסט צו די 2 יונייטעד סטייטס סענא־טאָרען פון אונזער סטייט פענסילוועניא, צו מר. ריעד און צו מר. דייוויס. דער קאָמיטעט האָט אונגעזאמט דערהאלטען א צופרידענשטעלענדען ענטפער פון די סענאטאָרען, אז זיי ווע־לען צו דעם יונייטעד סטייט סענאט צושטעלען דעם פראָטעסט.

צו פארדאנקען דעם און עהנליכע פראָטעסטען פון אנדערע קוועלען — יא אדער ניט — די גזירה וועגען בייטען און ענדערען דעם קאלענדאר איז בטל געווארען און עס איז געבלי־בעןביים אלטען קאלענדאר, ניט פארענדערט.

ווען די „רעדזשיסטריישאן"־מכה פאר פרעמדע און אמע־ריקאניזירטע בירגער פון דיזען לאנד האָט זיך געזאָלט מיט אמאָל פארשפרייטען און אנשטעקען יעדען פרעמד־געבוירענעם אין אמעריקא מיט דעם שענדליכען אקט זיך צו רעגיסטרירען און טראָגען א פאספאָרט ווי אין דעם אמאָליגען רוסלאנד, האָט ווידער דער זעלביגער אידישער פרויען קאָמיטעט פון אונזער שטאָדט געשיקט א שארפע טעלעגראמע אלס פראָטעסט צו די צוויי יונייטעד סטייט סענאטאָרען פון פענסילוועניא, און ווידער האָט דער קאָמיטעט באקומען א פארזיכערונג, אז דער פראָטעסט וועט צוגעשטעלט ווערען צום סענאט ווען די ביל וועגען רעגיס־טרירען פרעמדע געבוירענע וועט פאָרגעבראכט ווערען צום פאר־האנדלען. גליקליכערווייזע איז דיזער אימיגראנטען־פרעסערי־שער ביל אויך פארשטעקט געוואָרען אין די ארכיוועז און ווער־שיינליך וועט ער שוין קיין מאָל די ליכטיגע וועלט ניט זעהן — זיכער ניט אין דער איצטיגער אדמיניסטראציע פון אונזער הומאנעם און פראָגרעסיווען פרעזידענט, פרענקלין ד. רוזוועלט.

אין דעם קאמף פון די העברעאיסטען און די אידישיסטען

אין פאלעסטינא, ד. ה. וועלכע שפּראך זאָל דאָרט אנערקענט ווערען אלס איינציגע נאַציאָנאלע שפּראך פאר דעם אידישען פאָלק, העברעאיש אָדער אידיש — א קאמף וואָס האָט אויסגעבראָכען צווישען דער ארץ ישראל אינטעליגענטער אידישער באַפעלקערונג און האָט געדראָהעט דעם פרידען און דעם גוטען נאָמען פון דעם ישוב אין ארץ ישראל, האָט דער פרויען קאָמיטעט דורך דער אמעריקאנער ציוניסטישער אָרגאַניזאציע אריינגעשיקט א ווארימען צושריפט און האָט אפעלירט פאר אן אויסגלייך און פאר שלום. עס זאָל ניט ארויסקומען קיין חלול השם.

ווען די אַראַבער האָבען געשטערט די אידען פאָרבעטען ביי דעם כותל מערבי ווי עס איז דער מנהג און די טראַדיציע פון קדמונים, פון יאָהרען לאַנג, האָט דער קאָמיטעט ווידער דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאציע געשיקט א פּראָטעסט מיט ענטריסטונג און הארצוועהטאָג, ווייל עס האָט זיך ארויסגעוויזען אז פילע טוריסטען, אמעריקאנער בירגער, זיינען דארט ביים כותל, ביי דער טרערען וואנט, אויך געשטערט געווארען צו שטעהן און בעטען און באוויינען דעם חורבן, די פארבליבענע וואַנט פון בית המקדש, וועלכע דערמאָנט אין אונזער אמאָליגען פאָטערלאנד, ווען מיר זיינען געווען א פאָלק מיט אלע פעלקער גלייך, און וועלכעס איז פון אונז מיט געוואלט אוועקגערויבט געווארען, און איצט אפילו אויסוויינען זיך אויף דעם חורבן לאָזט מען אונז אויך ניט. עס איז ניט וויכטיג און עס מאכט קיין אונטערשיעד ניט אויב דיזער פּראָטעסט פון דעם פרויען קאָמיטעט האָט עטוואָס געהאט א ווירקונג אויף דעם מופטי און זיינע נאָכשלעפּער, די אונוויסענדע און בארבארישע בעדואינענאראבער, וועלכע האָבען געשטערט די אידען ביים כותל. וויכטיג אין דיזען פאל איז, דאָס אידישע פרויען אין פילאדעלפיא האָבען רעאגירט אויף דעם שענדליכען עפּיזאָד אין הייליגען לאַנד, און זיך געפיהלט געקרענקט אויף דער שריינדער אוםגערעכטיגקייט און באליידיגונגען, וואָס ווערען בייזוויליג באַגאנגען געגען דעם אידישען פאָלק.

נאָך א וויכטיגע און לויבענסווערטהע טהאַט געהט אריין אין דער פּראָגראַמע פון די נאָבעלע אידישע פרויען פון דעם

קאָמיטעט, און דאָס איז זאמלען ביכער, עס מעג זיין פון וועל־
כער שפּראַך, און די זעלבע צוטיילען צווישען די 4 אידישע
אנשטאלטען פאר דעם בענעפיט פון די וואָס האלטען זיך דאָרט
אויף: די בית יתומים, די דעי־נוירסערי, דער מושב זקנים
וקנות און האָספּיטעלער פון וועלכער אונטערנעהמונג הרבנית
מרס. סווירין איז די טשערלײדי.

איך האָב פריער אין דיזען ארטיקעל פארשפּראָכען צו
זאָגען א וואָרט פון פארדינסט און אנערקענונג וועגען די גרינ־
דער און טהעטיגסטע מיטגלידער פון דעם לויבענסווערטען פרוי־
ען קאָמיטעט, וועלכער איז די שעהנסטע קרוין פון פרויען אָר־
גאניזאציעס ביי אונז אין שטאָדט.

צוערשט וועגען דער פּיאָנערין אויף דעם געביט פון מאָ־
דערנער געזעלשאַפטליכער טהעטיגקייט אין פילאדעלפיא —
ראָזא גליידער.

אָנגעפאנגען מיט דער גרינדונג פון יעליסאוועטגראדער
אָדער פרויען אוקזילערי מיט 18 יאָהר צוריק, האָט ראזא גליי־
דער, באַשאָנקען פון נאַטור מיט א חוש פאר געזעלשאפטס־
ארבייט, און וועלכע באזיצט א שטאַרקע ווילענסקראפט צו שאַ־
פען און אָרגאַניזירען פאר'ן כלל — זיך ב אַ ל ד פּאָפּולער
געמאכט מיט דעם גרינדען אין 1911 דעם פילאדעלפיער ברענטש
פון רויטען מגן־דוד, וועלכער האָט אזויפיעל וויכטיגע, מוטערליך
געטרייע דינסטע געלייסטעט פאר די אידישע לעגיאָנערען, וועלכע
זיינען אוועק אין דער וועלט־מלחמה צו העלפען דער ענגלישער
רעגירונגס־ארמעע צו קעמפען און באזיעגען פאלעסטינא פאר די
אידען.

נאָך די מלחמה־יאָהרען האָט דער רויטער מגן־דוד, מיט
דער הילף פון ראָזע גליידער, אלס פרעזידענטין, געשטיצט און
אויסגעהאלטען די אוקראאינער יתומים פון די מלחמה קרבנות
אין ארץ ישראל.

ראָזע גליידער גרינדעט דעם סויטה פילאדעלפיא טשאפּטער
פון הדסה, ווערט איהר פרעזידענט, און אין 1924 פארשמעלצט
דעם רויטען מגן־דוד מיט דיזער וואונדערבארער נאַציאָנאלער
אָרגאַניזאציע — די הדסה פון וועלכער ראזע גליידער איז וויס־

פרעזידענט פון דעם ראיאָן נומער 4, וואָס נעמט אריין פענסיל־וועניא, ניו דזשוירזי און דעלאווער סטיטס. זי איז אויך פרע־זידענט און גרינדער פון ברית אחים פרויען אוקזילערי, געוועזן די ערשטע אידישע פרוי דעלעגאט פון פילאדעלפיא ערוועהלט צו ווערען צום אמ. אידישען קאָנגרעס און איז אַן עקזעקוטיוו מיטגליד פון פילאדעלפיער אידישען קאונסיל און איז טהעטיג אין פיעלע אנדערע לאָקאלע און נאַציאָנאלע אינסטיטוציעס.

ניט ווייניגער פראָמינענט און באוואוסט אין די אידישע געזעלשאפטליכע קרייזען איז מערי גרינבערג, וועלכע איז אליין געקומען פון רוסלאנד אנגעזאפּט מיט פּראָגרעסיווע אידעען און אידעאלען. מערי גרינבערג האָט זיך שנעל אדאָפּטירט צו גע־זעלשאפטליכער אקטיוויטעט. אָנגעפאנגען האָט מערי גרינבערג איהר קאריערע אלס סעקרעטערין פון א ראדיקאל־סאָציאלען צירקעל, נאכהער זיך פאראייניגט אין דער ארבייט פון רויטען מגן־דוד. באזונדערס האָט זיך מערי גרינבערג פּאָפּולער געמאכט אלס סעקרעטארין פון דער „אסתר לאָדזש", די גרעסטע אידישע פרויען־בענעפישאל אָרגאַניזאציע אין אונזער שטאָדט.

די 12 יאָהר וואָס זי איז סעקרעטארין פון „אסתר לאָדזש" האָט מערי גרינבערג געשאפען גרויסע סומען געלד פאר דעם קרן־היסוד, פאר'ן נאַציאָנאל פאָנד, פאר די מלחמה קרבנות, און עס איז ניטאָ איין אינסטיטוציע וואָס ווערט ניט געשטיצט פון דער „אסתר־לאָדזש" ברייטהארציג מיט דער מילדער האנט. מערי גרינבערג איז דער לעבעדיגער אינסטרומענט פון די מעשים טובים פון איהר באליבטער אסתר לאָדזש.

מערי גרינבערג איז געווען די ערשטע אידישע פרוי צו נעמען אנטהייל אין דער ארבייט פון דער „פעדערריישאן אוו דזשואיש טשאַריטיס"; מערי גרינבערג איז יעדען יאָהר א דע־לעגאט צום אידישען קאָנגרעס און עקזעקוטיוו מיטגליד פון האַיאַס; נאַציאָנאלער פארטרעטער אין דער עקזעקוטיווע פון הדסה; א טהעטיגע מיטגלידערין אין געציינג קאמפיין פון די דעקלאסירטע אידען אין רוסלאנד, א דירעקטאָרין פון דאון־טאון בית יתומים, פון אפּ־טאון מושב זקנים, א מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון דער דעבאראה סאניטאריום און א מיט־

גליד פון דער עקזעקוטיווע פון פילאדעלפיער אידישען קאונסיל, און פון נאָך פילע אנדערע אינסטיטוציעס.

זעהר אינטערעסאנט און קאָליר־רייך איז די קלוגע און זעהר אינטעליגענטע פרוי, הרבנית רייכעל (אנא) סווירין, ביי וועמען אין הויז דער פרויען קאָמיטעט האָט די ערשטע ליכט דערזעהן. א שלשלת היוחסן, א דרייפאַכע מיוחסת איז הרבנית סווירין, איהר פאָטער א רב, רבי גראסמאן ע"ה, איהר מאן, איהם צו לאנגע יאָהרען, דער רב פון וועסט פילאדעלפיא, הרב דובער סווירין, און אליין אינטעליגענט און הויך געבילדעט און איז א זעלטענער טיפּ פון א אידישער כלל טהוערין און פיה־רערין.

הרבנית רייכעל סווירין האָט גראדואירט מיט אויסצייכע־נונג פון דעם היגען גרעטץ קאלעדזש אלס העברעאישע לעה־רערין אין יאָהר 1910, און אויך געלערנט די סקול אָוו אָבזער־וויישאן און פראקטים, א צווייג פון גרעטץ קאלעדזש. איהר אלגעמיינע בילדונג האָט זי באקומען אין דעם היגען טעמפּעל אוניווערזיטעט, און עס האָט איהר אימער געצויגען צו אידישער כלל־ארבייט.

אָט אזוי האָט זי צוזאמען מיט דעם באוואוסטען פּעדאגאָג ז. שמר געגרינדעט און ערפאָלגרייך אנגעהאלטען פאר א געוויסע צייט דעם ערשטען העברעאישען קינדערגאָרטען דאָ אין שטאָדט, אויך האָט זי געגרינדעט די ערשטע העברעאישע זונטאג שוהלע אין קעמדען, נ. דזש. און אויך אין סאָמערוויל, נ. דזש. און געגרינדעט די עזרת קדש לייברערי פאר ביכער פון אידישען אינטערעס אין ווילמינגטאָן, דעלאווער. די קרוין פון איהר כלל־ארבייט באטראכט זי אבער דעם פילאדעלפיא פרויען־אָרגאניזא־ציאָנס־קאָמיטעט פון וועלכען זי איז איינע פון די גרינדערינס און איז די קארעספּאָנדענט סעקרעטאר פאר די לעצטע 5 יאָהר. פאר דעם ערפאָלג פון דיזער וויכטיגער אָרגאַניזאציע גיט הרבנית סווירין אָב איהרע כחות און צייט.

זי איז אויך איינע פון די פיהרערינס פון דעם וועסט־פילא־דעלפיא פרויען קלוב און איז דער לעבענס־גייסט פון די ליידיס אָוקזילערי פון דער גרויסער „לינת הצדק שוהל" פון וועסט־

פילאדעלפיא. זי איז אויך א געוועזענע פרעזידענטין פון דער מזרחי פרויען אָרגאַניזאַציע פון וועסט־פילאדעלפיא און איז א טיכטיגע ארבייטערין אין די מעהרסטע צדקה אנשטאַלטען פון אונזער שטאָדט. הרבנית רייכעל (אַנאַ) סווירין באַזיצט אן אונ־ערשעפּליכען, ענערגישען קוואַל און דראַנג פאר כלל־ארבייט.

ריבע שעסטאַק איז א באוואוסטע און באליבטע פּערזענ־ליכקייט אין די פרויען געזעלשאַפטליכע טהעטיגקייטען פון אונ־זער שטאָדט. ריבע שעסטאַק האָט אָנגעפאנגען איהר קהלשע טהעטיגקייט אין דער קישינעווער לײדיס בענעפישעל סאָסייעטי, איז געוועזען איהר פיהרערין פאר פיעלע יאָהרען און איז אויך געוועזען א צעהן מאָל פּרעזידענטין פון דער זעלבער אָרגאַניזאַ־ציע און ווען מ׳האָט געפייערט איהר 25 יאָהריגען יובילעאום איז מרס. ריבע שעסטאַק געוועזען די טשערליידי און עדיטאָר פון דעם סאָווועניער־בוך וואָס די אויבענדערמאָנטע סאָסייעטי האָט לכבוד דעם יובילעאום ארויסגעגעבען.

אין 1908 האָט ריבע שעסטאַק געגרינדעט די פילאדעלפיער ניישאָנאַל פרי לאָאַן אסאָסיאיישאַן, פון וועלכער זי איז געוועזען 13 יאָהר טרעזשורער.

מיט 19 יאָהר צוריק איז ריבע שעסטאַק געוועזען איינע פון די ארגאנייזער פון דער אידישער דעי־נוירסערי פון דאון־טאַון און זי איז די גאַנצע צייט אויך איהר פּרעזידענטין. דיזען יאָהר 1933 איז מרס. ריבע שעסטאַק ערוועהלט געווארען צום 20טען מאָל אלס פּרעזידענטין פון דער אויבענדערמאָנטער אינסטי־טוציע.

12 יאָהר צייט האָט ריבע שעסטאַק געארבייט פאר דער פעדערעיישאַן אוו דזשואיש טשאַריטים אלס קעפּטעין אין יעדען דרייוו מיט גרויס ערפאָלג.

די לעצטע 10 יאָהר נעמט מרס. שעסטאַק אנטהייל אין „האַיאַס" און זי איז געוועזען פאר 8 יאָהר צייט די טשערליידי פון דער פרויען אבטיילונג פון דעם יעהרליכען קאמפּיין פון „האַיאַס" און איז אויך די גאַנצע צייט פּרעזידענטין פון דער לײדיס אוקזילערי פון „האַיאַס".

מיט 7 יאָהר צוריק איז ריבע שעסטאק געווען איינע פון די ארגאניזערס פון די קישינעווער לײדיעס פרי לאָאן אסס'ן פון וועלכער זי איז די גאנצע צייט די רעקאָרדינג סעק. און גאָר צום לעצט מיט 5 יאָהר צוריק איז ריבע שעסטאק געווען איינע פון די ריארגאניזער פון דעם אידישען פרויען קאָמיטעט, און ביז היינט צו טאָג טראָגט זי דעם פאראנטוואָרטליכען אמט אלס רעקאָרדינג סעקרעטארין פון פילאדעלפיא אידישען פרויען קאָמיטעט. זי איז אויך אקטיוו אין אידישען קאָנגרעס, געצייג קאמפיין און אין צייט פון דער מלחמה האָט זי געארבייט פאר דעם פיפעלס רעליעף. נעמט אנטהייל אין פיעלע אנדערע געזעלשאפטליכע טהעטיגקייטען.

דזשעני רובין קען אויפצייגען א שעהנעם רעקאָרד פון געזעלשאפטליכע ארבייט פאר די לעצטע 15 יאָהר, ווי פאָלגט: אין 1918 האָט דזשעני רובין אנגעפאנגען איהר טהעטיגקייט אין רויטען מגן דוד, וואו זי האָט זיך געמאכט זעהר פאָפולער. אין 1920 אויפגענומען געווארען אין דער אסתר לאָדזש, וואו זי האָט זיך ארויפגעארבייט פון איין אמט צום צווייטען ביז דעם העכסטען אמט פון דער לאָדזש. אין 1927 עלעקטעד געווארען אלס פרעזידענטין פון יעליסאוועטגראדער לײדיעס אוקזילערי. אין 1922 ערוועהלט געוואָרען אלס רעקאָרדינג סעקרעטארין פון סמילער לײדיעס אוקזילערי. אין 1932 ערוועהלט אלס פרעזידענטין פון דער גרויסער אסתר לאָדזש און דורך דעם אסתר לאָדזש געארבייט אלס קעפטעין אין יעדען דרייוו פאר וואהלטהעטיגע אנשטאלטען. געווען דעלעגאט צום אידישען קאָנגרעס אין וואשינגטאָן, דעלעגאט צום דעבארא סאניטאריום קאָנווענשאָן אין ניו יאָרק, דעלעגאט צום פילאדעלפיער אידישען קאנסול און א מיטגליד פון „הדסה", און אין 1931—1932 פארנעמט דעם אמט אלס סעקרעטארין פון עקזעקוטיוו באָארד פון פילאדעלפיער אידישען פרויען קאָמיטעט.

אסתר גאָלדמאן איז נאָך יונג אין יאָהרען און האָט שוין באדייטענד פיעל גוטעס געלייסטעט פאר דער אידישער פרויען געזעלשאפטליכער ארבייט אין אונזער שטאָדט.

מרס. אסתר גאָלדמאַן איז איינע פון די גרינדער פון „פילאַ־דעלפיא אידישען פרויען קאָמיטעט". אסתר גאָלדמאַן איז איינע פון די ערשטע מיטגלידער פון דער „ברית אחים פרויען אוקזי־לערי". זי האָט געדינט אלס פּרעזידענט פאר א יאָהר און האָט געהאלטען פעריאָדישע אנדערע עמטער אין דער אָרגאַניזאציע. זי איז א מיטגליד פון דער אסתר לאָדזש פאר פיעלע יאָהרען, נעמט א טיכטיגען אנטהייל אין פארשידענע קאמפּיינס דורך דער ברית אחים פרויען אוקזילערי און איז א צאָהלענדיגע מיטגליד פון פיעלע צדקה אנשטאלטען.

איינע פון די גרינדער פון פרויען קאָמיטעט ביי אונז אין שטאָדט איז די ליבליכע, קלוגע און באשיידענע כלל־טהוערין פּאָולינא סאָלסבערג. שוין 30 יאָהר אז פּאָולינע סאלסבערג איז טהעטיג אין אידישען פרויען געזעלשאפטליכען לעבען פון פילאַ־דעלפיע. אָנגעפאנגען איהר טהעטיגקייט האָט פּאולינע סאלס־בערג מיט 30 יאָהר צוריק אין דער גרעסטער אידישער פרויען אָרגאַניזאציע אין אונזער שטאָדט די אסתר לאָדזש פון וועלכער פּאָולינא סאָלסבערג איז באעהרט געווארען מיט דעם העכסטען אמט אלס פּרעזידענטין און אין איהר טערמין אלס פּרעזידענטין האָט די אסתר לאָדזש בייגעשטייערט צום קרן היסוד אין יענעם יאָהר טויזענד דאלאר.

אין פאָלגענדע אינסטיטוציעס האָט פּ. סאלסבערג גענומען א טיכטיגען אנטהייל: א טהעטיגער מיטגליד פאר 17 יאָהר און איינע פון די באָארד אוו דירעקטאָרען פון אפּטאונער מושב זקנים פאר די לעצטע 13 יאָהר. גרינדער פון נאָרד איסטערן היברו ארפאנס האָום (אפּטאונער בית יתומים) און איז פאר די לעצטע 3 יאָהר א מיטגליד פון באָארד אוו דירעקטאָרס פון דעם זעלבען אנשטאלט. זי איז אויך א מיטגליד און א קעפּטעין פון דעם דרייוו פון דאון־טאונער בית יתומים. א טיכטיגע אר־ביטערין אין די אידישע פאָלקס שולן, א מיטגליד פון סומך נופלים פרויען פאראיין. געווען איינע פון די ערשטע טהעטיגע מיטגלידער פון דער געוועזענער לײדיעס מאטוירניטי אייד סאָ־סייעטי צו העלפען ארימע קימפּעטאָרינס אין זייער היים אין צייט פון דער קימפּעט. די קאָמיטע ברענגט שפּייז, לינענס און

העלפט אויפראמען און צוגרייטען צום עסען פאר דער מוטער מיט איהר ניי־געבוירענער בייבי (קימפעט קינד). דיזע סאָסייעטי איז איצט פאראייניגט מיט דער „פעדערייישאן".

פאולינא סאלסבערג איז א מיטגליד אין דער פרויען אָרגאַניזאציע „הדסה", א מיטגליד פון „רויטען מגן־דוד", וועלכע זאמעלט געלד פאר די קינדער יתומים אין ארץ ישראל. א מיטגליד פון איידע שטראוס לאָדזש, אויך א מיטגליד פון די פרויען אוקזילערי פון לינת הצדק שוהל, וועסט פילאדעלפיא; 6 יאָהר א מיטגליד און אקטיוו אין די דרייווס פון דעם דעבארא סאניטאריום פאר שווינדזיכטיגע; א מיטגליד פון דער קאָמיטע צו באזוכען די גייסטיג קראנקע אין בייבערי האָספּיטאל, און שליסליך, פאולינא סאלסבערג איז איינע פון די גרינדער פון אידישען פרויען קאָמיטעט אוו פילאדעלפיא און איז די טרעזשורין זייט דער פרויען קאָמיטעט עקזיסטירט.

ראָזע שעכטער ע"ה, צו לאנגע, לעבעדיגע יאָהרען פון די שוועסטער־חברות מיט וועלכע די פריהצייטיג פארשטאָרבענע ריבע שעכטער האָט יאָהרענלאנג אין פארשידענע אינסטיטוציעס מיטגעארבייט — איז געווען א טייערע און טרייע פריינדין און חברה צו אלע מיט וועלכע איהר איז אויסגעקומען צו ארבייטען צוזאמען פאר דעם וואָהלזיין פון דער אידישער קאָמיוניטי פון אונזער שטאָדט. און ווי געזאָגט, געווען פון די ערשטע גרינדער פון אידישען פרויען קאָמיטעט פון פילאדעלפיא.

ראָזע שעכטער ע"ה, צו לאנגע יאָהרען פון די שוועסטער חברות, מיט וועלכע די פארשטאָרבענע ראָזע שעכטער האָט יאָהרענלאנג אין פארשיידענע אינסטיטוציעס מיטגעארבייט איז געווען איינע פון די ערשטע גרינדער פון אידישען פרויען־קאָמיטעט אין פילאדעלפיא און א גוטהערציגע, א מיטלייַדענדע מיט אלע ארימע און געדריקטע. איהר גוטהערציגקייט האָט ניט געהאט קיין גרעניץ, פשוט זיך געטיילט מיט דעם לעצטען צו העלפען א פאמיליע אין נויט. איהר געזעלשאפטליכע טהעטיגקייט איז געווען געווידמעט צו דער אסתר לאָדזש מיט וועלכע זי איז געווען פארבונדען עטליכע און צוואנציג יאָר — געווען דריי מאָל פרעזידענטין און האָט געהאט די עהרע צו זיין

די פרעזידענטין אין 1928, ווען די גרויסע אסתר לאַדזש האָט געפייערט דעם זילבערנעם יובילעאום. אין דעם יובילעאום־בוך פון יענעם יאָהר שרייבט ראָזע שעכטער איהר באגריסונג מיט פאָלגענדען כאראקטעריסטישען אויסדרוק:

„אָבער שוועסטער טייערע, לאָמיר ניט פאר'שיכור'ט ווערען „פון אונזער ביז איצטיגען ערפאָלג. לאָמיר דאָס היינטיגע יאָהר „פון זילבערנעם יובילעאום פּראָקלאמירען אלס א יאָהר פאר „נייער טהעטיגקייט, פאר נייער ארבייט, פאר נייער פארצווייגונג „אויף אלע געביטען פון דעם אידיש־געזעלשאפטליכען לעבען „און פון דעם אידיש־קולטורעלען לעבען ביי אונז אין שטאָדט. מיר האָבען א יונגען עלעמענט וועלכער קומט איצט אריין אין „אונזערע רייען, מיר האָבען פריינדשאפט, ליבע און אחדות „וואָס הערשט צווישען אונזערע מיטגלידער".

ווי געזאָגט איז ראָזע געווען טהעטיג אויך אויף אנדערע געביטען פון אידישער געזעלשאפטליכער ארבייט. עהרע איהר אָנדענקען.

און צום לעצט ווי אויך צום בעסט פון דער פארבענרייכער גאלערי פון הייספּיהלענדע און גייסטרייכע אידישע פרויען ליע־דערס פון „קאָמיטעט", וועל איך אונטערפיהרען דעם באלאנס מיט דער גוט־באוואוסטער און ציעל־באוואוסטער פועלי־ציוי־ניסטקע און כלל־טהוערין טילי בן עמי. א גלאַרייכע און א פרוכטבארע פארגאנגענהייט ווי אויך א קאָכעדיג־לעבעדיגע געגענוואַרט קען און זאָל פארצייכענט ווערען אויף דעם רעקאָרד פון דער דעליקאטער און איידעלער פרוי אין איהר אויסער־ליכען אויסזעהן, אבער באגאבט מיט א דינאַמישען, ענערגישען שטראָם פון ווילען און שאפונגס־קראַפט. קומט פון א קליין שטעדטעל אין אוקראינע פון א חסידישער סביבה, און דער פאָטער אליין געווען א משכיל, האָט מילי, לייס (איהר מיידעל נאָמען) בן עמי — זיך אליין געבילדעט און ענטוויקעלט פון זיך אן אינטעליגענטקע מיט הויכע שטרעבונגען און אידעאלען. צו 13 יאָהר קומט אָן טילי אין אמעריקע און ווערט א לעה־דערין און גיט פּריוואטע אוראָקען אויף אידיש און העברעאיש. שוין באלד נאָך דעם ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס איז טילי

פארכאפּט געווארען פון דעם ציוניסטישען אידעאַל און טרעט אריין אין די ציוניסטישע רייען. געווען די ערשטע פּאָרזיצערין פון דעם דאן געגרינדעטען אין זשמערינקא ציוניסטישען יוגענט־ליכען פאראיין „שושנת העמקים". שפּעטער גרינדעט זי א פרייע שולע פאר אידיש און פאר העברעאיש פאר אָרימע אידישע מיידלעך.זי איז דאן געווען די ערשטע לעהרערין אין דער שולע פאר אידיש און העברעיש. אין 1904 איז טילי בן עמי אנגע־קומען אין זשמערינקער שטאָדט־שפּיטאל צו לערנען זיך פאר א נוירס (קראנקען שוועסטער) און צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען זיך צוזאמענגעקומען מיט דעם „קולטורעלען" אנטיסע־מיטיזם וואָס האָט זיך דאן געפונען סיי צווישען די דאקטוירים, סיי צווישען די נוירסעס און אנגעשטעלטע, און דאָס האָט איהר ערשט רעכט א שטויס געגעבען צום אידישען פאָלק, זיינע האָפ־נונגען און אידעאלען.

אין 1905 איז טילי בן עמי געווען די ערשטע צווישען די וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער פארטיי פועלי ציון. און נאָך די פּאָגראָמען אין אדעס אין 1906 קומט טילי ליים— בן עמי קיין אמעריקא, און טאקע גלייך אריינגעטראטען אין דער פועלי ציון פארטיי, ווי אויך געווארען טהעטיג אין דער טרייד־יוניאָן באוועגונג, און זי איז אויך געווען די אנפיהרערין פון אייניגע סטרייקס.

אין 1910 ווערט טילי די פרוי פון בן עמי, אוןביידע זיינען געווען די ערשטע מיטגלידער פון אידישען נאַציאָנאלען ארביי־טער פאַרבאַנד. דעם זעלבען יאָהר פאָהרט זי אלס דעלעגאט צו דער מאָנטריאָלער קאָנוועגשאָן וואו עס איז געלעגט געווא־רען דער גרונדשטיין פון אידישע פאָלקס שולען וואָס זיינען יעצט פארשפּרייט איבער גאנץ אמעריקע און קאנאדע. איז גע־ווען פּאָרזיצערין אין פיפעלס רעליעף און טיכטיג געארבייט פאר רעליעף פאר די מלחמה קרבנות. אלס דיסציפּלינירטע חברה נעמט זי אנטייל אין אידישע און געזעלשאפטליכע אר־בייטען, ווי אין אידישען קאָנגרעס א. ז. וו. פון 1924 ביז 1927 האָט טילי בן עמי פארבראכט אין ארץ ישראל און איהרע קינ־דער האָבען גענאסען א העברעישע ערציהונג און איהר עלטע־

רער זוהן יהודא איז נאָך דארט פארבליבען ביז 1929 און געענדיגט די חיפה רעאל שול.

טילי איז א מיטגליד פון פרויען פּיאָנערן אָרגאַניזאציע פאר ארץ ישראל און די אויבענדערמאָנטע אָרגאַניזאציע האָט זי דעלעגירט צום פּילאדעלפיער פרויען שטאָדט־קאָמיטעט, וואו זי איז די לעצטע יאָהרען די פּאָרזיצענדע פון דער קולטור אר־בייט, צו דינען די בעסטע אינטערעסען פון אידישען פאָלק און דער אידישער פרוי.

סילי האוז, אבוואָהל ניט פון די ערשטע גרינדער פון פרויען קאָמיטעט, פארדינט דאך דערמאָנט צו ווערען אלס איינע פון די טהעטיגסטע און אונערמידליכע ארבייטער אין היגען געזעל־שאפטליכען לעבען פון דער אידישער געמיינדע פון אונזער שטאָדט.

סילי האוז איז די פעהיגע און געטרייע סעקרעטארין פון דער פרויען אָרגאַניזאציע „אינדעפּענדענט איידע שטראוס לאָדזש", וועלכע האָט איהר וואוקס און גרויסען דערפאָלג צו פאַרדאַנקען די איבערגעבענהייט און גרויסע פעהיגקייטען פון איהר סעקרעטארין, סילי האוז, וועלכע באטייליגט זיך אין אלע וויכטיגע און אידישע אינסטיטוציעס פון אונזער שטאָדט.

די פאָלגענדע היגע אָרגאניזאציעס זיינען אנגעשלאָסען אן דעם פרויען שטאָדט־קאָמיטעט:

ברית אחים פרויען אוקזילערי, אסתר לאָדזש, אינדעפּענ־דענט איידא שטראוס לאָדזש, אינדעפּענדענט בערטהא ראוויץ לאָדזש, וואָהלינער ליידים אייד סאָסייעטי, טאלנער ליידים אייד סאָסייעטי, דאון־טאון היברו דיי־נוירסערי, קישינעווער ליידים פרי לאָאן אסאָסיאיישאן, רומעניען היברו ליידים בענעפישאל אסס'ן, נאָרד איסטערן ברענטש פון אפּ־טאון האָום פאָר די אידזש (מושב זקנים), קאניוועך־רעזישטשיוועך ליידים אוקזילע־רי, פרויען גמילות חסדים פאראיין פון פארקסייד, נאָרטהערן היברו דיי־נוירסערי, דאון־טאון האָום לאָון אסס'ן, עזרת אחים— אהבת שלום ליידים אוקזילערי, אהבת אחים ליידים אוקזילערי, אפּטאון ליידים האָום פאר דהי אידזש (מושב זקנים) סמילער ליידים אוקזילערי, ליידים אוקזילערי פון וויטעבסקער בענעפי־

שיאל אסס'ן, זשיטאָמירער ליידים אוקזילערי, ליידים אוקזילערי פון קאָנגרעגיישאן אהבת ישראל פון אוקליין, ליידים אוקזילערי פון ישיבת משכן ישראל, ליידים אוקזילערי פון דזשואיש קאָנ־סאמפּטיוו רעליעף אסס'ן פון לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום, ליידים אוקזילערי פון קאָנגרעגיישאן לינת הצדק, וועסט פילא־דעלפיע וואָלקאָוויצער־פּאָדאָליער ליידים אוקזילערי, ליידים אוק־זילערי פון פרוזשינער־שערשעווער בענעפישאל אסס'ן, סומך נופלים פרויען פאראיין, וועסט פילאדעלפיא ליידים אוקזילערי פון דעבאראה סאניטאריום, אידישע דיי־נוירסערי פון פילא־דעלפיא, טובא בענעפישאל אסס'ן, יעליסאוועטגראד ליידים אוקזילערי, אינדעפּענדענט קישינעווער ליידים בענעפישיאל אסס'ן, פּיאָנערען פרויען אָרגאַניזאציע, וועסט פילאדעלפיער רעפרעשמענטס סוירקעל, סיסטערהוד פון קאנגרעגיישאן בית עם, פילאדעלפיא קלוב פון אידישע פרויען, אידישע פרויען וועלפעיר אסס'ן, דאון־טאון פריענדלי ווימענס לאון אסס'ן, וועסט פילא־דעלפיא העלפינג הענד, אינדעפּענדענט סקווערער ליידים בע־נעפישאל אסס'ן, ליידים אוקזילערי עמוירדזשענסי פאָנד פון תקות ישראל, נאָרטהערן היברו דיי־נוירסערי, באסלאווער ליי־דיס אוקזילערי, דאון־טאון בית יתומים און האיאַם ליידים אוקזילערי.

# אסאָשיאײטעד תלמוד תורה'ס פון פילאַדעלפיא

ווײל מען אָפּשאַצען דעם פאַרשריט, דעם עקאָנאָמישען און גײסטיגען צושטאַנד פון א לאַנד, א פאָלק, אדער א שטאָדט — דאַרף מען קודם כל אויסגעפינען דעם מאָראַלישען און מאַטעריעלען מצב, די ניוואָ פון זײנע דערציהערישע און קולטורעלע אנשטאַלטען. לויט דעם בודזשעט, די סומע געלט, וואָס ווערט פון פאָלקס קאַסע אסיגנירט פאר לערנען און בילדען דאָס קינד, ערציהען און ענטוויקלען דעם אינגען דור — און דער עיקר זיך ערקונדיגען אויף וויפיעל די עלטערן אינטערעסירען זיך מיט די לעהר־אנשטאַלטען — אויף אזא אופן ווערט פאַקטיש געמאָסטען און געשעצט די הויכע אדער נידריגע שטופּע פון ציוויליזאַציע און פּראָגרעס און בילדונג פון באַטרעפענדען פאָלק און זײנע פאָרשטעהער.

פון אײביג אָן און אין אלע צײטען, האָבען די הערשער, די רעגירער, אום צו פאַרדעקען די פאַרברעכענס און די קאָרופּציע וואָס ווערט פון זײ באַגאַנגען אין לאַנד — געהאַלטען דאָס פאָלק אין דער פינסטער און אין אומוויסענהײט. זאָל דער פשוט'ער מענש פון פאָלק זײן בלינד און ניט זעהן און ניט פאַרשטעהן וואָס עס טהוט זיך ארום איהם, ווען און ווי אזוי ער ווערט אויסגעזויגען פון זײן פּראַצע און פאַרמעגען דורך אומגערעכטע טעקסעס און באַשווערונג.

אונזער לאַנד, אמעריקא, האָט געשאַפען וואונדער אויף דעם געביט פון דערציאונג און אויסבילדונג פון קינד. פון קינדער־גאָרטען און עלעמענטאַר שול ביז זײן מיטעל־שול ווערט דאס קינד אויסגעבילדעט, ענטוויקעלט און פאַרבערײטעט צו

פארנעמען זיין פלאץ ווען ער ווערט רייף אין דעם געזעלשאפט־ליכען לעבען פון לאנד. די מאָדערנע סיסטעמע און די פעדאַ־גאָגישע וויסענשאפטליכע מעטאָדען פון שול־דערציהונג אין אלע זיינע צווייגען אין דיזען לאנד — האָבען זיך באריהמט געמאכט איבער דער גאנצער ציוויליזטער וועלט. אונזערע אמעריקאנער קינדער ליבען די שול אזוי גוט און נאָך בעסער ווי די אייגענע היים.

די עפענטליכע אמעריקאנער שולען פארמאָגען אלץ אין דער וועלט וואָס לאָקט און ציהט און מאכט איהם, דעם שול־קינד, אנגענעהם און אינטערעסאנט מיט זיינע שפּילען און מע־טהאָדען פון לערנען. און אזוי ענטוויקעלט זיך אין דעם קינד א ליבע צו דעם לעהראנשטאלט און צו זיינע לעהרער. איז טאקע די אמעריקאנער שול, דער שמעלץ־טאָפּ, דער צויבער וואָס פארכשופט און פארשלינגט דאָס שול קינד מיט אלע זיינע גלי־דער, קערפּער און נשמה צוזאמען!

ווי שווער, איבערדריסיג און כמעט ווי פיינטליך, עס פיהלט דאָס אידישע קינד, וואָס קומט, נאָך א גאנצען טאָג אנשטרענ־גונג אין דער אלגעמיינער שול — אין דער אידישער פאָלקס־שול, אדער תלמוד תורה, לערנען א נייעס, פרעמדען למוד, שרייבען און לעזען א מאָדנע שפּראַך וואָס שמעקט איהם, דעם אמעריקאנעם־אידישען קינד, ווי להבדיל, כינעזיש, פון רעכטס צו לינקס, א שריפט וואָס זעהט איהם אויס ווי מוזיק נאָטען. — דאָס אידישע קינד זעהט ווי זיינע ניט־אידישע און אנדערע פיעלע אידישע חברים און חבר׳טעס וואָס באזוכען ניט קיין אידישע שול, קומענדיג א היים פון „פּאָבליק סקול״, פריי ווי די פייגעל, זינגען, שפּרינגען און טאנצען, און ער, דער אי־דישער בחור, אדער דאָס אידישע מיידעל, מוז ווידער געהן און קוועטשען די אידישע שול באַנק, און זיין אונטערוואָרפען אונ־טער דיסציפּלין און ניט ערלויבט זיין צו שטיפען און אפילו ניט רעדען אדער לאכען. אין אידישע קלאס־צימערען באציִיטענס, נאָך גאָר יונג, דערפיהלט שוין דאָס אידישע קינד ווי שווער עס איז צו זיין א איד און איז באשטימט פון זיין פריהסטער

יוגענד צו פיהרען א צוריסענעם לעבען מיט א צוריסענער אי־דישע נשמה אין גלות.

דערפאר איז דאָפּעלט שווער און געפּייניגט דער גורל פון דעם אידישען לעהרער אין אמעריקא. דער אידישער לעהרער אין דער אידישער אמעריקאנער שול ווי זי איז איצט צוזאמענ־געשטעלט, מוז זיך רעכענען מיט דער פסיכיק, מיט דעם נשמה געמיטה און מיט דער סביבה פון די אידישע שול־קינדער.

אין פילאדעלפיא, פון אָנהויב אָן, אין די פופציג יאָהר וואָס די אידען פון מזרח אייראפּא האָבען דאָ זייער היים גע־מאַכט — האָט דאָס אידישע קינד, וועלכען ס'איז באשערט געווען צו געניסען א אידישע דערציהונג — מיטגעמאכט א סדר. אָדער ריכטיגער געזאָגט א אי־סדר, א זיג־זאַג פון דערציהערישע גלגולים. אָנגעפאנגען מיט דעם רבי'ן, מיט זיין סדור און טייטעל אונטער'ן אָרעם, האָט דער רבי (מעהרסטענס א געווע־זענער בעל עגלה אין דער היים) ארומגעפּעדעלט מיט דעם סדור און געלערענט אידישקייט פאר א קוואָדער, 25 סענט א וואָך. שפּעטער איז געקומען דער „אידישער חדר" מיט זיינע אטרי־בוטען, מיט אלע זיינע קליפּערלאך פון דער אלטער היים. איך דערמאָן זיך ווי מיט א יאָהר 30 צוריק האָב איך צופעליג בא־זוכט דעם אידישען חדר, וואו מיין אינגסטער זוהן האָט געלע־רענט. דער רבי, מר. ש.. ע"ה, איז געווען א איד א למדן, א תלמוד חכם. אָט ווי אזוי איך האָב איהם, דעם חדר געזעהן: אין מיטען צימער איז געשטאנען א טיש, ארום וועלכען עס זיינען געזעסען א פּאָר טוצען קינדער מיט סדורים און חמושים, צו יענער צייט די איינציגע טעקסט ביכער און ספרים צום לערנען. דעם געשריי און דעם טומעל פון די קינדער האָט מען געקענט הערען ארוים אין דער גאַס. דער רבי איז געזעסען דעם ראָק אויסגעטאָן, נאָר אין העמד, און ביי דער זייט, אויף דעם טיש, איז געשטאַנען א שיסעל פול מיט רונדע, הייסע, געקאָכטע קארטאָפעל, די פּאַרע פון די הייסע בולבעס האָט אָנגעפילט דעם צימער אזוי ווי א וואָלקען רויך פון א קוימען. רבי ש'... זכרונו לברכה, איז געווען, ניט פאר קיין מענש געדאכט, א חלוש, געליטען אויף מאָגען שוואכקייט, געלעבט אויף א דיעטע און

קיין מאכל האָט איהם ניט געשמעקט אזוי גוט ווי געד קאָכטע פּאטיטאס. — געוועזן אויך צו יענער צייט, וואָס מען רופט חדרים מתוקנים, אויף א מאָדערנעם אופן געלערענט דעם חומש מיט לייענטייפ. ד. ה. מיט ענגלישער איבערזעצונג, גע־דרוקט אונטער יעדע שורה פון טעקסט. אבער דער חדר זעלבסט איז געוועזן דער זעלבער צימער אין דעם רבין'ס און רביצינ'ס היים, פארוואנדעלט אין א קינדער־שול, אָהן זונשיין, אָהן ליכט און אָהן לופט, אָהן א דיסציפּלין און אָהן א פּעדאגאָגישער סיס־טעם.

די לעצטע יאָהרען, און נאָך ביז היינטיגען טאָג, איז אויס־געוואקסען און עקזיסטירט אין פילאדעלפיא, און אזוי אויך איבער דעם גאנצען לאנד, דער מאָדערנער „מפטיר־ספּיטש־חדר", וועלכער מאנופעקטשורט און גרייט צו אידישע בחורים צו דער בר מצוה־צערעמאָניע. — דער גאַנצער קורס פון לערנען אין דעם אזוי־גערופענעם „בר מצוה אנשטאלט" געדויערט פון 6 מאָנאַטען ביז א יאָהר צייט. די פּראָגראם באשטעהט פון קענען לייענען די פּרשה אין דער תורה צום אויפרופען. צו קריאת התורה: אויסזינגען די ברכות מיט דעם מפטיר און דער פינאַל, פאַרענדיגען די צערעמאָניע מיט אן אויסגעשטודירטען „ספּיטש", א רעדע, א דרשה, אין אידיש אדער אין ענגליש. א קינד פון א רב, א שוחט, אדער אזוי א חשוב'ער בעל־הבית, האלט אן עקסטרא „אָנשפּראך" אין העברעאיש, פארפלאָכטען מיט א מאמר פון תלמוד אדער מדרש.

די בר מצוה צערעמאָניע, וואָס איז געווארען אין פיעלע אידישע היימען א מין געזעלשאפטליכער פאמיליען יום טוב, פארמאָגט אין זיך פיעלע פּאזיטיווע און איינפלוסרייכע שטרי־כען, וואָס ווירקען און לאָזען איבער אויף דעם אידישען קינד א דויערענדע, און פיליכט א לעבענסלאנגען אידישען איינ־דרוק צום גוטען און נאָבעלען: א אידיש קינד, א אידישער בחור, וואָס גרייט זיך מיטמאַכען די בר מצוה צערעמאָניע, רופט עס א שפּיעל אדער ספּעקטאקעל, — עס איז פאר א קינד א גרויסער נסיון, א וויכטיגע געשעהעניש זיך אוועקשטעלען ביי א פארזאמלונג, אין א מקום קדוש, פאר א מאַסע, גרויסע דערוואק־

סענע מענשען, ווען די בליקען פון אלע זיינען געריכטעט צו דעם קליינעם נפש, וועלכער דארף זיך אננעהמען מיט מוטה און מיט זעלבסטשטענדיגקייט דורכפיהרען זיין ראָל, גלייך ווי ער איז שוין א „גרויסער" מיט דער פאראנטוואָרטליכקייט צו גאָט און צום אידישען פאָלק. דאָס איז א פּראָצעס, א געשעהעניש וואָס מאַכט יעדער קינד, יעדען יונגען בחור, דערפיהלען אן ענדערונג, אן איבערגאנג אין זיין נייעם יונגען לעבען: אין יענעם מאָמענט לעבט דאָס אידישע קינד איבער אזעלכעס וואָס לאָזט איבער אן אומפארשטענדליכען, טיפען איינדרוק, וועלכער וועט קיינמאָל ניט פארגעסען ווערען, און דאָס אימפּאָזאנטע בילד פון פארעהרונג און ליבשאפט פון אייגענע און נאָהענטע קריצט זיך איין טיף אין דעם קינדס יונגער נשמה אויף דעם גאַנצען לעבען.

אויף אזוי ווייט איז די בר מצוה אינסטיטוציע אין דעם אמעריקאנער אידישען לעבען עקזיסטענץ בארעכטיגט! אבער מיט דער בר מצוה פּארטי, ווי שעהן און אימפּאָזאנט זי ווערט דורכגעפיהרט — זאָל דאָך מיט דעם נים אָנפאנגען און זיך ענדיגען די אידישע ערציהונג פון דעם אידישען קינד אין אונזער לאַנד! עס איז א פאקט, אז די אמעריקאנער אידישע קינדער וואָס לערנען זיך ביי א פּריוואט מלמד אדער לעהרער, באטראכטען דעם בר מצוה עפּיזאָד אלס זייער „גראדיואיישאן", אויסגעהאלטען דעם עקזאמען פון אידישער דערציהונג און שוין. און זיי פארלירען נאכהער דעם אינטערעס און דעם חשק צו פאָרטזעצען די אידישע למודים; און איין גאָט ווייסט דעם אמת, וויפיעל אידישע תורה, וויפיעל אידישען מאָראלישען באַגאַזש זיי נעהמען מיט, אין בעסטען פאַל, נאָכדעם ווי דער בר מצוה פּעריאָד געהט פאָראיבער.

קומענדיג אין באריהרונג מיט דער פיינדליכער סביבה פון דער גאַס און מיט דעם אסימיליזירענדען גייסט פון פּאָבליק סקול, ווערט די אויף איין פוס ערוואָרבענע אידישע תורה פון אזעלכע בר מצוה אידען שנעל פארשוואונדען אין דעם תהום פון פארגעסענהייט, און זייער אידישע מאָראל געהט אוועק ווי רויך אויפ'ן ווינט.

דערפאר זיינען די אסאָשיאייטעד תלמוד תורה׳ס א גוואל־דיג גרויסער פארשריט אויף דעם וועג פון לערנען און דער־ציהען דאָס אידישע קינד ביי אונז אין שטאָדט — די „אסאָ־שיאייטעד״ האָבען געבראכט רעספעקט און פרעסטיזש צו דער אידישער שול, געשאפען א שעהנע ארדנונג און איינגעפיהרט א מאָדערנע סיסטעם און פארפאָלקאָמט די נייעסטע מעטאָדען אין דעם וועזען פון אידישער דערציהונג.

די פאראייניגטע (אסאָשיאייטעד) תלמוד תורה׳ס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען יאנואר 1919 און זיינען א צווייג פון דער פעדערייישאן אוו דזשואיש טשאַריטיס (פאראייניגטע אי־דישע צדקה חברות).

די בעאַמטע פון די „אסאָשיאייטעד״ זיינען געווען: פרעז־זידענט, דזשייקאב ז. בורנשטיין, וויים־פרעזידענטען, אברהם מ. בוירד, אברהם מ. עלים, סעקרעטאר, דזשוליום ה. גרינסטאון, טרעזשורער, דזשייקאב בראדסקי, טראָסטים: לואים איי. בוירד, רבי ד. ב. לעווענטהאל, סעמועל שליין, וואלף קלעבאנסקי, מרס. מ. גרינגראס, מארים ראיזמאן, הערים דזש. קאהן, איזידאר פערלבערג, הערי יודיצקי, ס. ראוונער, מאקס אבראהמאף און מעריאן וועלש.

דער צוועק, לויט דעם טשארטער, איז געווען צו פאר־שפרייטען און באפעסטיגען אידישע דערציהונג אין פילאדעלפיא ווי אויך פאראייניגען די דאן שוין עקזיסטירענדע אידישע תלמוד תורה׳ס און גרינדען נייע ווען נאר און וואו נאָר עס וועט זיין נויטיג.

דער שידוך פון די עקזיסטירענדע אידישע תלמוד תורה׳ס מיט דער „פעדערייישאן״ איז געווען אנפאנגס מאָטיווירט מיט דעם, וואָס דער רייכער פעטער פון די אפטאונער רייכע אידישע בעלי צדקות וועלען שטיצען און פינאנציעל העלפען די אידישע דערציהונגס אנשטאלטען זיי זאָלען זיין געזיכערט מיט זייער עקזיסטענץ און ניט אנקומען יעדען מאָנטאג און דאנערשטאג קלאפען מיט דער צדקה פושקע, און אויך מאכען ספעציעלע אונטערנעהמונגען צו שאפען געלד פאר צאָהלען שכר לימוד

און אויפהאלטען די לעהרן־אנשטאלטען מיט די אנדערע הצטרכות'ן.

אזוי, צוליעב מאטעריעלע אויסזיכטען, האָבען זיי זיך משדך געווען, די אולטרא־אָרטהאָדאָקסען, די פאָרשטעהער פון די אלטמאָדישע תלמוד תורה'ס מיט די דייטשע אמעריקאנער אידען פון אפטאון, וועלכע זיינען דערצויגען געווארען גאָר אנ־דערש און פיעלע פון זיי האָבען גענאסען א העכערע און סיס־טעמאטישע דערציהונג אין די וועלטליכע שולען פון לאנד.

האָט, ליידער, דער שידוך מיט אייניגע תלמוד תורה'ס און דערהויפט מיט דער גרעסטער און עלטסטער תלמוד תורה און ישיבה — ניט עולה יפה געווען, ד. ה. ניט מזל'דיג געווען; עס איז געווען א מיספארשטענדניש: זיי האָבען ניט פארשטא־נען קלאָר די פליכטען און פריווילעגיעס אין דער באציהונג פון איינער צו דעם אנדערען. די אייניגע שטרענג ארטהאָדאָקסישע תלמוד תורה'ס, ווי צ. ב. ש. די צענטראל תלמוד תורה און ישיבה משכן ישראל פון דאון־טאון און די פרויען איסטערן תלמוד תורה פון אפטאון האָבען פארשטאנען, אז די דער־מאָנטע תורה אנשטאלטען זאָלען איבערגעבען די מעמבערשיפּ צו דער פעדעריישאן און די לעצטע וועט צאָהלען די מלמדים און לעהרער ווי אויך די אנדערע הצטרכות, און דאס אלעס.

און וואָס אנבאלאנגט אָנשטעלען מלמדים און לעהרער ווי אויך דעם סדר־הלימוד, די מעטאָהדען צום לערנען — דאס אלץ דארף איבערגעלאָזט ווערען צו די בעאמטע און דירעקטאָרען פון יעדער באטרעפענדער לעהר־אנשטאלט זעלבסט; קורץ די „אסאָ־שיאייטעד" זאָל זיך ניט מישען, קיין דעה ניט זאָגען אין דער אינערליכער פיהרונג פון די תלמוד תורה'ס.

נו, יא, אזוי האָבען זיי געגלויבט. באלד האָבען די פיהרער און מנהלים פון די אויבענדערמאָנטע תלמוד תורה'ס אויסגע־פונען, אז די „פעדעריישאן" איז ניט בלויז א געלד געבער נאר אויך א דעה זאָגער — און ווי דער שטייגער איז, ווער עס גיט די מטבע, דער האָט די דעה! און בפרט אז די פארשטעהער פון דער „פעדעריישאן" האָבען זייערע אייגענע פרינציפּען און מעטהאָדען ווי אנצוגעהן מיט דער דערציהונג פון דעם אידישען

קינד; פאראנגען צווישען זיי מענשען, פאַך־קענער וואָס ווייסען אויך א פּרק, א שטה ווי צו לערנען און דערציהען אידישע קינ־דער מיט מעהר פּראקטישען דערפאָלג און גוטע רעזולטאטען.

האָבען די ארטהאָדאָקסישע תלמוד תורה'ס גע'טענה'ט, אז דער אלטער סדר פון לערנען, פון די אבות, פון „בן חמש שנים למקרא, בן עשר שנים למשנה, בן חמש עשרה לגמרא", ד. ה. אז א אידיש קינד דארף צו 5 יאָהר לערנען תנ"ך, צו 10 יאָהר קענען לערנען משניות און צו 15 יאָהר זיין בעהאוועגט אין א בלאט גמרא, — דיזער סדר פון לערנען, האָבען זיי די אלט־מאָדישע אידען באהויפּטעט, האָט אויסגעהאלטען הונדערטע יאָהרען לאנג אין די גלות לענדער, ארויסגעבראכט אין יעדען דור למדנים, אידישע גאונים און משכילים; א סימן אז די ראשי ישיבות פון דער אלטער היים, וועלכע האָבען ערצויגען די גרעס־טע רבנים און שארפע קעפּ און עלויים, זיי האָבען זיך ניט גע־נויטיגט אין דיפּלאָמאַס און צייגניסע, אז זיי מעגען, אז זיי זיינען ראוי, פעהיג צו לערנען מיט אידישע קינדער תורה וחכמה.

און אזוי איז דאָס געקומען צו א צוזאמענברוך, צו א שפּאלטונג, און די צענטראל תלמוד תורה און ישיבה משכן ישראל ווי אויך די אנדערע תלמוד תורה'ס האָבען זיך אפּגע־ריסען פון דער פעדערייישאן, ד. ה. פון די „אסאָשיאייטעד".

אויף דער פראגע: אין וואָס אייגענטליך אונטערשיידעט זיך דאָך די „אסאָשיאייטעד" פון די אינדעפּענדענט תלמוד תורה'ס, האָט דער הויך־געבילדעטער געלערנטער און אלזייטי־גער עקספּערט אין דער מאָדערנער קינדער ערציהונג, בען ראָזען, דירעקטאר פון די „אסאָשיאייטעד", געענטפערט פאָלגענדעס: עס איז אמת, אז דער גרונד־פּרינציפּ און דער פונדאַמענט פון דער „אסאָשיאייטעד" און די אנדערע תלמוד תורה'ס איז איין און דערזעלבער, און נעמליך: צו לערנען און איינפלאנצען אין די אידישע קינדער אידישע טראדיציעס, געשטיצט אויף דער אידישער תורה און אידישע רעליגיאָן, און אלץ ווערט אין די אלע תלמוד תורה'ס געלערענט צו דערציהען דאָס אידישע קינד אין דעם אידישען גייסט און אין דער אידישער אמונה. דער

אונטערשיד איז נאָר אין די מעטהאָדען און אין דער פּראַקטיש־קייט פון דעם לערנען.

בען ראזען, געבוירען אין דיזען לאנד און דורכגעמאכט דריי אוניווערזיטעטען, הארווארד, דזשאהן האפקינס און קאָלומ־ביא אוניווערסיטיס און געווען א סטודענט אין טעאָלאָגישען סעמינאר פון נויארק — בען ראָזען, דירעקטאר פון די אסאָשי־אייטעד, גלויבט אז די צייטען האָבען זיך געענדערט און מען דארף זיך קענען צופּאסען צו די פאָדערונגען פון דער צייט, און דאָס איז אין דיזען פאַל, צו לערנען און דערציהען דאָס אידישע קינד מיט א סיסטעם און מיט די נייעסטע מעטהאָדען פון פּעדאַ־גאָגי און קינדער דערציהונג; דערפאר איז נויטיג אז די לעהרער און אונטערריכטער אין די אידישע, העברעאישע שולען און תלמוד תורה׳ס זאָלען זיין פאָרבערייטעט מיט דעם מאטעריאל און באזיצען די נויטיגע קענטניסען און זיין געאיבט און פעהיג צו באשעפטיגען זיך מיט דער זעהר איידעלער און הייליגער פּראָצעסיע פון לערנען און משפיע זיין אויף דעם אידישען קינד; דער אידישער לעהרער, ביי דער איצטיגער צייט, מוז באַ־זיצען די מעלות, ניט נאָר פון לערנען אידישע תורה, נאָר אויך זיין א פּסיכאָלאָג, א קענער פון דער נשמה פון אידישען קינד; דער אידישער לעהרער מוז וויסען און פארשטעהן ווי צו געווי־נען דעם צוטרויען און פריינדשאפט פון דעם אידישען קינד, ווענען עס איז באשערט צו שלעפּען דעם יאָך פון א דאָפּעלטער ערציהונג, די אלגעמיינע און די ספּעציעל אידישע. און מען קען ניט לייקענען, אז די „אסאָשיאייטעד" תלמוד תורה׳ס אונטער די דירעקטיווען פון דעם טיכטיגען און פעהיגען בען ראָזען — האָבען געמאכט גרויסען פאָרשריט און געשאפען א פארצווייגטע טהעטיגקייט אויף דעם געביט פון סיסטעמאטיזירען און פּאָפּולער מאכען די העברעאישע און אידישע לעהר־אנשטאלטען אין אונ־זער שטאָדט.

אָט איז א קורצער איבערבליק איבער די פילפאכע און קאָנסטרוקטיווע טהעטיגקייטען פון די אסאָשיאייטעד לויט דעם אָפיציעלען סטייטמענט פון „די אסאָשיאייטעד" און ווי ווייט

דער שרייבער פון דיעזע שורות האָט אליין זיך איבערציינגט אין דעם.

די אסאָשיאייטעד ווערט באטראכט אלס די גרעסטע און איינציגע געזעלשאפט אין דיזען לאנד, אויסער ניו יאָרק, אויף דעם געביט פון אינטענסיווער אידישער דערציהונג, וועלכע איז א צווייג פון דער היגער „פעדערייישאן אף דזשואיש טשאַריטים" (פאראייניגטע אידישע צדקה חברות). די „אסאָשיאייטעד" פאר־זאָרגט דריי טויזענד אידישע קינדער פון אונזער שטאָדט מיט אידישער דערציהונג אָנגעפאנגען מיט דעם קינדערגאָרטען ביז הויך־שול, וואו עס ווערט געלערנט נביאים אחרונים וכתובים, די מאָדערנע העברעאישע ליטעראטור און אין די העכערע קלאַ־סען פון הויך־שול ווערט געלערנט משנה, תלמוד און אגדה. — עס ווערט אויך באהאנדעלט אין די קלאסען טעגליכע טאגעס־פראגען און געזעלשאפטליכע פראָבלעמען. די מעטהאָדע פון לערנען אין הויך־שול איז: די תלמידים זאָלען לערנען און פראָ־גרעסירען לויט יעדענס פעהיגקייט און צייט, וואָס דער באטרע־פענדער תלמיד קען פאר דיעזען צוועק געבען.

די צווייגען פון אידישען לערנען זיינען ווי פאָלגט: אידישער קינדערגארטען און 11 עלעמענ־טאַרע שולען מיט 5 יאָהר לערנען פון דריי ביז פינף לערנטעג א וואָך. א הויך־שול מיט 4 יאָהר שטודיאום, וועלכע נעמט אריין די קוואליפיצירטע און געענדיגטע תלמידים און תלמידות פון די אסאָשיאייטעד תלמוד תורה'ס ווי אויך פאר די גראדואירטע פון אידישע קאָנגרעגיישאָנס. אידישע עקסטענשאָן (פארצווייגטע קלאסען), אין וועלכע מען לערענט 3 יאָהר — 2 אבענדען א וואָך פאר אידישע בחורים און יונגע מיידלאך פון פאָבליק - הייסקול און וועלכע האָבען פריהער ניט באקומען קיין, אדער ווייניג אידישע דערציהונג. דיעזע עקסטרא קלאסען ווערען אויפגעהאלטען אין די תלמוד תורה צענטערס און אין פיעלע פון די אידישע קאָנגרעגיישאנס וואָס געפינען זיך אויסער דער פארוואלטונג פון די אייגענע תלמוד תורה שולען.

די „אסאָשיאייטעד" פארמאָגט אויך אן ערציהערישע אפ־

טיילונג, וואָס באַזאָרגט און העלפט דירעקט און אונדירעקט מיט ראטה און טהאַט די קאָנגרעגיישאָנס און אַלע אנדערע סאָרט אידישע שוהלען אין און ארום פילאדעלפיא. זי העלפט אין צו־זאמענשטעלען דעם פּראָגראם פון לערנען און אויף פארלאנג רעקאָמענדירט „די אסאָשיאייטער" די פּאסענדע לעהרער אויך פּאַר אַנדערע אידישע שולען און תלמוד תורה'ס און פארזאָרגט דיזעלבע מיט טעקסט ביכער צום לערנען פאר אזעלכע שולען וואָס באלאנגען ניט צו די אסאָשיאייטער.

איינע פון די וויכטיגסטע און ערנסטע פּראָבלעמען פון די אסאָשיאייטעד איז געווען: אויסארבייטען א סטאנדארד, אן איינהייטליכע מוסטערהאפטע פּראָגראם פון דער ערציהונגס־ארבייט פאר דער אידישער געמיינדע. פאר דיזען צוועק האָט די „אסאָשיאייטער" אָרגאַניזירט די „באָארד אף לייסענס", א קאָ־מיטע וואָס האָט די אויפגאבע צו פעסטשטעלען די אייגענשאפ־טען, די קוואליפיצירטע פּאָדערונגען פאר בארעכטיגטע און פּאַ־סענדע לעהרער. דיעזער קאָמיטעט דארף ארויסגעבען די דיי־פּלאָמאס, די קוואליפיקאציאָנס צייגנים צו די לעהרער, און דער זעלבער קאָמיטעט האָט צו באשטימען די פּאַליסים, דעם טאַקט און שטייגער וואָס בעאיינפלוסט די באציהונגען פון די לעהרער צו די שולען.

עס איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרען א לעהרער רעגיסטראר און א לעהרער עקסטשיידזש, א לעהרער בירזשע, מיט דעם צוועק צוזאמענברענגען, צו באקענען די שולען, וואָס ברויכען לעהרער, וואָס האָבען פּאָזיציעס פאר לעהרער און די לעצטע וואָס נויטיגען זיך אין שולען פּאָזיציעס.

די אסאָשיאייטער פיהרט אָן א זומער אינסטיטוט פאר אידישע לעהרער, וואו עס ווערט געגעבען לעקטשורס, וועלכע אינסטרואירען און באלעהרנען ווי צו אונטערריכטען מיט ערפאָלג אין די שולען אין דעם ווינטער סעזאָן. די אסאָשיאייטער האָט פּובליצירט 40 טעקסט ביכער און בולעטינס פאר דערציהערישע צוועקען, וועלכע באהאנדלען פארשידענע געגענשטענדע, ווי דאָס לערנען דעם געבעט בוך, דעם סדור התפילה, אידישע מנהגים און אידישע אינסטיטו־

ציעס, טעקסט ביכער פאר אידישער געשיכטע, די פייערונג פון אידישע ימים טובים, די קינדער גאָטעסדיענסט און פיעלע אנ־דערע וויכטיגע אידישע רעליגיעזע ענינים און אינטענסיווע טהעטיגקייטען.

„די אסאָשיאייטעד" האָט אויך אָרגאניזירט ד י פ א ר־א י י נ י ג ט ע ע ל ט ע ר ן ג ע ז ע ל ש א פ ט, דאָס איז א קלירינג הויז, די אינסטיטוציע, וואָס העלפט און פאר־שטארקט די אויבענדערמאָנטע טהעטיגקייטען. אויסער דעם פיהרט אָן „די אסאָשיאייטעד" א רייע פון אנדערע אקטיווי־טעטען, ווי פרייטאג אווענט און שבת פריה קינדער גאטעס־דיענסט; עס ווערט אויך געגעבען א רייכע פראָגראם אין די פאָרומס פאר זונטאג אווענטס אין פארבינדונג מיט די תלמוד תורה צענטערס.

„די אסאָשיאייטעד" פיהרט אויך אָן זומער פארוויילונגס־אקטיוויטעטען מיט א שטרענג אידיש־ערציהערישען אינהאלט, ווי אויך עפענטליכע יום טוב פייערונג כדי צוציהען די אויפ־מערקזאמקייט פון דעם אידישען פובליקום צו אינטערעסירען זיך און ווערען מעהר באוואוסטזיניג אין דער וויכטיגקייט פון אידישער דערציהונג.

מיט איינעם וואָרט, די ארבייט פון די תלמוד תורה׳ס און די אידישע הויך־שול פארוואנדלען דעם אידישען קינד אין דעם ציעלבאוואוסטען און גייסטרייכען אידען דורך זיין אידיש לער־נען און פארשטעהן און זיין האלטען זיך פעסט ביי דער קולטור, אידעאלען און רעליגיאָן פון זיין פאָלק.

אויבענאויף, דוכט זיך, אז עס ווערט א סך געטאָן און נעשאפען דורך די פארשידענע אידישע לעהר־אנשטאלטען פאר דער אידישער ערציהונג און אידישע קולטור אין אונזער שטאָדט. דאך ווייסט מען און מען שטויסט זיך אָן אָן דעם טרויע־ריגען פאקט, אז פון די 45 טויזענד אידישע שול־קינדער וואָס לערנען זיך אין די פילאדעלפיער אמעריקאנער שולען, בא־קומען פון זיי בלויז איניגע טויזענד א וועלכע־עס־איז אידישע דערציהונג. די גרעסטע טהייל, ביי 70 פראָצענט פון פילאדעל־פיעס אידישע שול־קינדער זיינען פארפרעמדט פון אידישער

טראַדיציע, ווייסען נים פון אידישער געשיכטע און זיינען אין געפאהר, ווען זיי וואקסען אויס, גאנצליך פארלוירען געהן פאר דעם אידישען פאָלק.

א טרייסט און האָפנונג פאר א בעסערע צוקונפט פאר דער דערציהונג פון דעם אידישען קינד — איז צו געפינען אין דעם צייטגייסט פון די נייע אומשטענדען און עקאָנאָמישע ענדערונ־גען וואָס האָבען זיך געשאפען זייט דער פינאנציעלער און עקאָ־נאָמישער דעפרעסיע, וועלכעס גיט די אידישע עלטערן, ליידער, גענוג צייט צו פארטראכטען זיך און צו פאראינטערעסירען זיך אין דער אידישער ערציהונג פון קינד. דער עקאָנאָמישער חורבן אין די לעצטע יאָהרען און דער שטייגענדער אנטיסעמיטיזם אין דער גאנצער וועלט, ווי אויך די בייזוויליגע דיסקרימינאציע נעגען אידישער אָבשטאַמונג אויך אין דיעזען לאנד — דאָס זיינען, צום באדויערען, די שטארקסטע פאקטאָרען צו עפענען די אויגען פון אידישע אמעריקאניזירטע עלטערן, אז זיי זאָלען באַשיצען זייערע קינדער פון די בייזע ווינטען וואָס שטורמען ארום אונז פון אלע 4 עקען וועלט. און דאָס ערשטע צו טאָן אום צו ראטעווען אונזערע קינדער פון דער אלץ טויטענדער אסימילאציאָן און פיינדליכע סביבה פון דער גאָס — איז צו געבען זיי א גרינדליכע אידישע דערציהונג, וואָס זאָל זיי געבען כח און מוטה צו ביישטעהן דעם ביטערן נסיון און די פאר־פיהרערשע איינפלוסען פון דער אזוי גענאנטער קריסטליכער אנטיסעמיטישער ציוויליזאציע און פאראט צום אידישען פאָלק.

פאָלגענדע זיינען די בעאמטע פון אסאָשיאייטעד תלמוד תורה׳ס אין פילאדעלפיא : ריכטער וויליאם מ. לואיס, פרעזי־דענט, ראָבערט מ. בערנשטיין און פראָפעסאר אייזעק יוזיק און דזשאָזעף קאָהן, וויס־פרעזידענטען, דזשאָזעף קאפלאָן, טרע־זשורער און דר. דזשוליוס ה. גרינסטיין, סעקרעטאר און א באָארד אף דירעקטאָרס פון 63 פון די פראָמינענטע חשוב׳ע בעלי־בתים און פראָפעשיאָנאלס פון שטאָדט.

ציעס, טעקסט ביכער פאר אידישער געשיכטע, די פייערונג פון אידישע ימים טובים, די קינדער גאָטעסדיענסט און פיעלע אנ־דערע וויכטיגע אידישע רעליגיעזע ענינים און אינטענסיווע טהעטיגקייטען.

„די אסאָשיאייטעד" האָט אויך אָרגאניזירט  ד י  פ א ר־ א י י נ י ג ט ע  ע ל ט ע ר ן  ג ע ז ע ל ש א פ ט,  דאָס איז א קלירינג הויז, די אינסטיטוציע, וואָס העלפט און פאר־שטארקט די אויבענדערמאָנטע טהעטיגקייטען. אויסער דעם פיהרט אָן „די אסאָשיאייטעד" א רייע פון אנדערע אקטיווי־טעטען, ווי פרייטאג אווענט און שבת פריה קינדער גאטעס־דיענסט; עס ווערט אויך געגעבען א רייכע פראָגראם אין די פאָרומס פאר זונטאג אווענטס אין פארבינדונג מיט די תלמוד תורה צענטערס.

„די אסאָשיאייטעד" פיהרט אויך אָן זומער פארוויילונגס־אקטיוויטעטען מיט א שטרענג אידיש־ערציהערישען אינהאלט, ווי אויך עפענטליכע יום טוב פייערונג כדי צוציהען די אויפ־מערקזאמקייט פון דעם אידישען פובליקום צו אינטערעסירען זיך און ווערען מעהר באוואוסטזיניג אין דער וויכטיגקייט פון אידישער דערציהונג.

מיט איינעם וואָרט, די ארבייט פון די תלמוד תורה'ס און די אידישע הויך־שול פארוואנדלען דעם אידישען קינד אין דעם ציעלבאוואוסטען און גייסטרייכען אידען דורך זיין אידיש לער־נען און פארשטעהן און זיין האלטען זיך פעסט ביי דער קולטור, אידעאלען און רעליגיאָן פון זיין פאָלק.

אויבענאויף, דוכט זיך, אז עס ווערט א סך געטאָן און געשאפען דורך די פארשידענע אידישע לעהר־אנשטאלטען פאר דער אידישער ערציהונג און אידישע קולטור אין אונזער שטאָדט. דאך וויסט מען און מען שטויסט זיך אָן אָן דעם טרויע־ריגען פאקט, אז פון די 45 טויזענד אידישע שול־קינדער וואָס לערנען זיך אין די פילאדעלפיער אמעריקאנער שולען, באַ־קומען פון זיי בלויז איניגע טויזענד א וועלכע־עס־איז אידישע דערציהונג. די גרעסטע טהייל, ביי 70 פראָצענט פון פילאדעל־פיעס אידישע שול־קינדער זיינען פארפרעמדט פון אידישער

טראַדיציע, ווייסען ניט פון אידישער געשיכטע און זיינען אין געפאהר, ווען זיי וואַקסען אויס, גאַנצליך פארלוירען געהן פאַר דעם אידישען פאָלק.

א טרייסט און האָפנונג פאַר א בעסערע צוקונפט פאַר דער דערציהונג פון דעם אידישען קינד — איז צו געפינען אין דעם צייטגייסט פון די נייע אומשטענדען און עקאָנאָמישע ענדערונגען וואָס האָבען זיך געשאַפען זייט דער פינאַנציעלער און עקאָנאָמישער דעפּרעסיע, וועלכעס גיט די אידישע עלטערן, לײדער, גענוג צייט צו פארטראַכטען זיך און צו פאַראינטערעסירען זיך אין דער אידישער ערציהונג פון קינד. דער עקאָנאָמישער חורבן אין די לעצטע יאָהרען און דער שטייגענדער אנטיסעמיטיזם אין דער גאַנצער וועלט, ווי אויך די בייזוויליגע דיסקרימינאַציע געגען אידישער אָבשטאַמונג אויך אין דיעזען לאַנד — דאָס זיינען, צום באַדויערען, די שטאַרקסטע פאַקטאָרען צו עפענען די אויגען פון אידישע אמעריקאַניזירטע עלטערן, אז זיי זאָלען באַשיצען זייערע קינדער פון די בייזע ווינטען וואָס שטורמען ארום אונז פון אלע 4 עקען וועלט. און דאָס ערשטע צו טאָן אום צו ראַטעווען אונזערע קינדער פון דער אלץ טויטענדער אסימילאַציאָן און פיינדליכע סביבה פון דער גאַס — איז צו געבען זיי א גרינדליכע אידישע דערציהונג, וואָס זאָל זיי געבען כח און מוטה צו ביישטעהן דעם ביטערן נסיון און די פאַרפיהרערשע איינפלוסען פון דער אזוי גענאַנטער קריסטליכער אנטיסעמיטישער ציוויליזאַציע און פאַראַט צום אידישען פאָלק.

פאָלגענדע זיינען די בעאַמטע פון אסאָשיאַייטעד תלמוד תורה׳ס אין פילאַדעלפיא: ריכטער וויליאם מ. לואיס, פּרעזידענט, ראָבערט מ. בערנשטיין און פּראָפעסאָר אייזעק יוזיק און דזשאָזעף קאָהן, וויים־פּרעזידענטען, דזשאָזעף קאַפּלאַן, טרעזשורער און דר. דזשוליוס ה. גרינסטיין, סעקרעטאַר און א באָארד אף דירעקטאָרס פון 63 פון די פּראָמינענטע חשוב׳ע בעלי־בתים און פּראָפעשיאָנאַלס פון שטאָדט.

# די אידישע פאָלקסשול אין פילאדעלפיא

ניט מיט א לייכט הארץ און גרינגשעצונג, נאָר מיט א שווער געמיטה און געמישטע געפיהלען פון גלויבען און ספיקות, טרעט איך צו צו דער, פון אלע אידישע — די אנגעוועהטאָג־סטע, די שמעצליכסטע פראָבלעם פון דער אידישער ערציהונג אין אונזער לאנד בכלל און אין פילאדעלפיא בפרט. איך פיהל די שווערע אחריות, די גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס איז פאַרבונדען מיט דעם שילדערען, מיט דעם פאַנאַנדערקלייבען זיך אין דער ריכטונג, אין די פרינציפּען און אין די מעטהאָדען פון דער נייער מאָדערנער, וועלטליכער אידישער פאָלקסשול!

איז דאך דער קיום פון דעם אידישען פאָלק, זיין געגענ־ווארט און זיין צוקונפט אין די גלות לענדער געווצליך אבהענגיג פון דעם צוגרייטען און דערציהען דאָס אידישע קינד אין דער טראדיציע און אין דעם גייסט פון דער אידישער עטיק, אידישער מאָראל און דעם אידישען לעבענסשטייגער...

אין דער אלטער היים, פאר די מלחמה יאָהרען, איז דער פראָבלעם פון דערציהען דעם יונגען דור געוועזען איינפאך, נאַ־טירליך און ניט פארוויקעלט. אין דער אלטער היים, אין שטעד־טעל און אין דעם אידישען ישוב האָבען אידישע עלטערען גע־האַט איין איינציגען פראָבלעם צו לעזען, צו באזאָרגען, און דאָס איז געוועזען דער פראָבלעם פון שכר למוד — צו שיקען דאָס אידישע קינד אין חדר אָדער אין תלמוד תורה האָט מען אידישע עלטערען ניט באדאַרפט אונטערטרייבען אדער דערמאָנען — צו לערנען זיין קינד און מאכען איהם פאר א איד, א פראָסטאק צי א לערנער — דאָס איז געוועזען אָרגאַניש א טהייל פון זיין לעבען, — האָבען אידישע עלטערען, ווי אָרים און נויטהליידענד, זיך געפלאגט ווי זיי האָבען געקענט, געשפּאָרט פון אייגען מויל,

פון הלבשה און געריסען א פּאַס פון זיך, אום עס זאָל, און עס האָט געמוזט, קלעקען פאר׳ן מלמד זיין שכר לימוד, — גע־צאָהלט מיט פרייד און גינציגקייט — נאָר דאָס קינד זאָל חו״ש ניט אומגעהן בטל, אויפוואקסען א גוי, א פּרא אדם.

ניט אלע קינדער וואָס האָבען געלערענט אין חדר, אין ישיבה זיינען אויסגעוואקסען למדנים, רבנים אדער קלעריקאַלען; זיכער איז אז מען באַטראַכט איינעם וואָס איז געגאַנגען אין חדר, אלס א יודע ספר, אן עדעלער מענש, וואָס איז שטאָלץ אויף זיין אידישקייט און איז צוגעבונדען צום אידישען פאָלק און פרעהט זיך מיט זיינע שמחות און טרויערט און ליידעט מיט דעם פאָלקס צרות...

אמת איז אויך, אז א גרויסער, אויב ניט דער גרעסטער פּראָצענט פון די גוטע אידישע קעפּ, פון שכל׳דיגע און שארפע מוחות און פיהרער און קעמפער פון ראדיקאלע און רעוואָלו־ציאָנערע באוועגונגען אין יעדען לאנד פון יעדען לאגער, אויב אידישע, זיינען זיי דאָס געווען, די אמאָליגע ישיבה בחורים, די גמרא־קעפּ עלוים (אילאים), וואָס האָבען מיט זייערע שארפע מוחות און געלערזאמקייט געשאפען און רייך געמאכט פרעמדע פעלדער, באריייכערט די וויסענשאפט און ליטעראטורען פון אונ־זערע שונאים...

און נאָך אן אמת וויל איך דאָ דערמאָנען: פיעלע פון די אמאָליגע חדר קינדער און ישיבה לערנער, וואָס האָבען פאר א צייט לאנג אונז פארלאָזען און האָבען געדינט צו פרעמדע געטער — זיינען שפּעטער, אבגענארטע און פאראַטען פון זייערע גויי־אישע קאמעראדען אין דעם אלטרואיסטישען אידייען קאמף — געקומען צוריק צו דער אידישער מחנה, זיך גענומען פאראינ־טערעסירען אין דעם שיקזאל פון דעם פיעל געפּלאגטען אידישען פאָלק — און זיי זיינען דאָס געווען די פּיאנערען פון דער אויפ־לעבונג און אויפבוי פון דעם אידישען לאנד אין פּאלעסטינא, און אויך דאָ אין די גלות לענדער קעמפען זיי פאר דער דער־הויבונג און ענטוויקלונג פון דעם אידישען פאָלק צו א נייעם, א געזונטערען און שעהנערען לעבען אויף דעם סאָציאלען, עקאָ־נאָמישען און דערציהערישען געביט!

אָט פון דעם צוריקגעקומענעם, נייעם עלעמענט פון ראדי־קאל־נאציאָנאלער אידישער יוגענט — איז מיט העכער 20 יאָהר צוריק ענטשטאַנען די באַוועגונג צו גרינדען די מאָדערנע, וועלט־ליכע אידישע פאָלקסשול, וואו דאָס אידישע קינד זאָל ערצויגען ווערען פאָלקסטימליך, מיט אידיש, די פאָלקס־שפּראַך, און העב־רעאיש אלס דער קולטור אוצר פון אמאָל, פון דער פארגאנ־גענהייט. צוערשט ביים גרינדען זיך האָבען די שולען געטראָגען דעם נאָמען ראדיקאל־נאציאָנאלע אידישע שולען, זיינען נאכ־הער געענדערט געווארען אויף אידישע פאָלקס־שולען, און זיי זיינען אויך באקאנט אונטער דעם נאָמען „אידישע וועלטלאכע שולען”. פארוואָס וועלטליכע?

ווייל אין די פאָלקסשולען איז דער סדר הלימוד, דער פּראָ־גראם פון לערנען, אייגענטליך כמעט דערזעלביגער וואָס אין די אָרגאניזירטע תלמוד תורה'ס. היינו, אין דעם פּראָגראם פון די פאָלקסשולען געהט אריין: אידישע געשיכטע, די העברעאישע שפּראַך, לערנען דעם תנ"ך און די פייערונג פון אידישע ימים־טובים און דער נאציאָנאלער געדאנק פון אויפבויען די אידישע היימלאנד אין פּאַלעסטינא פארנעמט אין דער שול א בכבוד־אינגען פּלאַץ, — מיט איין זאך נאָר, מיט איין מעטאָדע פון לערנען זיינען די פאָלקסשולען אנדערש ווי די תלמוד תורות און דאָס איז — רעליגיאָן. פון דעם פּראָגראם פון די פאָלקסשולן איז רעליגיאָן אויסגעשלאָסען.

דאָס מיינט ניט אז אין דער פאָלקסשול לערענט מען אי־דישע קינדער צו פארווארפען די אידישע רעליגיאָן, ניין, פּאָ־זיטיוו ניט! נאָר וואָס דען: דער רעליגיאָן אונטעררריכט ווערט איבערגעגעבען, איבערגעלאזען צו די עלטערען פון די קינדער. די פארוואלטונג פון די פאָלקסשולען האָט גאָר ניט דאגעגען, ווען די קינדער פון דער שול פראקטיצירען אידישע רעליגיאָן אין דער היים אדער אין געבעט הויז, אין שוהל און בית־המדרש. די אידישע טראדיציע ווערט איבערגעגעבען צו די קינדער אין די פאָלקסשולען אזויפיעל, אזוי ווייט ווי עס באלאנגט צו דער געשיכטע, צו דער באדייטונג פון פייערונג פון די נאציאָנאלע

אידישע ימים טובים, אויף אזא אופן איז די פאָלקסשול אי אידיש און אי וועלטלאך.

אָט איז א טהייל פון דער פּראָגראם און פּרינציפּען, פאָר־מולירט אין דער פּלאטפארם פון די פאָלקסשולען:

„אלס אידישע נאציאָנאַליסטען גלויבען מיר אין דער איינ־הייטליכקייט פון דער אידישער נאציאָן און ווילען זי אויפהאל־טען מיט אלע אונזערע כחות און מיטלען.

„מיר ווילען דעריבער פאר אידישע קינדער אזא דערציאונג, וואָס זאָל די דאָזיגע איינהייטליכקייט אויפהאלטען און זאָל פאר־בינדען דאָס אידישע קינד גייסטיג מיט זיינע ברידער אידען פון אלע צייטען און אלע לענדער.

„מיר ווילען דעם אידישען קינד געבען אזא דערציהונג, וואָס זאָל זיין אין איינקלאנג מיט פארשריט, מיט וויסענשאפ־טען, מיט דעם פרייען געדאנק און מיט די פּראָגרעסיווע אנשוי־אונגען וועגען געזעלשאפטליכען יושר און מענשען־ליבע. אונ־זער דערציהונג נעהמט דערפאר אריין פאָלגענדע לימודים: אידישע שפּראך, העברעאישע ליטעראטור, אידישע געשיכטע און אידישען פאָלקלאר (פאָלקס־געזאנג, פאָלקס־מעשה׳לאך, לעגענ־דען א. א. וו.)

„אין דעם אידישען קינד דאַרף דערצויגען ווערען אַ געזונ־טער בליק און א קלאָהרע פארשטענדניש פון דער אידישער רע־ליגיאָן, באטראכטענדיג זי (די רעליגיאָן) פון א קולטור־היסטאָ־רישען שטאנדפּונקט — עס דאַרף פאר דעם אידישען קינד ארויסגעבראכט ווערען דער סאמע תמצית פון די רעליגיעזע לערען, די מאָראלישע און די פּאָעטישע זייטען פון דער אידי־שער רעליגיאָן.

אין דעם שול בוך, ארויסגעגעבען פון דער צענטרא־לער פארוואלטונג פון די אידישע פאָלקסשולען אין פילא־דעלפיא פון 1928, לייענען מיר אן ארטיקעל פון דעם פּאָרזי־צענדער פון פעדאגאָגישער קאָמיסיע פון חבר יצחק סטאלער מיט דעם קעפּעל „דער צוועק פון אונזערע שולען״ פאָלגענדעס:

„די פאָלקסשולען זיינען געשאפען געוואָרען דורך דעם דראנג פון דער נויטווענדיגקייט צו צופּאסען ווי מעגליך דעם

חינוך צום לעבען און דורך דעם מציל זיין דעם תוכן — א נאַציאָנאַלע־פּראָגרעסיווע שיטה! עס זאָל מעגליך זיין צו באַ־שאפען א טיפ. קינדער, וואָס זאָל קענען משפיע זיין אויף דעם לעבען און קענען מלחמה האלטען אנטקעגען די שטראָמען פון אסימילאציע און פרעמדע געדאנקען, וואָס ווילען איינשלינגען דאָס אידישע קינד".

ווי שוין אין אָנפאנג פון דיזען קאפּיטעל איז דערמאָנט— די אידישע פאָלקסשולען זיינען א פּראָדוקט, די גייסטיגע פרוכט פון דער פּועלי ציון פּארטיי און דעם נאַציאָנאַלען ארבייטער פארבאנד, וועלכע האָבען מיט איבער 20 יאָהר צוריק אויף דער קאָנווענשאָן אין מאָנטרעאל אָנגענומען א רעזאָלוציע צו גרינדען נאַציאָנאַל־ראַדיקאלע שולען, וועלכע האָבען שפּעטער באקומען דעם נאָמען „אידישע פאָלקסשולען".

אין פילאדעלפיא איז דער ערשטער פארזוך צו גרינדען א וועלטליכע שול געמאכט געווארען מיט אן ערך פון 13 יאָהר צוריק, ווען דורך דער איניציאטיווע פון די חברים מ. באגדאנסקי און שלמה בערקאָוויטץ האָט זיך געעפענט די י. ל. פּרץ שול — אָבער דער „כל התחלות קשות", האָט אויך דאָ געגאָלטען.

שווער איז געווען דער אָנפאנג פון דעם ניי־געגרינדעטען לעהר־אנשטאלט. געלערענט האָט מען אָנפאנג אין דער י. ל. פּרץ שול נאָר צוויי טעג אין וואָך, שבת און זונטאג, און דאך האָט זיך די שול לאנג ניט געהאלטען. וועגען יענער צייט שרייבט דר. מ. קאליש, פּאָרזיצער פון שול בוך קאָמיטעט פון דעם יאָהר 1927 פאָלגענדעס: „שווער, כמעט מיט איבער־מענשליכע כחות איז יענער גרופּע אויסגעקומען צו ארבייטען, די טרעגער פון דער מאָדערנער אידישער דערציהונג האָבען זיך אָנגעשלאָגען אָן א שטיינערנער וואנט, זיי האָבען געהאט צו קעמפען געגען דריי פארשידענע כחות: געגען די אָפּגעשטאַנענע חדרים פון דעם „בארני מלמד" שניט, געגען דער ראדיקאלער אסימילאציע און מעהר ווי אלץ געגען דער אלגעמיינער גלייכ־גילטיגקייט פון די ברייטע אידישע מאסען צו דער אידישער ערציהונג פון זייערע אייגענע קינדער.

„פילאדעלפיא איז קיין אויסנאהם ניט געווען — שרייבט

דר. קאליש — עס גערענקט זיך גוט די צייט, ווען די ערשטע שול, „די י. ל. פרץ שול" האָט זיך געעפענט — ניט לאנג האָט זי געקענט עקזיסטירען. טראָץ דער כמעט מסירת נפש'דיגער אנשטרענגונג פון די טוער האָט זי אין א קורצער צייט געמוזט זיך שליסען. עס האָט זיך גערעכט, אז דער ניט געלונגענער אָנ־הויב וועט זיין דער סוף פון דער שול באוועגונג אין פילאדעלפיא, אבער די אידייע איז בלויז געווען איינגעשלאָפען אויף א קורצער צייט, כדי שפּעטער מיט א יאָהר צוויי ארויסצואוואקסען מיט מעהר קראפט. און אין קורצען איז די שטאָדט פילאדעלפיא באַרייכערט געווארען מיט זיבען שולען, און א גרויסען מאָרא־לישען דערפאָלג האָבען יענע שולען געהאט, ווייל פארשטאנען האָבען די טוער, אז די שול דארף זיין ניט נאָר אן אינסטיטוציע פאר קינדער, נאָר מוז אויך ווערען דער קולטור צענטער פון דער נעגענד און די עלטערען פון די קינדער מוזען אליין ווערען פאראינטערעסירט אין דער שול. די דערציהונג פון די עלטערען מוז געפיהרט ווערען כמעט פּאראלעל מיט דער דערציהונג פון קינד, כדי דאָס קינד זאָל געפינען אין הויז די זעלבע סביבה ווי אין דער פּאָלקסשול".

אין 1920 איז געגרינדעט געווארען די יעקב דינענאָן שול מיט 28 תלמידים און תלמידות. אין 1925 געגרינדעט י. ל. פּרץ שול מיט 55 לעהר־קינדער און דעמזעלבען יאָהר איז אויפ־געקומען די „מענדעלע מוכר ספרים שול" מיט 80 שילער, אינג־לאך און מיידלאך. אין 1926 איז געקומען די „נ. סירקין שול" מיט 48 קינדער. אין דעמזעלבען יאָהר האָט זיך געעפענט די „י. שטיינבערג שול" מיט 60 אינגלאך און מיידלאך און ווידער אין דעמזעלבען 1926 יאָהר איז געגרינדעט געווארען די „ח נ. ביאליק שול" מיט 40 אינגלאך און מיידלאך. אויך איז דעם יאָהר געעפענט געווארען די „מ. קאטץ שול" מיט 40 שילער אינגלאך און מיידלאך.

דאָס יאָהר 1926 איז היסטאָריש אין דעם לעבען פון דער היגער שול באוועגונג, ווייל אין דעם יאָהר איז געגרינדעט גע־וואָרען די מיטעלשול מיט 12 אינגלאך און 20 מיידלאך, 32 שילער צוזאמען. אויסער די פּאָלקסשולען, וואָס זיינען דער אויפ־

קום פון די שעהנסטע בלום פונ׳ם אידישען ראדיקאל־נאציאָנאלען עלעמענט אין אונזער שטאָדט — געפינען זיך נאָך איינינע װעלטליכע שולען, װי די „שלום עליכם פאָלקסשול״ און פון דעם ארבייטער רינג — דאָס זיינען שולען פון א פארטיי־ראדי־קאלען כאראקטער, פריי פון א נאציאָנאלער שטימונג, װאו העב־רעאישע למודים זיינען גאנצלאך אויסגעשלאָסען פון זייער פּעדאגאָגישער פּראָגראם.

עס איז דער װאונש און די שטרעבונג פון די שול־טוער, פון דעם פּאָרטגעשריטענעם עלעמענט, אז אלע זאָלען זיין פאר־איינינגט אין דעם אידישען שול־װעזען אין אמעריקא. ד. ה., אז אן איינהייטליכער סדר למודים און א איינהייטליכער פּראָגראם זאָל געלערענט װערען אין אלע פּראָגרעסיװע אידישע װעלטליכע שולען. עס מעג זיין און עס איז טאקע אויך דאָ א חלוקי דעות, א מיינונגס פארשידענהייט אין דעם באגריף: װאָס מיינט איי־גענטליך אידישע ערציהונג?

איז דער חדר, די תלמוד תורה אדער די פאָלקסשול דער פּלאץ ניט מעהר װי צום לערנען און באַרייכערען דאָס אידיש קינד מיט שפּראך, מיט א ליעד און אויפקלעהרונגען פון סאָ־ציאלע פּראָבלעמען פון דער איצטיגער צייט? אָדער אידישע דערציהונג באדייטעט גאָר צו איינפלאנצען אין דעם אידיש קינד אידישע טראדיציע פון טויזענדער יאָהרען, דורך דעם לער־נען פון אידישער תורה, אידישע מנהגים און די אידישע רעלי־גיאָן װי אונזערע עלטערען און זיידעס האָבען זי פארשטאנען און געפיהלט און זיך געלאָזט מקריב זיין פאר איהר? — װעלכע פון די צװיי סיסטעמען פון דערציהען דאָס אידיש קינד װעט מעהר צובינדען, שטארקער צעמענטעװען און איהם פארשמעל־צען מיט דעם פיעל געפּלאגטען אידישען פאָלק אין צייט פון נסיון און שטורם? װער פון זיי, װען עס קומט אזא צייט, פון נשמה פּראָבע, פון נשמה לייטערונג, װעט זיין מעהר פערטיג, אליין אָפּפערװיליג צו ברענגען קרבנות, זיך מקריב זיין, װען עס איז נויטיג פאר דעם אידישען פאָלק? די העלדישע חלוצים און חלוצות, דארטען אין הייליגען לאנד, װעלכע האָבען גע־בראכט מיט זיך טייערע הייליגע קרבנות פאר דעם אויפבוי,

פאר דער ענטוויקלונג און פאר דעם כבוד פון אידישען פאָלק — דער גרעסטער טייל פון זיי האָבען פון קינדרווייז אָן איינגעזאפּט אין זיך די אידישע טראדיציע, דעם אידישען פלאַם פון תורה־לערנען נאָך אין די היימישע חדרים פון דער אלטער היים.

ווי געזאָגט עס מעג זיך זיין א מיינונגס־פארשיידענהייט, וואָס איז דער בעסטער מיטעל, דער זיכערסטער וועג צו געווינען, צו רעטען דאָס אידישע קינד אין די גלות לענדער פון דער אלץ טויטענדער און פארניכטענדער אסימילאציע, פון דער נעץ וואָס איז פארשפּרייט פאר אונזערע צארטע קינדער פארשלונגען צו ווערען פון דער פרעמדער, פיינדליכער סביבה — די אידישע פאָלקסשול האָט איהר גרויסע אונשעצבארע פארדינסט, שוין דערמיט ווי דר. מ. קאליש, דער אונערמידליכער שול־טוער דריקט זיך אויס אין זיין ארטיקעל „פאר א פאראייניגטען אי־דישען שול־ווועזען”, געדרוקט אין דעם שול בוך פון יאָהר 1929, ווי פאָלגט:

„מיט דעם אויפקום פון דער אידישער פאָלקסשול האָט זיך די באציהונג צו דער אידישער שול און קולטור געענדערט, זעהר פיעל געענדערט; מ׳דארף ניט זיין קיין גרויסער פאטריאָט איינ־צוזעהן דעם פאָרטשריט וואָס די אידישע שולען האָבען געמאכט פאר דער קורצער צייט פון זייער עקזיסטענץ. טויזענדער און טויזענדער קינדער, וועלכע וואָלטען זיכער ניט געוואוסט קיין „צורת אלף” באזוכען די שולען אגן אין טויזענדער און טויזענ־דער אידישע היימען, וואו מ׳פלעגט זיך מוטשען צו צוברעכען און צו קאליעטשען די ענגלישע שפּראך האָט מען אָנגעהויבען צו רעדען א פאָלקסטימליכען און קערענדיגען אידיש.

„איז פילאדעלפיא געווען די ערשטע שטאָדט, וועלכע האָט געהאט מוטה ארויסצוגעהן אין א קאמפּיין, א קאמפּיין, מאָלט אייך, ניט פאר א מושב זקנים אדער בית יתומים, כאָטש קיינער לייקענט ניט, אז די אויבען דערמאָנטע אינסטיטוציעס זיינען זעהר און זעהר וויכטיג”.

און ווייטער שרייבט דער געעהרטער דר. קאליש:

„אויך דאָס, וואָס די היגע פאָלקסשולען האָבען עטאבלירט א „ש ו ל ו ו א ך ” ווען עס ווערט געוועקט דאס באוואוסט־

זיין פון דעם אידישען מאסען־מענש, צו דער אידישער שול...
דאָס איז אן אויפטו פון די פאָלקסשולען. דורך דער „שול וואָך" אוועקשטעלען די אידישע שול אויף דעם טאגעסארדנונג פון אידיש־געזעלשאפטליכען לעבען, פאראייניגען און פארבינדען די היים מיט דער שול".

אין אן אנדער ארטיקעל אין דעם שול בוך פון יאָהר 1927 שרייבט דר. קאַליש:

„די פילאדעלפיער פאָלקסשולען זיינען געווען די ערשטע איינצוזעהן, אז די שול באוועגונג איז ארויס פון ענגען פארטיי רשות און געווארען א פאָלקס באוועגונג, אז קינדער־שולן טאָרען ניט געהערען צו א פארטיי אדער אָרגאַניזאציע, נאר צום גאנ־צען פאָלק... און מיט שטאָלץ מעגען די היגע חברים און טוער זיך גראטולירען. א ביישפיל איז פילאדעלפיא געווארען פאר אנ־דערע שטעדט. פיעלע אנדערע שטעדט האָבען אנגענומען אונזער פלאן פון ארויספיהרען די שול־ארבייט אויפ'ן ברייטען וועג פון אידישען לעבען!"

מיט דער „שול וואָך" איז צוגעקומען נאָך א וויכטיגער קולטור אינסטרומענט, וואָס באלייכטעט, באציערט און מאכט נאָך מעהר אינטערעסאנט די „שול וואָך" און דאָס איז „דער ש ו ל  ב ו ך, וואָס איז געווארען אן אינסטיטוציע אין זיך זעלבסט. דער שול בוך זייט זיין ערשיינונג אין דער צייט פון „שול וואָך", ווערט רעדאקטירט פון די צוויי איבערגעבענע חברים פון פאָלקסשול; די פיעל געאכטע זשורנאליסטען, חבר משה קאטץ און חבר מ. מלמד.

אויסער די באלעהרנדע און אויפקלעהרענדע ארטיקלען, געשריבען פון די אינטעליגענטע שול־טוער, ענטהאלט דער שול בוך אן אוצר פון קליינע ארטיקלען און בריעף געשריבען פון די קינדער זעלבסט וואָס לערנען זיך אין די זיבען פארשידענע פאָלקסשולען. עס איז צום באוואונדערען ווי אזוי אמעריקאנער געבוירענע אידישע קינדער פון צארטען עלטער, שרייבען אזא שעהנעם און פאָלקסטימליכען אידיש מיט זעהר אינטערעסאנטען אינהאלט, וואָס פארכאפט דאָס אויג און ענטציקט דאס הארץ, אזוי געשמאק, אזוי הארציק זיינען איניגע ארטיקלען פון די

קינדער געשריבען. פאר דעם אליין, פאר דער אבטיילונג פון די קינדער־ארטיקלען, איז דער שול בוך א גרויסער געווינס פאר די פאָלקסשולען אין אונזער שטאָדט.

פילאדעלפיא איז געווען די ערשטע שטאָדט אין לאנד, וואו די אלע פארשידענע פאָלקסשולען פון שטאָדט זיינען פאראייניגט געווארען אין איין צענטראלע פארוואלטונג, וועלכע האָט די אויפזיכט און קאָנטראָלירט יעדע שול, וועלכע געווינען זעהר פיעל אין עקאָנאָמי, איינהייטליכע סיסטעם פון פעדאגאָגי און פינאנציעלער הילף; די פארוואלטונג באשטעהט פון פארשידענע קאָמיסיעס ווי: דערציערישער קאָמיטע, פינאנציעלע, פרעס און עקזעקוטיוו קאָמיטעס. און פאָלגענדע זיינען די בעאמטע פאר דעם שול יאָהר 1932־1933: ל. פ. מאסטעראף, פארזיצענדער פון צענטראלער פארוואלטונג; טשערמאן פון עקזעקוטיווע, ש. פאקמאן; טרעזשורער, מייער זייעץ; טשערמאן פון פעדאגאָגישער קאָמיסיע יצחק סטאָלער; עהרען־טשערמאן מ. קאטץ און פון פובליסיטי חבר מ. מלמד.

ביים שלוס וועל איך דערמאָנען, אז די אידישע פאָלקסשולען אין פילאדעלפיא זיינען שולדיג א הערצליכען דאנק דעם אידישען געלעהרטען, פארפאסער און לעקטשורער דר. יהודא קאופמאן. זייענדיג נאָך א סטודענט אין היגען דראפּסי קאָלעדזש איז ער געווען דער יעניגער, וואָס האָט געשטויסען צו דער צענטראליזירונג פון די פאָלקסשולען אין אונזער שטאָדט, און פּראָפעסאר מאלטער, ע"ה פון דעם זעלבען דראפּסי קאָלעדזש האָט די ערשטע צייט געהאָלפען דער פאָלקסשול באוועגונג, אזוי אז דער פּראָפעסאר מאלטער ע"ה פלעגט יעדען מאָל קומען אין נויארק און געבען לעקציעס דעם לעהרער סעמינאר פון די פאָלקסשולען.

# פילאדעלפיער ארבייטער רינג שולען

געוועז א צייט אין דער אלטער היים, ווען אידען, אונטער דעם דרוק פון מערב אייראפא, האבען געעפענט די אויגען, דער־זעהן מיט אמאל די ליכט פון דער ציוויליזירטער וועלט און גענו־מען ארונטערוואדפען פון זיך די קייטען פון פארשימעלטען פאנאטיזם און איינגעווארצעלטען אבערגלויבען.

אידישע קינדער און די אידישע יוגענט האבען געווארפען די סידורים, צונעמאכט די גמרות און פארלאזט דעם בית המדרש קיינמאל נים געהן אהין צוריק. אין די קליינע שטעדט און שטעדטלאך האבען אידישע בחורים זיך באהאלטען אין די קע־לערן און אויף די בוידעמער, געלייענט השכלה ספרים און גע־זוברעוועט רוסישע גראמאטיק און שטודירט די לאנדעס־שפראך און זיך געגרייט אריינצוטרעטען אין די וועלטליכע רעגירונגס שולען, גימנאזיעס און אוניווערסיטעטען. פון השכלה, פון דער בת השמים, פון דער העברעאישער שפראך איז מען איבערגע־גאנגען צו וועלט־ליטעראטורען און קאריערען, פראפעסיעס, דאס איז געוועזן „די השכלה פעריאדע" פון פאריגען יאהרהונ־דערט, וואס ווי מיר ווייסען, האט געפיהרט צו אסימילאציע און צו דערווייטערונג פון די אידישע מאסען, פון דעם אידישען פאלק.

נאך די פאגראמען אין רוסלאנד און צוליעב דעם עקאנא־מישען קריזיס אין מזרח־אייראפא מיט 50 יאהר צוריק, האט זיך געלאזט דער שטראם פון אידישער אימיגראציע קיין אמעריקא מיט גרויס אימפעט און אין גרויסע מאסען.

געקומען אהער אין דעם לאנד פון פרייהייט און גלייכהייט, אבער פרעמד פון דער לאנדעס־שפראך, פון די זיטען און מנהגים פון לאנד, האבען זיך די אידישע אימיגראנטען פון אלע קלאסען,

דער בעל מלאכה, דער סוחר און דער אינטעליגענט, אלע האָבען זיך גענומען צו די צוויי פּאָפּולערע באשעפטיגונגען פון יענער צייט: פּעדלען מיט דרייגודס, גאלאנטעריי און בלעך געשיר. און די צווייטע, די הויפּט באשעפטיגונג פון יענער „גרינער" צייט איז געווען די נאדעל־ארבייט. א טיפּיש־אידישע אינדוסטריע פון אלע צייטען און אין אלע אדאָפּטירטע לענדער.

אין דעם ערשטען טהייל פון מיין בוך האָב איך שוין גע־שריבען וועגען די צוויי פּרנסות פון „די גרינע יאָהרען" ווי פאָלגט:

„דער גורל פון דעם אידישען ארבייטער און שניידער־פאַך איז געווען ניט בעסער ווי דאָס פּעדלען... אויסגעמאַטערט פון הונגער און דחקות האָט דער הילפלאָזער און עלענדער שניידער־ארבייטער זיך געלאָזט פארשקלאפען אין דעם סוועט־שאָפּ פון שניידער באָס (נאָך 50 יאָהר פּראָגרעס איז די לאגע פון דעם שניידער פון סוועט־שאָפּ היינט ניט בעסער), געשוויצט און גע־פּראצעוועט 18 שטונדען א טאָג ביי דער „קאַטערינקע", די נעה־מאשין, אדער צוגעשמידט צו דעם 20 פונטיגען שווערען פּרעס־אייזען — האָבען די שניידער ארבייטער, די אמאָליגע אפּעריי־טאָרס, פינישערס און פּרעסערס, איבערמענשליך געהאָרעוועט און געבלוטיגט אין די פינסטערע, פארשטיקטע און פארפּעס־טעטע שניידער שעפּער פאר א הונגער־לוין. און אז מען ווייסט, אז די אייגענטהימער פון די גרויסע קליידער פאבריקען און די באָסעס פון די סוועט־שעפּער זיינען געווען די זעלבע היימישע אידען פון דעם אלטען שטייגער, רעליגיעז געזאָנען און טרייע דינער פון קאפּיטאל און רעגירער, דאן איז פארשטענדלאך דער כעס און צאָרן, דער האַס און פלוך, וואָס האָט זיך אָנגעזאמעלט אין די הערצער פון די גרויסע אידישע ארבייטער מאסען אין יענער צייט.

עס פאָלגט נאָכדעם א ריי פון יאָהרען, פון ביטערען קאַמף פון אידישע אָרגאניזירטע ארבייטער געגען זייערע אידישע אויס־בייטער און אונטערדריקער. סטרייק אויף סטרייק, אנגעפיהרט פון אידישע אינטעליגענטען, רעוואָלוציאָנערן און אידישע אנאר־כיסטען האָבען פארוואנדעלט די אידישע מאסען אין ביטערע

שונאים פון אלץ וואָס האָט א שייכות מיט דעם אידישען לעבען.

די פּיאָנערען, די לידערס פון אידישע ארבייטער פון ערש־טען אימיגראנטען־דור אין דיזען לאַנד, זיינען געווען די רוסישע „נאַראָדניקעס", די סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען און אנאר־כיסטען פון יאהאן מאָסט'ס חדר, וועלכע זיינען געווען אין גייסט קאָסמאָפּאָליטען, אינטערנאַציאָנאַליסטען און אסימילאַ־טאָרס.

דאָס איז געווען די פיינדליכסטע פארלייקענונגס פעריאָדע פון אלץ וואָס איז אידיש.

מיט דער צייט האָבען די אָרגאַניזירטע ארבייטער אויסגע־קעמפט בעסערע קאָנדיציעס פון ארבייטס־לעבען, ווענינער שטונ־דען, סאַניטארע ארבייטער שעפּער און מענשליכערע באהאנד־לונג.

נאָך די מלחמה יאָהרען, ווען עס האָט אומעטום גרעגענט מיט פּראָספּעריטי, עס האָט געשפּרודעלט מיט שפע איבעראל, האָט דער אידישער ארבייטער פון דער „מזל ברכה" אויך א שעהנעם חלק פון די פעטע יאָהרען גענאָסען.

די צייט אבער שטעהט ניט אויף אן אָרט; מען ווערט עלטער און דער אידישער ארבייטער האָט שוין א נאטור צו עלטערן זיך וואָס שנעלער. גיט מען אויף דעם שאַפּ און מע געהט אין ביזנעס. פיעלע זיינען אוועק אין די טיילאָר ביזנעס, קלי־נינג און פּרעסען, געווארען בעלי בתים פאר זיך אליין און דער רעוואָלוציאָנערער גייסט פון אַמאָל ווערט אָפּגעשוואכט, פארטונ־קעלט.

וואקסען אידישע קינדער אויף אמעריקאנער באָדען, איינ־געזאפּט אין זיך דעם אסימילירענדען גייסט פון דער פּאָבליק סקול; ווערט דאָס אידישע קינד פון דעם אידישען ארבייטער פארפרעמדט, „פאריענקעוועט", אמעריקאניזירט; ער פארשטעהט ניט און וויל ניט פארשטעהן די שפּראך פון זיינע נאָך אלץ „גרינע" טאטע־מאמע.

די אמעריקאנער זיטען, די „נשמה'דיגע" ספּאָרט אידעאלען פון דעם אידישען ארבייטער קינד — טהיילט זיי פאנאנדער אין צוויי פארשידענע וועלטען, צווישען וועלכע עס ליגט א טיפער

אָבגרונד, און וועלכער אבגרונד ווערט אלץ ברייטער, טיפער און געפעהרליכער. ניטאָ קיין בריק, וואָס זאָל קינד און עלטערן פאראייניגען. אין שוהל דאווגען צוזאמען געהט מען ניט, אי־דישע רעליגיעזע ימים טובים האלט מען ניט, פון סאָציאליזם און עקאָנאָמיש־פּאָליטישע פראגען וויל דער „יענקי"־זוהן אדער די אפטודייט סטיילישע טאָכטער ניט וויסען — זיי זיינען אמע־ריקאנער געבוירען און ערצויגען, ווי די פרייע פויגעל אין וואלד, און אויב פול־יעהריג זיינען זיי באשעפטיגט אין ביזנעס אדער פּראָפעשיאָנאלס (דעם טאַטענס גליקען אלס פשוטער ארבייטער זעהן זיי דאך ניט) היינט וואָס נוצט זיי דער אידישער לשון און אפילו מיט דער אידישער אפּשטאמונג שעהמט מען זיך אויך. ביי דער ערשטער געלעגענהייט פארלייקענט מען דעם אידישען נאָמען.

איז דער אידישער ארבייטער די לעצטע יאָהרען געקומען צום באוואוסטזיין, אז דער סאָציאליסטישער אידעאל אין וועל־כען ער גלויבט, אז ער וועט זיין דער אמת'ער משיח, דער בא־פרייער פון דער ליידענדער מענשהייט, אז דער סאָציאליסטישער אידעאל נעמט ביי איהם ניט אוועק דאס רעכט אלס פאָטער צו דערציהען זיין קינד אין דער זעלבער אידישער שפּראך אויף וועלכער זיינע עלטערן האָבען גערעדט, די שפּראך פון די מא־סען, די שפּראך פון אידישען פאָלק.

און נאָך א זאַך מעג דער אידישער ארבייטער וויסען, אז דאָס באקענען זיך מיט דער וואונדערבארער געשיכטע פון אי־דישען פאָלק וועט גאר ניט שאדען זיין קינדס אלגעמיינע וועלטליכע בילדונג און נאָך מעהר איז פאר דעם ארבייטער'ס קינד כדאי צו וויסען די אידישע געשיכטע פון דעם מארטירער פאָלק און די מאָראלישע לעהרען פון די נביאים, וואָס איז ניט אין ווידערשפּרוך מיט די פּרינציפּען און גייסט פון דעם עקאָנאָ־מישען און מאָראלישען סאָציאליזם פון דער נייער צייט.

און אזוי איז די ערשטע ארבייטער רינג שול ביי אונז אין פילאדעלפיא געגרינדעט געוואָרען מיט 13 יאָהר צוריק, אין דעם ווינטער פון 1920, אין 913 נאָרד פרענקלין סטריט, פון די חברים ס. עטינגער, ה. סיגעל, מ. שאפּירא און ח. נאכאוויטש

מיט דער הילף פון דער היגער דיסטריקט קאָמיטעט ארבייטער רינג. דיזע שול איז באקאנט אלס „ארבייטער רינג שול נומער 1". (איינס).

גאָר ניט אזוי גרינג איז עס אנגעקומען די עטליכע „עקשנים אידעאליסטען" צו פארווירקליכען דעם אויסגע'חלום'טען טרוים אין פראקטישער ווירקליכקייט! שטערונגען און געגנער פון א אידישער סאָציאליסטישער שול זיינען געווען גענוג, סיי פון איי־גענע און סיי פון דרויסען.

אין דעם „קינדער רינג", א סואווענירבוך, ארויסגעגעבען לכבוד דעם 6־יאָהריגען יובילעאום פון די פילאדעלפיער ארבייטער רינג שולען, לייענען מיר אין דעם לייט־ארטיקעל „אונזער יום־טוב" פאָלגענדעס:

„זאָל דאָ פארצייכענט ווערען, אז די גאנצע ארבייט איז בלויז מעגליך געווען א דאנק דער אינטענסיווער און איבערגע־בענער ארבייט פונ'ם שול־קאָמיטעט טוער, די פאראיינען און די לעהרער, אויך א דאנק די פיינע שטיצע פון די ארבייטער רינג ברענטשעס — זיי אלע האָבען מעגליך געמאכט אוועקצושטע־לען פילאדעלפיא אלס איינע פון די וויכטיגסטע פעסטונגען נעגען אסימילאציע און פאר דעם אידעאל פון סאָציאלער גע־רעכטיגקייט און סאָלידאריטעט".

און אין דעם זעלבען ארטיקעל לייענען מיר:

„פאר אונז איז גענוג פרייד צו זעהן, אז קינדער, וועלכע קומען פון ארימע הייזער, וואו דער קאמף פאר חיונה איז א ביטערער, קינדער וועלכע קומען צו אונז פרעמדע ניט קענענדיג קיין צורת אות און אפטמאָל ניט קענענדיג ניט די אידישע און ניט די ראדיקאלע טראדיציעס — האָבען זיך אזוי גיך אקלימא־טיזירט און ארייננענומען אין זיך אונזער גייסט. בדרך כלל זיינען די קינדערשע שאפונגען אין דיזען „שריפט" א באוויז, אז אידיש ווערט א לעבעדיגער פאקטאָר אין זייער דענקען און פיהלען און עס גיט אונז אויך האפנונג, אז פון א טהייל פון זיי וועלען ארויסוואקסען שרייבער און טוער".

און באלד נאָך דעם לייענען מיר אין דעם זעלבען אר־טיקעל „אונזער יום טוב" וועגען דער מיטל־שול.

„אויב אונזערע עלעמענטארע שולען, זאָגט דער ארטיקעל שרייבער, זיינען קליינע, שמעקענדיגע בלומען — איז די מיטל־שול א גרויסער, פראכטפולער גאָרטען מיט צייטיגע פרוכט, וועלכע ווארטען אויף זוניגע טעג, כדי צו קריגען פארב און קאָליר; אויב אין די עלעמענטארע שולען איז וויכטיג דער לימוד פון אידיש, כדי די קינדער זאָלען זיין באקאנט מיט'ן אידישען לעבען, דאָס אידיש־פראָלעטארישע לעבען ארום זיי— איז די מיטלשול שוין א ברייטע וועלט, וואו מען קאָן אויף די ברייטע און פעסטע פליגלען פון אינטעליגענץ פליען אין די לענדער פון אבסטראקטע טאָעריעס און פילאָזאָפישע חקירה'ס".

## די פּראָגראם פון די ארבייטער רינג שולען

די פּראגראם פון די ארבייטער רינג שולען איז כמעט די־זעלבע וואָס פון די אידישע פּאָלקסשולען — מיט אידיש אלס די פאָלקס שפּראך — און רעליגיאָן אויסגעשלאָסען. דער טראָפּ ווערט דאָ געשטעלט אויף אידיש אויסשליסליך. פון דער העב־רעאישער שפּראך ווערען גענומען נאָר די ווערטער, וועלכע זיינען ביז איצט פאראידישט געוואָרען און געהן אריין אין דער פּאָלקס־שפּראך אלס טעגליכער געברויך.

דער סך הכל פון דער פולער פּראגראם איז : 1) לערנען די אידישע שפּראך, שרייבען און לעזען; 2) אידישע געשיכטע; 3) אידישע ליטעראטור און 4) די לעהרע פון סאָציאליזם.

פון דעם פארוואלטער פון די ארבייטער רינג שולען מ. שאפּירא און פון מר. ראָזענבערג, לעהרער פון ארב. רינג שולען, האָב איך די אינפאָרמאציע, אז צו די קינדער ווערט ערקלערט יעדען מאָל די באדייטונג פון אידישע ימים־טובים ווען זיי קומען. זאָגאר די באדייטונג פון אזעלכע שטרענג רעליגיעזע ימים טובים ווי ראש השנה און יום כפור — און אין דער צייט וואָס דער לעהרער ראזענבערג פון שול נומער 11 האָט מיר די אינפאָרמאציע איבערגעגעבען וועגען די אידישע ימים טובים, האָט זיך בשעת מעשה א מיידעלע, א תלמידה פון דער שול אָפּגערופען : „יא, מר. ראָזענבערג, איך געה יעדען שבת און

יום טוב מיט מיין זיידען אין שוהל צוזאמען".

מר. ראָזענבערג, א זעהר אינטעליגענטער און סימפּאטישער יונגערמאַן, דער לעהרער פון שול נומער 11, האָט מיר געזאָגט, אז די קינדער פון ארבייטער רינג שולען ווערען ניט געשטערט צו געהן אין א אידישער רעליגיעזער שול, אבער אין די ארבייטער רינג שולען ווערט קיין רעליגיאָן ניט געלערענט.

אויף מיין פראגע וועגען דער באציהונג פון די ארבייטער רינג שולען צום נאַציאָנאלען געדאנק, צום אויפבוי פון ארץ ישראל, האָט מיר דער פריינדליכער פּאַרוואַלטער פון די ארבייטער רינג שולען מ. שאפּירא געזאָגט, אז אין דער מיטל־שולע ווערט צו די יונגע סטודענטען ערקלערט די באוועגונג און די בוי־ארבייט וואָס געהט אָן אין פּאלעסטינא, נאָר אגיטירען פאר דעם נאַציאָנאלען געדאנק פון דעם אידישען פאָלק — דאָס געהט ניט אריין אין דעם פּראָגראם פון די ארבייטער רינג שולען.

אין 1928 האָבען די ארבייטער רינג שולען אין פילאַדעלפיא דערליטען א שמערצליכען שיף ברוך. אין יענעם יאָהר האָט זיך צופלאקערט דער אינערליכער קאמף פון די „לינקע" אויף אלע פראנטען. ניט נאָר האָבען זיי געשפּאָלטען די יוניאָנס און ארבייטער אָרגאַניזאציעס אין פיינדליכע לאַגערן. די „לינקע", וועלכע האָבען ביז דאן געארבייט געמיינשאפטליך אין די יוניאָנס, אין די ארבייטער רינג ברענטשעס, וועלכע שטיצען און האלטען אויס די שולען — האָבען זיך אָפּגעשפּאָלטען אויך פון די שולען, אוועקגעריסען מיט זיך איינינע פארוואלטער און אויך די שול נומער 4 אין וועסט פילאַדעלפיא.

זעלבסטפארשטענדליך, אז די שפּאַלטונג האָט אויפגעטרייסעלט דעם בנין און מאגער געמאכט די עקזיסטענץ קוועלען פון די ארבייטער רינג שולען.

אָט וואָס עס שרייבט וועגען דעם עפּיזאד ה. סיגעל, דער סעקרעטאר פון פילאַדעלפיא ארבייטער רינג שולען קאָמיטעט אין דעם „קינדער רינג" פון 1929, אין זיין ארטיקעל „צעהן יאָהר ארבייטער רינג שולען".

„פילאַדעלפיא האָט פאר די 9 יאָהר שולען דורכגעמאכט

פארשידענע פעריאָדען. די ערשטע צייט, די ראָמאַנטישע האָט ארום זיך גרופּירט די איבערגעבענסטע טוער — „לינקע״ און „רעכטע״ פאר דער ארבייט פון די שולען.

„זייענדיג באהערשט פון דעם געדאנק, אז פּארטיי שטריי־טיגקייטען דארפען ניט אריינדרינגען אין אונזערע שולען, האָבען מיר זיך אוועקגעשטעלט אין א באזונדער ווינקעל פון ארבייטער רינג. ברענטשעס, וועלכע האָבען דעם קאמף צווישען „לינקס״ און „רעכטס״ ניט געקענט אויסמיידען... דאך איז דער גוי־טיגער אינטערעס צו די שולען ניט גענוג ארויסגערופען געוואָ־רען צווישען די ברייטע מאסען פון ארבייטער רינג. טראָץ דעם אלעמען איז אונזער שול באוועגונג אין פילאדעלפיא זעהר שנעל געוואקסען. שולען האָבען זיך געעפענט אין יעדען טהייל פון שטאָדט מיט א ראדיקאלער אידישער באפעלקערונג. אונזער פינאנציעלע לאגע איז געווארען נאָרמאלער און נאָרמאלער און ס'האָט אויסגעקוקט אז אָט, אָט און די פילאדעלפיער שולען וועלען דערגרייכען א בליהענדען צושטאַנד מיט א מאַטעריעל־פעסטען באָדען; אבער אונזערע „לינקע״ כאוויירים האָבען ניט אויסגעהאלטען קיין אידישקייט — אונזערע ארבייטער רינג שולען זיינען מיט אמאָל ניט גוט געווארען פאר זיי און מען האָט זיך גענומען בויען אייגענע.

„צוזאמען אקסעל צו אקסעל געטראָגען די שווערע משא — און מיט אמאָל באשלאָסען אז דאָס וואָס איז „נעכטען״ געוועזען ליעב און טייער איז „היינט״ פארראַט, דאָס וואָס „נעכטען״ האָט אויסגעקוקט פּראָלעטאריש־סאָציאליסטיש, איז היינט״ בור־זשואז־קאַפּיטאַליסטיש. זיי האָבען אראָפּגעוואָרפען פון זיך אלע פאראנטוואָרטליכקייטען און גענומען זיך צו דער באריהמ־טער מלאכה פון אָפּאָזיציאָנס שולען און באַשמוצען די ארבייט, וועלכע איז מיט די אייגענע הענט געבויט געווארען.

„צוליעב דער שפּאלטונג און אויך אין א גרויסער מאָס צו־ליעב דער שלעכטער עקאָנאָמישער לאגע פון די ארבייטער, האָט דאָס געווירקט שלעכט אויף אונזער פינאנציעלען צושטאַנד. מיטלען האָבען געדארפט געפונען ווערען צו האלטען דעם גלייכגעוויכט און אויסצומיידען א קאטאַסטראָפע.

„מיר האָבען ארויסגעלאָזען א רוף צו אלע פריינט פון די שולען זיך אָנצושליסען אין דער שול־משפחה, אלס מיטגלידער, מיט א ביישטייערונג פון דריי דאלאר א יאָהר און העכער — א באדייטענדע צאָהל פריינט האָבען געענטפערט אויף אונזער רוף.

„די פילאדעלפיער דיסטריקט אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע פון ארבייטער רינג, וואָס איז געווען די איניציאטאָרין פון עפענען ארבייטער רינג שולען אין פילאדעלפיא, איז די גאנצע צייט געשטאַנען אין דירעקטער פארבינדונג מיט דער שולען ארבייט. ווען מיר האָבען זיך גענויטיגט אין אירגענד וועלכער הילף האָבען מיר באגעגענט די פולסטע קאָאָפּעראציע.

„אויף דעם גורל פון די פילאדעלפיער ארבייטער רינג שו־לען, שרייבט ווייטער ה. סיגעל, איז אויסגעפאלען אז אויך דער קעמפּ „האָפנונג" זאָל זיין א טהייל פון אונזער שול טהעטיגקייט. דער קעמפּ ביז איצט (1929) באטרעפט ארום 45 טויזענד דאלאר, אויסשטאטונג אריינגערעכענט, דארויף האָבען מיר 18 טויזענד דאלאר מארטגיידזש, א טהייל מזומן איינגעלעגט און דאָס איבעריגע חובות; אויב דער ערפאָלג פון קעמפּ זאָל אָנהאלטען ווי לעצטען זומער — איז צו האָפען אז אין דער נאָהענטער צוקונפט וועלען מיר באפרייט ווערען פון די חובות. מיר זאָגען : אויב אין דער ארבייט ארום די שולען קומט אונז אוים צו ליידען מאַטעריעלע שוועריגקייטען, ענטוישונגען דאָ און דאָרט, פיזישע און גייסטיגע שמערצען — איז דער קלאס־צימער, דאָס שול הויז אונזער אָפּרוה פּלאַץ, אונזער נחת רוח. עס ווילט זיך בלויז דערלעבען די צייט, ווען אונזערע קינדער וועלען אויסוואקסען און אָנהויבען אריינטרעטען אין אונזער געזעלשאפטליכען לעבען, און מיר זיינען זיכער אז אונזער לעבען וועט ווערען אינטערעסאנטער, אינהאלטסרייכער און שעהנער; שוין איצט געפינען מיר קינדער פון מיטלשול אין די קליינע און גרויסע קינדער אָרגאַניזאציעס, ראדיקאלע קלובען, דאָ און דאָרט באשעפטיגט ביי געזעלשאפטליכע טהעטיגקייטען.

צו דער בר מצוה, צום 13טען יאָהר פון די ארבייטער רינג שולען, פייערט די ארבייטער רינג משפחה דעם „פריהלינג יום

טוב" מיט פאראייניגטע כחות, צוזאמענגעשטעלט פון דער פילא־דעלפיער אידישער ארבייטער באוועגונג ווי פּאָלגט: דער אר־בייטער רינג, די ארבייטער רינג שולען, די יוגענט קלובען, די קעמפּ טוער, די אידישע סאָציאַליסטישע באוועגונג מיט דער נאָהענטער מיטהילף פון אנדערע ארבייטער אָרגאַניזאַציעס.

עס קומען צו דעם יום טוב ארבייטער רינג יוגענט קלובען, די יונג־סוירקעלס; יונג איז נאָך אָט די באוועגונג פון די יוגענטליכע פריינט, זיי האָבען נאָך ניט פאר זיך אויסגעטראָטען דעם ריכטיגען וועג, אבער זיי פארשפּרייטען זיך אלץ מעהר און מעהר.

און אזוי זיינען געקומען צו דעם 13 יאָהריגען פריהלינגס יום טוב די גאנצע פילאדעלפיער ארבייטער רינג משפחה, די צעהנדליגע ארבייטער רינג ברענטשעס, דער קעמפּ קאָמיטעט, דער זומערדיגער רוה פּלאַץ פאר די אידישע ארבייטער און זייע־רע קינדער, די פרויען קלובען, דער ארבייטער רינג לייסעאום כאָר, די ארבייטער רינג צענטערן א. ז. וו. אלע האָבען זיך צוזאמענגענומען און מאניפעסטירט זייער וויליגקייט צו טאָן די ארבייט געמיינשאפטליך און אלע האָבען טאקע אָט דעם וואונש אויסגעפילט בשלימות.

די ארבייטער רינג שולען אין פילאדעלפיא ווערען געפיהרט פון א צענטראלע פארוואלטונג, וועלכע ווערט צונויפגעשטעלט ביי א יעהרליכער קאָנפערענץ פון די ארבייטער רינג ברענטשעס צו איין פארטרעטער פון יעדען ברענטש און 2 פארטרעטער פון יעדער שול.

דער לעהרער־ראטה באשטעהט פון אלע לעהרער מיט 2 פּאָרשטעהער פון דער צענטראלער פארוואלטונג. אקטיווע קול־טור־טוער זיינען פאראן ארום 125.

דער קעמפּ „האָפנונג" איז אויפגעבויט געווארען פון די ארבייטער רינג שולען, וועלכע צעהלען היינט צו טאָג (1933) עלף (11) און איין מיטל שול מיט 500 תלמידים און 60 סטו־דענטען אין מיטל שול, וועלכע ווערען געלערענט פון 6 לעהרער (3 טאָג אין וואך) און אויך א ספּעציעלער געזאנג לעהרער.

די ארבייטער רינג שולען גיבען ארויס יעדען יאָהר דעם

„קינדער רינג", א סואווועניר בוך מיט זאמלונגען פון קינדער שאַפונגען, באגריסונגען און ארטיקלען. דער בודזשעט פון פארוואלטען די שולען איז ארום 12 טויזענד דאלאר, וועלכע ווערט געדעקט פון דעם שכר לימוד, וואָס די קינדער, וועלכע זיינען אומשטאנד צאָהלען פאר לערנען, דאן ארבייטער רינג סובסידיעס, ביישטייערונגען און לאָקאלען טעקס שאפען ארום 3 טויזענד דאלאר א יאָהר.

איך וועל שליסען דיזען קאפיטעל פון דעם זעהר אנגע־וועהטאָגטען פּראָבלעם פון אידישער דערציהונג מיט אן אויס־צוג פון ה. סיגעל אין דעם לעצטען „קינדער רינג" פון היינטיגען יאָהר 1933, ווי פאָלגט:

„אין דעם ביטערן יאָהר פון קריזיס, ווען די אויפגאבע פון יעדער געזעלשאפטליכער אינסטיטוציע איז געווען אנצו־האלטען די אלטע פּאָזיציעס, האָבען מיר געוואגט ניט נאר אָנהאלטען מיט ווירדע די אלטע פּאָזיציעס, נאָר פארנומען צוויי נייע — געעפענט צוויי נייע שולען, איינע אין לאגאן געגענט און די צווייטע אין ווינפיעלד.

„אין אלגעמיין טראָץ די שווערע צייט דארף דער יאָהר שולען טהעטיגקייט ביי אונז אין פילאדעלפיא באטראכט ווערען פאר א באמת לעבעדיגען סיי מצד די לאָקאלע פארוואלטונגען און סיי אין דער צאָהל קינדער — 500 תלמידים באזוכען אונזערע שולען".

פאר דעם דערפאָלג פון דעם יאָהר ארבייט ווי אין די פריהערדיגע איז צו פארדאנקען די שולען טוער, לעהרער, דיסט־ריקט קאָמיטע ארבייטער רינג, לייבאר אינסטיטוט, גענאסע ה. בערגער פון „פאָרווערטס", ארבייטער רינג מיטגלידער און ברענטשעס, וואָס האָבען יעדער אויף זייער שטיינער און מענ־ליכקייטען צוגעטראגען א חלק צו דעם ערפאָלג.

# אידיש טהעאטער אין פילאדעלפיא

רעדט מען פון אידיש טהעאטער בכלל, קען איך ניט פאר־בייגעהן און ניט דערמאָנען די זוניגע, טרוימערישע טעג פון מיין יוגענט, די צייט וועלכע איז דאן אויך געווען דער „האָני־מון", די זיסע האָניג־טעג פון דעם אויפקום און האָנפנונגספולער יוגענט פון אידיש טהעאטער אין דער אלטער היים.

פאָרמעל איז דער אידישער טהעאטער געבוירען געוואָרען און צום ערשטען מאָל געזעהן דאָס ליכט פון לעבען אויף די ברעגען פון דער דונאַי אין בוקאַרעסט, רומעניען, אין דער צייט פון דער רוסיש־טערקישער קריג — דאָך האָט דאָס אידיש טהעאטער געהאט זיינע וואָרצלען, זיין אורשפרונג אין די וויין קעלערן און אין פריוואט הייזער אויף שמחות פון מיין געבורט שטאָדט — אדעס. דאָרט, אין דעם שעהנעם, רייכען, געביל־דעטען און שפּע'דיגען אדעס, אין די זיבעציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, וואוהין אידען פון אלע שטעדט און שטעדטלאך פון דער פרוכטבארער אוקראינע האָבען אין יענער צייט געשטראָמט, איז געלעגט געוואָרען דער פונדאמענט פון אידיש טהעאטער. דאָרט אין מיין אָדעס האָבען אידען געלעבט טאַקע ווי אין אדעס, פרנסה לרוב, פולע פרייהייט צו לעבען און געניסען וויפיעל דיין הארץ גלוסט; — האָט דען ערגעץ וואו, אויף גאָט'ס ערד, געקענט זיין א פּאַסענדער פּלאַץ, מעהר מסוגל, א שעהנערע און פרייערע אטמאָספערע פון פרעהליכקייט, אונ־טערהאלט און א פאָרגרונד פאר אידיש טעאטער ווי אין דעם געבענשטען, פרייען און זוניגען אָדעס?

וואָלטען אידען ניט געלאָפען אין צייט פון דער מלחמה מיט טערקיי נאָך רומעניען, וואו עס האָט געלאגערט די מיליטאָ־ניגע רוסישע ארמיי מיט דער הויפּט קווארטיר אין בוקארעסט, און וואו גאָלדענע רענדלאך זיינען געווען ביליג און לייכט צו קריגען, וואָלט אדעס געווען דער געבורט פּלאַץ, ניט בוקארעסט.

מאָל אידיש טעאטער מיט גאָלדפאדען׳ס קאָמעדיע „ברײנדעלע קאָזאק״. דער טאטע מײנער האָט שוין אין פילאדעלפיא באַשטעלט די פּאָוסטערס און ארײנגעגעבען אנאָנסען אין די דײטשע און ענגלישע צײטונגען. דאמאָלט האָט נאָך פילאדעלפיא קײן אײגענע אידישע צײטונג ניט געהאט. אונזער טרופּע אַקטיאָרען איז באַשטאַנען פון פאָלגענדע קרעפטען: לעאָן גאלובאך, מיראן גאלובאך, באיאַרסקי, סימאן (ישראל בן עולם), ספעקטאר, טאנטשוק, זעלדעס, מאדאם ספעקטאר, מאד. קראנצפעלד, מאדאם לאנדעסמאן, פרײלין אמכאניצקי און איך בין געווען די פרימאדאנע, איך האָב געשפּילט פרויען ראָלען. א האלבע טרופּע איז געבליבען אין נויארק און די אנדערע העלפט איז געפאָהרען קײן פילאדעלפיא. אָנקומענדיג אהער, צוויי טעג פאר דער ערשטער פאָרשטעלונג, האָב איך דערזעהן אַן איבערראַשענדען אומגליק: — דײטשע פּאָסטערס זײנען געהאנגען אין די פענסטער — קײן אידיש וואָרט ניט דערמאָנט אין די צײטונגען. אויף מײן פראגע, ווי קומט עס? האָט דער טאטע מײנער, אזוי דערצעהלט ב. טאָמאַשעווסקי, מיר ערקלערט, אז אזוי האָט דער דירעקטאָר פון דײטשען טעאטער, אלעקסאנדער קאָס, פאַרלאַנגט.

„מיר האָבען געפיהלט ווי אַן אומגליק הענגט אין דער לופט. דעם טאָג פון דער פאָרשטעלונג בין איך געשטאַנען בײ דער קאסע און איך האָב באוואונדערט די קאסטומער וואָס קויפען בילעטען צו אונזערע פאָרשטעלונגען, און איך האָב ניט געטראָפען קײן אידיש פנים, נאר דײטשען און דײטשען. די אידען פון פילאדעלפיא, די אמת׳דיגע אידען אונזערע, אידישע באַזוכער פון אידיש טעאטער האָבען גארניט געוואוסט אפילו צו מען שפּילט אידיש טעאטער אין פילאדעלפיא. אין אוונט פון דער ערשטער פאָרשטעלונג האָב איך דערפאהרען אז דאָס טעאטער איז פארקויפט געווארען ביז דעם לעצטען זיץ, אבער איך קוק דורך דעם פאָרהאנג און זוך א אידען און איך זעה ניט, דאס גאנצע טעאטער איז באזעצט מיט גוי׳ישע פנימ׳ער, מענער אין פול־דרעס, פרויען דעקאלטע ווי אין דער אפערא, און מײן הארץ קלאפּט און די הערצער פון מײנע אקטיאָרען פיהלען דאס זעל־

ביגע און מורמלען: „מיר וועלען היינט שפּילען „ברײנדעלע קאָזאַק" פאַר גוי'אים, פאַר דייטשען, פאַר אמעריקאנצעס... מיר האָבען מורא... חלילה אַן אומגליק...

„א 15 מינוט פאַר'ן אָנפאַנגען שפּילען, קומט אַרויף אויף דער ביהנע דער דייטשער דירעקטאָר, אַלעקסאַנדער קאָס, און קוקט אונז אַלע אָן מיט אויגען פון א דייטשען אַנטיסעמיט... יאַ, יאַ אידישע קאָמעדיאַנטען... הערען זי מאַל, שפּילען זי איהרע ראָלען אין דייטש ?... ענטפער איך איהם, אַז מיר זיינען א אידישע טעאַטער געזעלשאַפט און מיר רעדען אידיש.

„ווער, צום טייפעל, האָט אויסגעשריען דער דייטשער טעאַ־טער דירעקטאָר, ווירד זי פאַרשטעהן, וויר האַבען יאַ איין דייטשעס פּובליקום!...

„עס איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען.

— „וואָס וועט יעצט זיין, פרעג איך דעם טאַטען מיינעם ?

„פּראָבירט רעדען אַביסעל דייטש, ענטפערט דער טאַטע מיינער.

„אָבער מיר הויבען אויף דעם פאָרהאַנג. עס קומט אַרויס לעאָן גאַלובאָך, געשפּילט אַלס יאַקאַב דער שכור'ער משרת און ער איז זעהר גוט געווען אין דער ראָלע, און ווי ער פאַנגט נאָר אָן צו רעדען, הערט מען שרייען פון טעאַטער: דייטש... דייטש... גאָלובאָך שפּיעלט ווייטער, זינגט א ליעדעל און צום שלוס פון ליעדעל טאַנצט ער, אָבער מען אַפּלאָדירט איהם ניט און גאַלובאָך געהט נעבאָך אַראָפּ פון דער ביהנע א פאַרביטער־טער, א דערשלאָגענער און ברעכט צוזאַמען און מען דאַרף איהם מינטערען, גיסען אויף איהם קאַלטע וואַסער. גאַלובאָך קרינט היסטעריקע און שרייט: וואָס ווילען די דייטשען ? ! וואָס האָ־בען זיי צו מיר ? !...

„מיר פאַנגען אָן צו שפּילען דאָס דריטע בילד. איך פאַנג אָן זינגען מיין סאָלאָ און צו טאַנצען, און אַזוי ווי מיר פאַנגען אָן צו ריידען פראָזע ווערט א געשריי: דייטש, דייטש... און מען הויבט אָן געהן, וואָס הייסט געהן ? עס הויבען זיך אויף גאַנצע רייען מיט מענשען, מען קלאַפּט מיט די

בענקלאך, מען שעלט, מען שרייט צו אונז ארויף אויף דער ביהנע ווערטער, מסתמא ניט קיין קאָמפּלימענטען און אז מיר האָבען געענדיגט דעם ערשטען אקט איז דער גאנצער עולם דייטשען ארויס, נאר אויף דער גאלערע זיינען געבליבען די עטליכע אידישע באָרדערס פון אונזער אידישען בארדינג הויז און פאר זיי האָבען מיר געענדיגט די פאָרשטעלונג „בריינדעלע קאָזאק".

נאָך דער פאָרשטעלונג האָט דער דירעקטאר אונז געגעבען צו פארשטעהן, אז ער האָט מיין פאָטער ניט פארשטאנען, ער האָט געמיינט אז מיר שפּילען אידיש לעבען אין דייטשער שפּראך און דערפאר האָט ער מיט אונז געשעפט געמאכט, נאר אזוי ווי מיר שפּילען אידיש קען ער אונז ווייטער זיין טעאטער ניט געבען און מיר קענען פאָהרען אהין פון וואנען מיר זיינען געקומען".

דערמיט האָט זיך געענדיגט דאָס ערשטע קאפּיטעל, אזוי צו זאָגען, דער פּראָלאָג פון אידיש טעאטער אין פילאדעלפיא.

זייט דאן, ווען דער ערשטער פארזוך צו שפּילען אידיש טעאטער אין פילאדעלפיא איז געמאכט געווארען, זיינען אוועק 4 יאָהר אין שטילשטאנד, דאָס זיינען געוועזן די שווערסטע יאָהרען פאר דעם אידישען אימיגראנט פון מזרח אייראפּא. די גרעסטע טייל פון זיי זיינען געקומען אהער ארים, אָהן פריינד און אָהן באשטימטע מיטלען צום לעבען, מען האָט שווער און ביטער געארבייט, ווער מיט'ן פּאַק סחורה אויף די פּלייצעס און פּעדלען אין די אפּגעלעגטע גאסען פון שטאָדט און אין דער קאָונטרי צווישען די פארמער און ווער אין סוועט־שאָפּ ביי דער נאָדעל און ביים פּרעס־אייזען; ווען האָט דען געפעהלט טעאטער און אידישע קונסט? ! די סאמע גרעסטע קונסט איז דאמאָלט געווען צו אויסארבייטען די סאמע נויטיגסטע לעבענסמיטלען אום צו האלטען די נשמה און קערפּער צוזאמען.

אין סעפּטעמבער פון יאָהר 1883 איז דאס אידישע טעאטער געשלאָסען געווארען אין גאנץ רוסלאנד דורך א שטרענגען אוקאז פון דער רוסישער רעגירונג. די אידישע טעאטער טרופּען פון אדעס, ווארשא און אויך די וואנדערנדע טרופּעס פון דער פּראָווינץ נעמען דעם וואנדערשטאק אין די הענד און לאָזען זיך

אוועק איבער מיטעל אייראפא, איבער רומעניען, דייטשלאנד, גאליציען און לאנדאן. נאך א פאר יאהרען וואנדערען האבען זיי זיך געלאזט קיין אמעריקא.

אין זומער פון יאהר 1886 זיינען די מעהרסטע און די עלטסטע אידישע אקטיארען שוין געווען אין אמעריקא. אין פילאדעלפיא האבען זיך באוויזען אין דעם אסיען פון 1887 יעקב גארטענשטיין מיט זיין קאמפאני שוישפילער אונטער דעם נאמען „היברו אפעראטע קאמפ." און געשפילט אין „טהאליא טעאטער", דריטע און קראון סטריט.

אין „אידישען וואכענבלאט", ארויסגעגעבען פון כתריאל צבי שרהזאהן אין יאהר 1887, אין נויארק (קיין אידישע צייטונג אין פילאדעלפיא איז נאך דאן ניט געווען) לייענען מיר א קאָרעספאנדענץ פון פראפ. ג. זעליקאוויטש, געשריבען אונטער דעם פסעוודאנים „גץ־אל", וועלכער האט דאן געוואוינט אין פילאדעלפיא, שרייבט ער ווי פאלגט:

„פילאדעלפיא, נאוועמבער דעם 9טען 1887, היברו אפערעטא קאמפאני וועט שפילען ביי אונז דעם נעקסטען פרייטאג און שבת אין טהאליא טעאטער.

„איך בין ניט קיין נביא און איך קען דאך נביאות זאגען פאר איצט, דאס די קאמפאני וועט העכסט צופרידענשטעלען דעם פילאדעלפיער פובליקום, ווי זי האט אונז צופרידענגעשטעלט דעם פארינגען פרייטאג און שבת מיט דער באריהמטער מוזיקאלישער דראמא „דער בעל תשובה". איך האבביידע אווענדען, שרייבט דער פראפ. בייגעוואוינט און איך האב ווירקליך זיך גוט אמוזירט מיט אלע צוגלייך. פארגעסען מיר ניט דאס די קאמפאני האט אזעלכע ארטיסטען וואס האבען מיט וואס א גרויסען עולם צופרידען שטעלען. ה. גארטענשטיינ'ס דראמאטישער טאלאנט איז גוט באקאנט און ער האט אונז געצייגט נעכטען אווענט אין „די קאפריזנע טאכטער" דאס ער איז יא א פראכטפאלער קאמעדיאן, ה' אבראמאוויץ האט א זיסע אנגענעמע שטימע און ער וויים צו מזוג זיין „שובערטס" מעלאנכאלישע טענער מיט די אריענטאלישע מעלאדיען, דאסזעלבע איז מאדאם האלדער, איהר שטים איז עלעגאנט און רייצענד.

איך וואָלט זיי ביידען געוואָלט הערען ביים עמוד. מר. פרידמאַן און מרס. אבראַמאָוויטש האָבען גלענצענד געשפּילט זייערע דאָפּעלטע ראָלען. ואחרון, אחרון חביב, ה' וואכטעל, ער שפּילט זיין שווערע ראלע פון חאצקעל דעם משרת ווי ער וואָלט קענען מאכען לאבענדיג דעם מלאך דומה אליין. מרס. גרינ־בערג און ה. סימאנאוו האָבען אויך קאָרעקט זייערע קורצע ראָלען געשפּילט און עליאס דאַרף, דער ביזנעס מענעדזשער האָט אלץ אין גוטער ארדנונג איינגעריכטעט. א טעאטער איז געוועהנליך א קליינע וועלט. אלץ ווערט דארט לעבעדיג פאַר־געשטעלט (אזוי ענדיגט פּראָפ. זעליקאָוויטש זיין קארעספּאָנ־דענץ). יעדער זיפץ, יעדער טרער און יעדער לאַך מוז פּאַר־קומען אין אונזער מוטער־שפּראך. „די בראָוט" מוז הייסען „כלה", דער „בראוטיגאם" — חתן, דען די מלאכים ליבען אויך ניט קיין תרגום לשון".

נאָוועמבער דעם 27טען, 1887, לייענען מיר אין דער זעלבער „אידישעס וואָכענבלאט", געשריבען (וואהרשיינלאך פון רעדאקטאר זעלבסט) אין א קאלוואריער דייטש אונטער דעם קעפּעל „קיין משגיח" — און דער ארטיקעל פאנגט זיך אָן מיט א וויץ „מיר צוויי אוינגען ווען נור יענעם איין אויג ארויסגענומען", איז אויך אין פילאדעלפיא ביי דער אידישער אָפּערעטא קאָמפּאני מקוים געוואָרען, און אין דעם ארטיקעל דערצעהלט זיך, אז אין פילאדעלפיא איז א אידיש אָפּערעטא קאָמפּאני ערשינען אונטער דעם מענעדזשמענט פון דעם העכסט געבילדעטען און טאלאנטפולען ה' יעקב גארטענשטיין — די פאָרשטעלונג וואורדען (ווערען) מיט יעדען טאגע מעהר באַ־זוכט און עס וואר (האָט באמת) די בעסטע אויסזיכטען דאָס דער טעאטער וועט פּראָגרעסירען, לײדער אבער האָט דא אויך איינגעטראטען די עפּידעמישע קראנקהייט אונטער'ן נאָמען „מחלוקה" און די האלבוועגס, סעקאָנד הענדיגע און האלבוועגס אונוויסענדע אקטיאָרען האָבען אנגעפאנגען צו שרייען: „וויר וואלען קיין מענעדזשער", קיין באָס האָבען. זיי האָבען גע־סטרייקט און א נייע קאָמפּאני געגרינדעט אהן א „משגיח" און שפּילען אויך מיט פולער פרייהייט, ד. ה. זיי זיינען פריי פון א

באָס, פריי פון הכנסה, פריי פון באזוכער, פריי פון מוטה און פריי פון גוט שפּילען. ווי עס צייגט זיינען די „סטרייקער", די אָפּגעטיילטע קאמפּאני געבליבען שפּילען אין טהאליא טעאטער, 3טע און קראון סטריט".

דער שרייבער פון דעם ארטיקעל שרייבט ווייטער, אז דער „דראמאטיק האָל", 5טע און געסקיל (איצט די אונגארישע שוהל) וואו ה' גארטענשטיין שפּילט אידיש טעאטער איז אימער פול געפּאקט. דעם 18טען און דעם 19טען נאָוועמבער, 1887, אין דעם זעלבען דראַמאַטיק האָל, האָט גאָרטענשטיין אויפגעפיהרט „דעם אידישען פּאָריץ" צו דער פולער צופרידענהייט פון דעם אידישען פּובליקום, וואָס האָט די אקטיאָרען, די שוישפּילער געדאנקט מיט אונאויפהערליכע אָפּלאָדיסמענטען.

און אזוי איז באשערט געווען פון דעם סאמע אָנפאנג, אז אונזער שטאָדט פילאדעלפיא זאָל האָבען מעהר ווי איין אידיש טעאטער, אָבוואָהל אין די נענויע 50 יאָהר וואָס מען שפּילט אידיש טעאטער האָבען צוויי טרופּען, צוויי אידישע טעאטערע דאָ הי קיין מאָל קיין פינאנציעלען ערפאָלג נים געמאכט.

פון 1887 ביז דעם יאָהר 1890 האָט דער דראמאטיק האָל 5טע און געסקיל געדינט אלס די היים פון אידישען טעאטער. אין דעם זעלבען יאָהר איז געקומען קיין פילאדעלפיא דער „נשר הגדול", יעקב פּ. אדלער, און איז געווען דער גאַסט פון בארים טאָמאשעווסקי. און צוזאמען האָט מען אויפגעפיהרט אין דראַ־מאטיק האָל צום ערשטען מאָל אין דיזען לאנד דאָס באריהמטע היסטאָרישע ווערק „אוריאל אקאָסטא" מיט יעקב פּ. אדלער אין דער הויפּט ראָלע אלס אוריאל אקאָסטא, און זעלבסטפאר־שטענדליך געמאכט א גרויסען ערפאָלג.

אין צווישען־צייט האָבען דאָ גאסטראָלירט די נויארקער אידישע טרופּען, ווי זילבערמאן, מאגולעסקא, פינקעל, קעסלער, קארפּ און פיינמאן, ווי אויך די אונפארגעסליכע קינסטלערין קייני ליפּצין, שפּעטער אויך די מאדאם בערטהא קאליש. זיי האָבען געשפּילט אידיש טעאטער אין אקאדעמי אף מיוזיק, בראד און לאָקוסט אויך אין בראד סטריט טעאטער.

דערמיט פארענדיגט זיך די ערשטע פעריאָדע פון אידיש טעאטער אין פילאדעלפיא.

* * *

אזוי זיינען אוועק יאָהרען דורך וועלכע אלערליי פּראָבען זיינען געמאכט געווארען צו שפּילען אידיש טעאטער אין פילא־דעלפיא, אבער קיינעם איז ניט געלונגען אוועקצושטעלען א באשטענדיגען אידישען טעאטער ביז דעם יאָהר 1897, ווען דער פארשטאָרבענער מארים פינקעל האָט אָבגעדונגען ארטש סטריט טעאטער מיט א גוטער קאָמפּאני פון גוט־באקאנטע שוי־שפּילער, ווי מאקס ראזענטהאל, מר. און מרס. טאנצמאן, מר. און מרס. יונג, ראטהשטיין, דזשייקאב קאהן, מייערסאן, דער אלטער וויינבלאט מיט זיין געראָטענער טאָכטער, די סוברעטין סאבינא וויינבלאט און אנדערע.

אויף דעם צווייטען סעזאָן איז צו דעם אלטען פינקעל צוגעשטאַנען פאר א שותף דזש. גרובער, וועלכער האָט בייטאָג געארבייט ביי סיגארען און אין אווענט געהאָלפען מענעדזשען ארטש סטריט טעאטער. עס איז נאכהער צוגעקומען דער אונ־שטערבליכער זיגמונד מאָגולעסקא, בעלע גודינסקי און מר. און מרס. אבראמאָוויטש. די קאָמפּאני האָט געשפּילט אויף מאר־קען, אויף פּראָצענטען. די געשעפטען זיינען געווען אזוי גוט, אז די ערשטע סוכות׳דיגע פאָרשטעלונגען האָבען אריינגע־בראכט די ריזיגע סומע פון 22 דאלאר.

בעלע גודינסקי און ז. מאגולעסקא האָבען ניט אויסגעהאל־טען און זיינען גלייך אין א פּאָר וואָכען צוריק געפאָהרען קיין ניו יאָרק. די אנדערע סטארס זיינען געבליבען ארבייטען פאר קלענערע געהאלטען, וועלכע זיי האָבען זעלטען געקראָגען. ניט איין מאָל האָט בינע אבראמאָוויטש מיט טרערען אין די אויגען געבעטען ביי פינקלע׳ן צו געבען איהר די ווייזשעס, ווייל די קינדערלאך הונגערן און פינקעל האָט געקנייטשט מיט די פּלייצעס: עס איז ניטאָ!

שפּעטער מיט עטליכע יאָהר האָט זיגמונד פיינמאן גע־קראָגען קאָנטראָל איבער ארטש סטריט טעאטער און האָט דארט געשפּילט א פּאָר סעזאָנען.

אין 1904־5 האָט מייק טאָמאשעווסקי צוזאמענגעשטעלט א קאָמפּאניע מיט דעם באריהמטען קאָמיקער יעקב פרענק, מיט זיינע קינדער; פעני ריינהארט, מרס. טאנצמאן, דזשוליוס אדלער און אנדערע בשותפות מיט דזש. גרובער און משה׳לע לובער, האָבען זיי געדונגען דעם קליינעם קאָלומביא טעאטער אין דער דריטער און גרין סטריט און דארטען געשפּילט טעאטער רעגעלמעסיג. אבער זיי האָבען זיך גלייך צוטיילט — טאָמא־שעווסקי איז געבליבען ביי דעם טעאטער אין 3טע און גרין סט. און דזש. גרובער מיט משה׳לע לובער האָבען גענומען דעם סטענדארד טעאטער אין 12טע און סאוטה סטריט, אבער דיביידע טעאטערע האָבען לאנג ניט עקזיסטירט און ארטש סטריט טעאטער איז ווידער געוואָרען דער איינציגער אידישער טעאטער אין פילאדעלפיא, און ביז 1911 האָט מייק טאָמאשעווסקי געטאָן גוטע געשעפטען און האָט ניט געהאט קיין קאנקורענץ.

אין 1911 האָט דער אמביציעזער, דאן נאָך א יונגער ענער־גישער כלל טהוער, אברהם הירש, צוזאמענגעשטעלט א קאָמ־פּאניע פון יונגע שוישפּילער מיט מישא און לוסי גערמאן אָן דער שפּיץ און האָט אויפגעפיהרט אידיש טעאטער אין גרויסען האָל, אין דער דריטער און מאנרא סטריט, וואָס האָט זיך גע־רופען מיט דעם נאָמען „פרענקעל טעאטער״.

דיזע קאָנקורענציע האָט גאנץ ווייניג אָנגעריהרט דעם ארטש סטריט טעאטער, און אין 1914 איז נאָך אלץ מייק טאָמאשעווסקי געווען דער אויבערהערשער אין דעם איינגעפונדעוועטען אידי־שען ארטש סטריט טעאטער.

צוזאמען מיט מייק טאָמאשעווסקי זיינען געווען דזש. גרובער און אנשעל שאָר אלס די אונטערנעמער פון אידישען טעאטער. דאָס איז געווען דער לעצטער סעזאָן וואָס מייק טאָמא־שעווסקי איז געווען איינער אליין אין פעלד. באלד האָבען גרו־בער און שאָר צוזאמען מיט משה לובער געמאכט שבת פאר זיך, און אויסער דעם וואָס זיי האָבען צוגענומען איניגע פון די בעסטע קרעפטען פון ארטש סטריט טעאטער, האָבען זיי אויך אנגאזשירט מישא און לוסי גערמאן, קלארא ראפאלא, עליאס ראטשטיין, דייוויד באראטץ, באריס ראזענטהאל, די דאן יונ־

נינקע מאלי פיקאָן און אנדערע; זיי האָבען געקראָגען דאס נאציאָנאל טעאטער, אין 10טער און רידזש עוועניו, און האָבען אָנגעפאנגען דעם סעזאָן מיט א נייער פּיעסע פון משה קאטץ „די אייביגע טראנעדיע". דער ערפאָלג איז געווען א פאָלקאָמענער און עס האָט אזוי ווייט אָנגעגריפען דעם אלטען ארטש סטריט טעאטער, אז ער האָט זיך געשלאָסען אין מיטען סעזאָן.

* * *

זייט דאן קומט פאָר אין פילאדעלפיא אן אונאויפהערליכער נעיעג, אן אונערמידליכער קאמף צווישען אידישע טעאטער אונטערנעהמער, וועלכע לאָזען נים צו אז אן איינציגע קאָמפּאניע זאָל זיך איינוואָרצלען אלס אליין־הערשער אויף דעם אידישען טעאטער געביט אין אונזער שטאָדט.

אזוי זעהן מיר ווייטער אין 1915־1916, האָט דזש. גרובער און זיינע שותפים ארייננעצוינען זיך צוריק אין ארטש סטריט טעאטער און עס איז צוגעקומען צו די פריהערדיגע אקטיאָרען די פיעל באליבטע צילי אדלער. דער סעזאן איז נעווען אן ער־פאָלג צו פארדאנקען דעם יונגען אמביציעזען דירעקטאר אנשעל שאָר, וועלכער האָט אימער געזוכט נייע טאלאנטען צו באריי־כערען זיין פערסאָנאל פון שוישפילער און איז פארטיג געווען אויפצופיהרען די ווערק פון די באריהמטע פארפאסער אום צו־פרידען צו שטעלען דאָס פובליקום. אין מיטען סעזאן איז לודוויג זאץ געווארען אנגאזשירט אלס דער צווייטער קאָמיקער ארויסצוהעלפען דעם סטאר קאָמיקער יעקב פרענק, אבער אויף דעם נעקסטען סעזאן איז שוין זאץ געבליבען דער הויפט קאָ־מיקער אין ארטש סטריט טעאטער.

אין 1916 אלס א קאָנקורענץ צו ארטש סטריט טעאטער האָט א ספעקולאנט אפגעדונגען דעם „אמעריקאנעם טעאטער", פרענקלין און דזשיראַרד, און אין אַרטש סטריט טעאטער האָט געשפּילט דער פיעל־באריהמטער אידיש־דייטשער שוישפילער, מאָריס מאָריסאָן, דערפאר האָבען אין „אמעריקאן טעאטער" געשפילט מר. און מרס. זילבערט, דייוויד לעווינסאָן און אנדערע. דער מענעדזשער איז געווען דער אלט־באקאנטער מייק טאָמא־שעווסקי.

אויף דיזער סענסאציע האָט ארטש סטריט טעאטער געענטפערט מיט א געגען סענסאציע: יעקב פּ. אדלער, זיין פ״וי סערע אדלער און איזידאר קעשיער. שפּעטער האָט מייק טאָמא־שעווסקי געבראכט אין „אמעריקאנער טעאטער" מאדאם בערטהא קאליש, נאָכדעם סעמועל גאָלדינגבורג, וועלכער איז ערשט גע־קומען קיין אמעריקא.

אנשעל שאָר פון ארטש סטריט טעאטער איז אויך ניט געזעסען מיט לעדיגע הענד און האָט ארונטערגעבראכט נייע אטראקציעס פון ניו יאָרק.

דער יאָהר 1916 איז געווען איינער פון די אינטערעסאנט־סטע אין היגען אידישען טעאטער. די פילאדעלפיער אידיש־טעאטער באזוכער זיינען געווען איבערזעטיגט מיט די בעסטע פאָרשטעלונגען און די גרעסטע שוישפּילער.

אין דעם סעזאן 1917־1918 איז פארטגעזעצט געווארען דער קאמף צווישען „אמעריקאן" און ארטש סטריט טעאטערס מיט דעם אונטערשיעד, וואָס אנשטאט מייק טאָמאשעווסקי איז הערשעל צוקערבערג געבליבען אליין אין שטאָדט, סעמועל גאָל־דינגבורג איז אריין שפּילען און האָט דורך דעם סעזאן זיך ער־וואָרבען א גרויסע צאָהל פארעהרער. צוזאמען מיט איהם האָ־בען אויך געשפּילט טשארלס נאטאנזאָהן, מארק שווייד, דייוויד פאפער, איזידאר מעלצער, מיני גורעוויטש און אנדערע.

אין 1919־1920 האָט זיך די טעאטער מלחמה ווידער באנייט. דער „אמעריקאן טעאטער" האָט שוין געקראָגען א נייעם מענעדזשער אין דער פערזאָן פון לעאָן בערגער. מאָרים שווארץ, וועלכער איז געווען א שותף צו מאקס ווילנער אין דעם ניו יאָרקער אורווינג טעאטער האָט דאן אָנגעפאנגען זיין גרוי־סע קאריערע אלס פּראָדוצירער פון קונסט טעאטער. מיט זיין הילף איז דער „אמעריקאן טעאטער" געוואָרען ווידער אמאָל א אידיש טעאטער און איז געווען אונטער דעם רעזשי פון מאָרים שווארץ. יוסף שעהנגאָלד און בעטי טאָמאשעווסקי זיינען געווען די הויפּט סטארס. צווישען די אנדערע שוישפּילער זיינען אויך געווען אסתר נעראָסלאווסקאַיאַ, ס. שאָר, מ. זילבערשטיין, מאקס ווילנער, משה שאָר און אנדערע.

אין ארטש סטריט טעאטער זיינען אין יענעם סעזאָן געווען די הויפּט סטארס: לעאָן בלאנק און דאָרא ווייסמאן. ווידער איז דאָ געווען א רעשי׳גער סעזאָן מיט נייע פּיעסען און גרויסע אטראקציעס איןביידע טעאטערע.

דער סעזאן פון 1920-1921 אין „ארטש" איז געווען ווי „א שיף אָהן א רודער". גרובער האָט גראד געהאט א גוטע קאָמפּאני. ער האָט ווידער אריינגעקראָגען לעאָן בלאנק מיט מר. און מרס. בירנבוים, מאדאם פיינמאן, מעי סיימאן, בולמאן, זילבערקאסטען, וואקסמאן, מאָרים אויערבאך, סיידי שעהנגאָלד, מאקס ווילנער, יעקב מעסטעל און אנדערע. די קאָמפּאני האָט אָבער געקאָסט מעהר ווי דאָס טעאטער האָט געקענט באצאָהלען. הינטער דער ביהנע האָט אויך געפעהלט א פיהרענדע האנד. מעסטעל, אן עהרליכער און איבערגעבענער מיט לייב און לעבען צו דער ביהנע, איז געווען צו שוואַך צוזאמענצוהאלטען די טרופּע. אויסער איהם האָבען אויך אין דער רעזשי געהאט א דעה בלאנק און דער סופליאָר, נעסטאַר. האָט זיך אנגעפאנגען א מלחמה צווישען די דריי רעזשיסאָרען. די איינציגע פּיעסען וואָס האָבען געצויגען א פּובליקום זיינען געווען זאָלאָטארעפּסקי׳ס צוויי דראמעס „יעדער פרוים וועג" און „פאר איהרע קינדער" און סיגעל׳ס „שמענדריק אויף בראָדוויי". שוין אין אָנפאנג מארטש האָט גרובער געמוזט ארונטערברייננגען „אט-רעקשאנס" כדי זיך צו ראטעווען, אבער דער סעזאן האָט זיך דאָך געענדיגט מיט א גרויסען דעפיציט. האָט שאָר, אלזא, גע-ווּאונען. אין זומער פון 1922 איז ער צוריקגעקומען. ער האָט באשלאָסען צו עפענען דעם טעאטער אָהן סטאַרס. די איינציגע נייעס איז געווען אן אקטיאָר מיט׳ן נאָמען אדאָלף פריימאן, וועלכער איז נאָר וואָס געקומען פון ארגענטינא. שאָר האָט איהם אדווערטייזט אלס דער אקטיאָר וועלכער קומט „פון גאָלדינבורג׳ס מדינה". צו איהם האָט ער צוגענומען אברהם און חנה טייטעלבוים, וועלכע האָבען צום ערשטען מאָל זיך באוויזען אין פילאדעלפיא און ער האָט אויסגעביטען יודעלע בעלזער אויף שלום סעקונדא אלס מוזיק דירעקטאָר. דעם ארגענטינער אקטיאָר, פריימאן, האָט דער עולם גלייך ביי דער

ערעפענונג דערקענט. דערצו איז דאָרא ווייסמאַן אין אָנהויב פון סעזאָן קראַנק געוואָרען און שאָר האָט געבראַכט אהער ציליע אדלער אויף 16 וואָכען. יענער סעזאָן האָט געהאַט עטליכע ערפאָלג פּיעסען, צווישען זיי סיגעל׳ס „אַמעריקאַנער רביצין״. פאַר פּסח איז געקומען גאָלדינבורג און אזוי האָט דער סעזאָן פון 1922־1923 זיך געענדיגט.

דער סעזאָן פון 1923־1924 האָט זיך געעפענט מיט גרויס באַגייסטערונג. פּאָל בּאַראַטאָוו איז געווען די גרויסע קראַפט. זיין קומען אהער איז באַטראַכט געוואָרען אלס א גרויסע געשע־ענים. ביי דעם בעסערען פּובּליקום האָט ער טאַקע אויסגענו־מען, באַזונדערס אין צוויי פּיעסען — „דאָס גליק״ און אין „פּרייז פון ליבע״. צום באַדויערען איז אבער די צאָהל פון בעסערע טעאַטער געהער געווען א באַשרענקטע און דאָס האָט געווירקט אז מען זאָל זיך נעמען צוריק צו די געוועהנליכע שונד־פּיעסען, אויף וועלכע דאָס אלגעמיינע פּובּליקום איז אויפ־געהאָדעוועט געוואָרען. באַראַטאָוו האָט זיך אליין זעלטענער באַוויזען אויף דער ביהנע און דער סעזאָן וואָס האָט זיך אזוי פּרעהליך אָנגעפאַנגען, האָט זיך געענדיגט זעהר טרויעריג. באַ־ראַטאָוו איז אינמיטען סעזאָן אוועק קיין ניו יאָרק וואו מאָרים שווארץ האָט איהם אַנגאַזשירט פאַר זיין קונסט טעאַטער פון וועלכען זיין, באַראַטאָוו׳ס גרויסער טאַלאַנט, האָט אָנגעפאַנגען ארויסצושטראַהלען.

1924־1925 איז אויך געווען א סעזאָן פון צוויי טעאַטערע. די מפּלות וואָס זיינען געווען דער רעזולטאַט פון קאָנקורענץ, האָבען ניט געקענט פאַרטרייבען ניט אַנשעל שאָר׳ן און ניט מייק טאָמאַשעווסקי׳ן. שאָר האָט אין זיין טעאַטער געהאַט די פּרי־מאַדאָנא, מינא גורעוויטש, דאָרא ווייסמאַן, מיט יאָזעף שעהנ־גאָלד, מעי סיימאַן, יעטא צווערלינג, משה זילבערקאַסטען, איזי־דאָר מעלצער, און דעם יונגען שוישפּילער, אדאָלף פעניגשטיין. פאַר דעם גאַרדען טעאַטער האָט מייק טאָמאַשעווסקי ארונ־טערגעבראַכט סעמועל גאָלדינבורג און ציליע אדלער מיט יודעל דובינסקי, פּאולא קלידא, מאַדאַם ווייזענפריינד (מוני׳ס מוטער), עזרא הררי פון דער „ווילנער טרופּע״, היימי דזשייקאָבסאָן,

לוסי לעווין, נעראָסלאַווסקאַיאַ און אנדערע. די קאָנקורענץ איז געווען אַ שאַרפע, אבער אַן אויפריכטיגע. איינער האָט דעם צווייטען געזוכט אריבערצוּיאָגען מיט בעסערע פּיעסען. אין „ארטש" האָט שעהנגאָלד געשפּילט גאַרדינס רעפּערטואַר אין וועלכען זיין איצט פאַרשטאָרבענער שווער, יאַקאָב פּ. אַדלער, האָט זיך געמאַכט אומשטערבליך און אין גאַרדען האָבען גאָל־דינבורג מיט ציליע אַדלער אויך געשפּילט פּיעסען פון בעסע־רען רעפּערטואַר, צווישען זיי אנסקי'ס „דבוק". דער גרויסער ערפאָלג איז געווען לוסי לעווין אלס די „גאָלדענע כלה". קיין צו גרויסע גליקען האָט מען אבער ניט געמאַכט. צוויי זאַכען וואָס לאָזען זיך ניט פאַרגעסען פון יענעם סעזאָן, זיינען דער טויט פון דעם יונגען שוישפּילער, פּענינגשטיין, וועלכער איז געווען זעהר באַליבט אין דער היגער אַקטיאָרען משפחה און דאָס ארויסטרעטען פון דעם אונגארישען ערצבישאָף, דר. באַלטאַזאַר, ביי שעהנגאָלד'ס „אלישע בן אבויה". דאָס ארטש סטריט טעאַ־טער איז געווען איבערגעפּאַקט מיט מענשען און נאָך דעם צוויי־טען אַקט איז דער בישאָף ארויף אויף דער ביהנע און האָט איבערגעגעבען אַ גרוס וועגען דער לאַגע פון די אידען אין אונגארן. דר. באַלטאַזאַר איז ווארים אויפגענומען געווארען ווייל ער איז באַטראַכט געוואָרען אלס איינער פון די חסידי אומות העולם. וואָס אַנבעלאַנגט פּענינגשטיין'ס טויט, האָט די נייעס אריינגעוואָרפען אין טרויער די גאַנצע היגע און ניו יאָר־קער אידישע טעאַטער וועלט. זיין לויה איז געווען איינע פון די גרעסטע. גוסקין, דער מענעדזשער פון דער אידישער אַק־טיאָרען יוניאָן און אנדערע ניו יאָרקער שוישפּילער זיינען געקומען באַווייִנען דעם פריהצייטיגען טויט פון דעם יונגען שוישפּילער וועלכער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט אַ קינד. משה שאָר האָט אויף דער ביהנע פון טעאַטער געמאַכט דעם הספּד ביי פּענינגשטיין'ס ארון און דער צער איז געווען אַן אומבאַשרייבליכער.

ווען שאָר איז ענדע 1925 צוריקגעקומען פון זיין רייזע איבער אייראָפּאַ, האָט ער ווידער אַמאָל געבראַכט עפּעס נייעס פאַר זיין ארטש סטריט טעאַטער. זייענדיג אין קאַרלסבאַד

האָבען שאָר און דאָרא באזוכט א קאבארעט וואו זיי האָבען געהערט זינגען צוויי אידישע פאָלקס זינגער, סאלאמאן און קלארא שטראמער. די זינגער האָבען ביי שאָר'ן אזוי אויס־גענומען, אז ער האָט זיי ביידע אנגאזשירט פאר זיין טעאטער. די טרופּע אין ארטש סטריט טעאטער איז פאר דעם סעזאן, 1925־1926, באשטאנען אויסער די שטראמערס, פון דאָרא ווייסמאן, מעי סיימאָן, הײמי דזשייקאבסאן, דוד באראטץ, סעם גערשטענזאנג, לואיס ווייסבערג און אנדערע. און אין גארדען טעאטער האָט מייק טאָמאשעווסקי ארייגעקראגען א גאָר גוטע קאָמפּאני, באשטעהענד פון די ראָזענטאלס, די בירנבוים'ס, וואָלף גאָלדפאדען, אסתר פיעלד, און אזוי ווי שאָר האָט גע־האט א דאָרא ווייסמאן, האָט אויך טאָמאשעווסקי אנגאזשירט פאר זיין טעאטער אן אקטריסע וועלכע האָט געהייסען דאָרא ווייסמאן. איינע פון די סענזאציאָנעלסטע פּיעסען פון יענעם סעזאָן אין „ארטש" איז געווען שאָר'ס פּיעסע דער „שטייגער פּראָצעס" וואָס איז געווען באזירט אויף דעם פּראָצעס פון דעם יונגען אידישען סטודענט, סטאניסלאוו שטייגער. די פּיעסע איז געווען א סענזאציאָנעלע, אבער קיין לאנגען קיום האָט זי ניט געהאט. אינמיטען פון דעם סעזאָן האָט אין „גארדען" אויסגעבראכען א מלחמה און די צוויי סטארס, ראזענטהאל און בירנבוים, האָבען איינגעפּאקט די טשעמאָדאנעס און מיטגע־מענדיג זייערע ווייבער, זיינען זיי אוועק קיין ניו יאָרק. אין יענער צייט האָט דער שטערען פון דעם איצט באריהמטען קאָ־מיקער, מנשה סקולניק, וועלכער איז געווען א מיטגליעד פון דער טרופּע, אָנגעפאנגען צו שיינען. ער איז געבליבען דער פּע־היגסטער און ערפאָלגרייכסטער מיטגליעד פון דער טרופּע און דערפאר האָבען זיינע אקציעס גענומען שטייגען. אָבער טראָץ־דעם וואָס סקולניק האָט געצויגען „גרויסע הייזער", האָט מען איהם ניט געגעבען קיין געלעגענהייט צו זיין א רעזשיסאר. מייק האָט געוואָלט ראטעווען דעם סעזאן און דער איינציגער וועג צו טאָן עס איז געווען ארייצוקריגען א „גרויסען העכט". איז ער אוועק קיין ניו יאָרק און האָט געווירקט אויף זיין ברודער, באָריס, אז ער זאָל איהם קומען צו הילף. די יוניאָן האָט אבער

ניט ערלויבט טאָמאשעווסקי'ן אריינצוקומען אינמיטען סעזאָן אלס „אטרעקשאן". איז מייק געפאלען אויף א פּלאַן. ער האָט צוגעצויגען באָרים'ן אלס שותף און רעגינא צוקערבערג אלס שותפ'טע. באָרים טאָמאשעווסקי און רעגינא צוקערבערג האָבען אבער קיין גרויסע גליקען ניט געבראכט. ביידע טעאטערס האָבען געענדיגט דעם סעזאן, און ווען דער סך הכל איז אונטערגעצויגען געווארען, האָט מען די „גאָלדענע גליקען" ניט געקענט זעהן.

טראכטענדיג וועגען מנשה סקולניק קומט ארויף אויפ'ן זינען זיין מייסטערהאפטע אימיטאציע פון דעם באקאנטען שריפטשטעלער ב. ריווקין, א דאמאָלסדיגער „אידישער וועלט" מיטארבייטער, ביי דעם „אידישע וועלט" שרייבער אבענד אין „גארדען". עס איז ביי יענער געלעגענהייט אויפגעפיהרט געוואָרען א ספּעציעל געשריבען איינאקטער פון אב. זוםמאן „א נאכט אין דער רעדאקציע" און ווען סקולניק האָט זיך באוויזען אויף דער ביהנע, האָט ב. ריווקין געקוקט אויף איהם און עס האָט זיך איהם געדוכט אז ער זעהט זיך אליין אין א שפּיגעל. אין יענעם סעזאָן האָבען פּאסירט צוויי זאכען וואָס האָבען אפּעלירט צום „פּאטריאָטיזם" פון פילאדעלפיא. א אידישער יונגערמאן, ברוך לומעט, וועלכער האָט געשפּילט אין דראַמאַטישע קלובען, האָט ארויסגעוויזען אזא טאַלאַנט, אז מארים שווארץ האָט איהם אַנגאַזשירט פאר זיין קונסט טעאטער, די צווייטע פון פילאדעלפיא אנגאזשירט צו ווערען צו שפּילען צוזאמען מיט דזשארדזש דזשעסעל אין „דזשעז סינגער" איז געווען רעי האָרנשטיין, די טאָכטער פון דעם איצט פארשטאָרבענעם דר. האָרנשטיין. אין יענער צייט האָט מארים בוירנס, דער איצטיגער אייגענטהימער פון „ארטש" זיך אָנגעפאנגען מעהר דערנעהענטערען צום אידישען טעאטער און ער האָט צוזאמען מיט מ. הענרי פאטער, אסיסטענט מענעדזשער פון דער „אידישער וועלט", געגרינדעט א „בוסטערס אסאָסיאיישאן" צו פאראינטערעסירען די אמעריקאניזירטע יוגענד אין דעם אידישען טעאטער.

אין סעפטעמבער פון 1926 האָבען אנשעל שאָר און גרובער געעפענט זייער „ארטש" טעאטער מיט לעאָן בלאנק, סעם קעסטין, דוד לעווינסאָן, עני ליליען, סילי ראבינאָוויטש און מייק טאָמאַשעווסקי האָט געעפענט זיין טעאטער מיט באָרים טאָמאַשעווסקי, סעמועל ראָזענשטיין, רעגינא צוקערבערג, לייזער זשעליאזא פון דער „ווילנער טרופע", היימי פריזאנט, יעקב זילבערט און אנדערע.

מען קאָן מיט רעכט זאָגען אז דער סעזאן פון 1926-1927 איז געווען איינער פון די אויסערגעוועהנליכסטע סיי אין דער צאָהל פון טעאטער באזוכער סיי אין דער צאָהל פון גרויסע אידישע ביהנע קינסטלער וועלכע האָבען גאסטראָלירט ביי אונז אין שטאָדט. איין פאַל וועט פארבלייבען היסטאָריש און דאָס איז יענער אבענד ווען די מעטראפאליטאן אפערא הויז איז געווען איבערגעפאקט מיט אידען וועלכע זיינען געקומען זעהן די „הבימה" טרופע וואָס ס. יוראָק, נחום צמח און עדווין א. רעלקין האָבען ארונטערגעבראכט אויפצופיהרען דעם „גולם", „דבוק" און „יעקב'ס חלום". טויזענדע מענשען זיינען געגאנגען צוריק פון דער „מעטראפאליטאן" אויס מאנגעל אין פלאץ און דעמזעלבען אבענד זיינען אויך טויזענדע אידען געגאנגען צוריק אין „גארדען" טעאטער וואָס איז געווען איבערגעפאקט ביי מארים שווארץ'ס פאָרשטעלונג. דאָס איז געווען א מאניפעסטאציע פאר בעסער אידיש טעאטער וואָס האָט, לײדער, לאנג ניט אָנגעהאלטען. אין דער הינזיכט פון אנטראקציעס האָט מייק טאָמאשעווסקי יענעם סעזאן געהאט די אויבער האנט. צווישען די סטארס אין זיין טעאטער האָבען זיך געפונען מאדאם סערע אדלער, סעמועל גאָלדינבורג, די „ווילנער טרופע" און מארים שווארץ'ס קונסט טעאטער.

שאָר האָט קיין מזל ניט געהאט יענעם סעזאן ניט צו רודאלף זאסלאווסקי'ן וועלכען ער האָט געבראכט פון ארגענטינא און וועלכער האָט געקראָגען אן אָפיציעלען קבלת פנים אין „ארטש", א כבוד וואָס קיין אידישער קינסטלער האָט ניט געקראָגען. זאסלאווסקי איז א גרויסער שוישפילער. ווי עס ווייזט אבער אויס האָט שאָר ניט געקענט צופאסען פאר

איהם די פּיעסען אין וועלכע ער האָט זיך געגויטיגט, ווייל זאַסלאַווסקי איז געווען ערהאַבען בלויז אין קרעפטיגע דראַ־מעס. פונדעסטוועגען זיינען עטליכע פון זאַסלאַווסקי׳ס פּיעסען, צווישען זיי שלום עליכם׳ס „טביה דער מילכיגער” פאַרבליבען אין זכרון פון זיינע צושויער. ענדע נאָוועמבער האָט שאָר אָנגעפאַנגען ברייגגען אַטרעקשאָנס פאַר זיין טעאַטער און אויך אויף דעם געביעט האָט איהם ניט אָפּגעגאָלטען, ווייל אַלץ וואָס ער האָט געקענט קריגען זיינען געווען לעבעדעוו, אוירווינג גראָסמאַן, זינא גאָלדשטיין, נ. בודקין און שלום סעקונדא, וועל־כע זיינען געגען די אַנדערע גרויסע אַטרעקשאָנס פון „גאַר־דען” געווען שוואַכע קאָנקורענטען. אויך אויפ׳ן געביט פון פּיעסען האָט דער „גאַרדען” געהאַט די אויבערהאַנט, ווייל טאָמאַשעווסקי׳ס אָפּערעטע „בר מצוה” איז געלאָפען עלף וואָכען און איז געזעהן געוואָרען פון 60 טויזענד אידען. די אורזאַכע פון דעם געוואַלדיגען ערפאָלג, וואָס „בר מצוה” האָט געהאַט איז געווען די אידישע צערעמאָניאַלקייט מיט וועלכער די אָפּערעטע האָט זיך אויסגעצייכענט. באָרים טאָמאַשעווסקי האָט זי אויפגעפיהרט אויף זיין אַלטען שטייגער און האָט אין איהר אריינגעבראַכט אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, מיט דער הילף פון דעם טאַלאַנטפולען מוזיקער, פיליפּ זאַסלאַווסקי.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אַז אין דער וואָך ווען זשעני וואַליער האָט גאַסטראָלירט אין גאַרדען טעאַטער, האָט בערטהאַ קאַליש געשפּילט אין אַ צווייטען טעאַטער זודער־מאַנ׳ס „היימאַטה” אויף ענגליש. האָבען מיר געזעהן אין איין וואָך צוויי גרויסע קינסטלערינס — איינע וועלכע איז געקומען פון דער גוי׳אישער ביהנע צו אונז און אַ צווייטע וועלכע איז אוועק פון אונז צו די גוים.

אין פאַרלויף פון צוויי טעג צייט זיינען פאַרגעקומען צוויי עהרען אַבענדען. דער ערשטער איז געווען לכבוד אַנשעל שאָר, וועלכער האָט זיך געזעגענט מיט פילאַדעלפיא ערקלעהרענדיג, אַז ער פאָהרט אוועק קיין ניו יאָרק אויפצופּאַסען אויף דעם ליבערטי טעאַטער און דעם צווייטען אַבענד איז מייק טאָמאַ־שעווסקי געשטאַנען אויף דער ביהנע ביי דער עהרען פאַר־

שטעלונג לכבוד איהם און האָט געזאָגט, אז „ערשט איצט שנייד איך די פרוכט פון מיין ארבייט".

א גרויסער יום טוב איז געווען אין שטאָדט, ווען מאריס שווארץ מיט זיין קונסט טעאטער זיינען געקומען שפּילען אין „גארדען" טעאטער. די אידישע טעאטער וועלט האָט דאן גע־פייערט דעם 10 יאָהריגען יובילעאום פון דעם איינציגען אידי־שען קונסט טעאטער און די פילאדעלפיער אידישע אינטעלי־גענץ האָט באשלאָסען אויסצונוצען שווארץ'ס גאסטראָל פאר דעמזעלביגען צוועק. מ. קאטץ האָט ביי דער ערשטער פאר־שטעלונג פּרעזענטירט שווארץ'ן מיט א ביוסט וואָס א ניו־יאָרקער אידישער סקולפּטאָר האָט פון איהם געמאכט. מיט עטליכע טעג שפּעטער האָט מען שווארץ'ן און זיין טרופּע גע־געבן א באנקעט אין וואָלטאָן האָטעל ביי וועלכען יאָזעף גראָס איז געווען טאָאסטמייסטער. דזשייקאב גינצבורג האָט דאן געזאָגט אין זיין רעדע, אז שווארץ האָט אנגעפאנגען זיין קאריערע אין דערזעלבער צייט ווען די „אידישע וועלט" איז געבוירען געווארען און אז עס פרעהט איהם דאריבער צו קענען זעהען שווארץ'ס גרויסען ערפאָלג. מ. קאטץ האָט ביים באנקעט פּרעזענטירט שווארץ'ן מיט א זילבערנער פּלאַטע אויף וועלכער עס איז אויסגעקריצט אין ווערטער די פארעהרונג און די ליעבע פון פילאדעלפיער אידישען עולם צו איהם און זיין קונסט טעאטער. דיעזע טאבעלע באצירט איצט דעם ניו־יאָרקער אידישען קונסט טעאטער. דיזעלבע מתנה האָט דער טאָאסטמייסטער איבערגעגעבען שווארץ'ן דעמזעלבען אבענד אויף דער ביהנע. צווישען די רעדנער ביי יענעם באנקעט זיי־נען געווען מאָרעי לעווין, דער טשערמאן פון דער קאָמיטע, בינה אבראַמאָוויטש, בערטא גערסטין, חנה טייטעלבוים, סאָניא ראדינא, נחמה קאָקראן, לאזאר פריעד, גאָלדפאדען, ראָזענבערג, געילינג, קלמן יאוועליער, מאקס טאָמאַשעווסקי, מרס. שווארץ, לואיס ע. לעווינטהאל, ראבי ניומאן און אנדערע. יענע צייט וועט קיינמאָל ניט פארגעסען ווערען פון די מענשען וועלכע שטרעבען צו א בעסער אידיש טעאטער. עס איז געווען א סעזאן אין וועלכען די פילאדעלפיער אידען האָבען דורך זייער

וואַרימען אינטערעס צו דער ביהנע־קונסט באַדעקט זיך אַליין מיט לאָרבערקראַנצען.

נאָך אין זומער פון 1927 איז באַקאַנט געוואָרען די נייעס, אַז מייק טאָמאַשעווסקי און מאָריס בווירנס האָבען אונטער־געשריבען א קאָנטראַקט צו שפּילען אידיש טעאַטער אין דער־זעלבער מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז אין וועלכער צוקערבערג, ראָש און קאָמפּאַני האָבען אַזוי פיעל טויזענדער באַגראָבען. פאַרשידענע קלאַנגען האָבען זיך אַרומגעטראָגען וועגען די פּלענער וואָס מייק טאָמאַשעווסקי האָט אויסגעאַרבייט פאַר דער „מעטראָפּאָליטאַן". עס האָט געהייסען, אַז מען וועט דאָרט שפּילען גראַנדיעזע אידישע און ענגלישע ספּעקטאַקלען. אבער געוואוסט האָט מען, אַז ענדיגען וועט זיך עס מיט אידיש טעאַטער. מייק האָט צוזאַמענגעשטעלט א טרופּע באַשטעהענד פון באָריס טאָמאַשעווסקי מיט לעאָן קאַיראָף, דוד מעדאָף, אַרטור טרייסי וועלכער איז איצט באַריהמט אין דער „טאָקי"־וועלט אַלס דער „סטריט זינגער", רעגינא צוקערבערג, פּעני טאָמאַשעווסקי, משה סימאָנאָף, דזשעק שראַגעל, ברוך לומעט, בעטי סימאָנאָף און אַנדערע. אין אָרטש סטריט טעאַטער זיינען פאַר דעמזעלבען סעזאָן, 1927־1928, אַנגאַזשירט געוואָ־רען מוני סערעבראָוו, מעי סיימאַן, עטעל דאָרף, קלאַרא ראַ־פּאַלא, מאָריס זיידמאַן, איזידאָר מעלצער, יעקב רעכטצייג, סעם גערטלער, פּאָלא קליידא, העלען בערנאַרדי, אייב דאָרף און אַנדערע מיט יעקב קאָהן אַלס דירעקטאָר. די באַלעבאַטים פון יענעם סעזאָן אין „אָרטש" זיינען געווען דזש. גרובער, דזשיי־קאָב ב. האָפּמאַן און פיליפּ סמיטה.

די שותפים פון „אָרטש" האָבען פאַר דער קאָנקורענץ אין „מעטראָפּאָליטאַן" קיין מורא ניט געהאַט. זיי האָבען גאַנץ גוט געוואוסט פון דער פריהערדיגער טרויעריגער ערפאַהרונג וואָס אַנדערע האָבען געהאַט, אַז יענער ריזיגער טעאַטער איז ניט מעהר און ניט וועניגער ווי א „בית עולם" אויף וועלכען עס ווערען באַגראָבען די אַמביציעס פון געלט־אידען וועלכע ווילען ווערען טעאַטער מעצענאַטען.

דער אָרטש סטריט טעאַטער האָט זיך געעפענט מיט שיינע

רחל סימקאָף׳ס א פּיעסע „סודות פון יעדער היים״ און די „מעטראפּאליטאַן״ איז ערעפּענט געווארען מיט באָרים טאָמאַ־שעווסקי׳ס אָפּערעטא „חד גדיה״. אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט נייטען פליישער די פּיעסע ארונטערגעריסען אין א רעצענזיע וואָס די „אידישע וועלט״ האָט געדרוקט. נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעשפּילט זיבען פּאָרשטעלונגען, האָט זיך דער טעאטער צו־געמאַכט. אבער די „מעטראפּאליטאַן״ איז לאַנג ניט געבליבען פאַרמאַכט. עס האָבען זיך באוויזען נייע געלט־מענשען, די ברידער טשארלס און אלבערט העים צוזאמען מיט הערמאַן וויינבערג, וועלכע האָבען מעגליך געמאַכט אז די „מעטראפּאַ־ליטאַן״ זאָל זיך צוריק עפענען אלס אידיש טעאטער מיט דער פּיעסע „די אידישע מאַמע״. ווידער אמאָל האָט מען געשפּילט עטליכע פּיעסען, אבער כמעט פאר לעדיגע בענקלאַך. דער רע־זולטאַט איז געווען, אז די ברידער העים און וויינבערג האָבען צוריקגעצויגען זייער געלט־שטיצע און מייק טאָמאַשעווסקי, מאָרים בוירנס און מאָרים פייגענבוים, וועלכע זיינען געווען די פאַרוואַלטער, זיינען ווידער אמאָל געבליבען אָהן א „קנעלונג״, ווען די „מעטראפּאליטאַן״ האָט דעם 12טען נאָוועמבער, 1927, זיך צוגעמאַכט און איז מעהר אלס אידיש טעאטער ניט געעפענט געווארען. יענע ענטווישונג, כאָטש אן ערווארטעטע, איז געווען א שטאַרקער קלאַפּ פאר די עטליכע פילאדעלפיער אידען, וועל־כע האָבען געקאָנט צוגעצויגען ווערען אלס שטיצער פון אידי־שען טעאטער.

דער אַרטש סטריט טעאטער איז געבליבען דער איינציגער אין פעלד. מען האָט געשפּילט מעלאָדראמעס אין וועלכע מעי סיימאַן האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט און עס איז אויך גע־ווען גוטער מאַטעריאל פאר אפּערעטען, ווי מוני סערעבראוו, דער ליבהאָבער־זינגער, די יונגע סוברעטין, פּאָלא קליידע, דער קאָמיקער, איזידאָר מעלצער, און אנדערע שוישפּילער, וועלכע האָבען זיך געקענט צופּאַסען צו פאַרשידענע רעפּערטוארען. קיין „מזל־ברכה״ האָט אבער דער סעזאָן ניט געבראַכט. טראָצדעם וואָס „אַרטש״ איז געבליבען דער איינציגער טעאַ־טער אין פעלד.

די „אידישע וועלט" שרייבער האָבען יענעם סעזאָן גע־
האַט אַן אינטערעסאַנטען אָבענד אין „אַרטש". עס איז גע־
שפּילט געוואָרען אַ צוויי־אַקטיגע פּיעסע פון מ. קאַטץ „צווי־
שען צוויי וועלטען" און אַב. זוסמאַנ'ס אַ קאָמעדי „ווען מתים
ליבען זיך". צווישען די קאָנצערטיסטען וועלכע זיינען אויפ־
געטראָטען ביי דער געלעגענהייט האָט זיך געפונען דער טאַ־
לאַנטפולער יונגער פּיאַניסט, עדמונד וויכנין, דער זוהן פון
דעם מיטאַרבייטער, הלל וויכנין. אין פאַרלויף פון יענעם
סעזאָן האָבען זיך אָנגעפאַנגען באַווייזען די שטילע מואַווים
מיט אידישע אַקטיאָרען אַלס העלדען. דער איצט באַריהמטער
פּאָול מוני איז אויפגעטראָטען אויף דער ענגלישער ביהנע
פון אונזער שטאָדט אין „פּאָור וואָלס" און די היגע אינטע־
ליגענץ האָט איהם באַעהרט מיט אַ וועטשערינקע. באָריס און
פעני טאָמאַשעווסקי האָבען אויך דאַמאָלסט גאַסטראָלירט אויף
דער היגער ענגלישער ביהנע אין אַ וואָדעוויל סקעטש.
מאָריס בווירנס האָט ניט גערוהט. עס איז איהם געלונגען
צו פאַראינטערעסירען עטליכע געלט־מענשען, מר. ספּיער, מר.
קייזערמאַן, מר. גראָס, וועלכע האָבען אָפּגעדונגען דאָס קאַסינאָ
טעאַטער, אויף וואַלנאַט צווישען דער אַכטער און ניינטער.
זיי זיינען אַוועקגעפאָהרען קיין ניו יאָרק און האָבען אַנגאַזשירט
אַן אויסגעצייכענטע טרופּע מיט דזשוליוס נאַטאַנזאָן אַן דער
שפּיצע. אין דער טרופּע האָבען זיך געפונען וועראַ לעבעדעוו,
אַנאַ נאַטאַנזאָהן, שלום טאַנין פון דער „ווילנער טרופּע", יהודה
בלייך, דוד מעדאָף, מעי שעהנפעלד, אוירווינג דזשייקאָבסאָן,
בערטהאַ גוטענטאַג, סעמועל הייליגמאַן און אַנדערע. אין אַרטש
סטריט טעאַטער זיינען געבליבען דיזעלבע שותפים, גרובער,
סמיטה און דזשייקאָב ב. האָפּמאַן. זייער טרופּע איז באַשטאַ־
נען פון בערטהאַ גערסטין, מוני סערעבראָוו, און די מעהרסטע
שוישפּילער פון דער פריהערדיגער קאָמפּאַני צו וועלכער עס
זיינען אויך צוגעצויגען געוואָרען דאָס יונגע און טאַלאַנטפולע
פּאָרעל, דיינאַ גאָלדבערג און דייוו לובריצקי. די קאָנקורענץ
האָט זיך צופלאַקערט צווישעןביידע טעאַטערע. מען האָט זיך
פאַרמאָסטען צו זעהן ווער פון די צוויי וועט אויסשטעהן דעם

סעזאָן. אין אנהויב האָט עס אויסגעזעהען אז בוירנס וועט ארויס דער זיעגער. דזשוליוס נאטאנזאָהן האָט געצווינגען גרוי־סע הייזער מיט חיים טויבער׳ס „גאָלדען רינגעלע״. אין ארטש האָט מען זיך געטאַרעט צו טאָן דאס בעסטע, אבער עס האָט ניט געהאָלפען. דער קריזיס האָט זיך אנגעפאנגען פיהלען אויף דער אלגעמיינער און אידישער גאס. ארום מאָנאט פעב־רואר האָט דזשייקאב ב. האָפמאן רעזיגנירט אלס שותף פון „ארטש״. דאָס איז געווען דער סוף פון האָפמאנ׳ס פאר־בינדונג מיט׳ן אידישען טעאטער, ווייל ער האָט זיך בארעכענט, אז אויב שוין יאָ זיין אן אקאונטענט, איז בעסער צו רעכענען יענעמס דעפיציטען איידער די אייגענע.

נאָך איידער די פריהלינג שוואלבען האָבען זיך אָנגעפאנ־גען צו באווייזען האָט מען באשלאָסען אריינצושיקען אהער אטראקציעס. גוסקין האָט גע׳פסק׳ענט אז דאָס קאסינא טעא־טער זאָל זיך צומאַכען און אז די אטראקציעס זאָלען אריינ־קומען אין „אַרטש״. דערפאר אָבער האָט מען די שותפים פון קאַסינא צוגעזאָגט א חלק פון די פּראָפיטען וואָס די אטרעק־שאָנס וועלען ברייננגען. מר. גראָס, איינער פון די קאסינא שותפים, איז אריינגעזעצט געוואָרען אין „ארטש״ אויפצופּא־סען אויף די אטרעקשאָנס. די אונטערשטע שורה האָט קיין נחת ניט געבראכט. דאָס „גאָלדען רינגעלע״, די פּיעסע וואָס האָט געמאכט אזא ערפאָלג, האָט געקאָסט 65 טויזענד דאלאר און דעם גרעסטען חלק האָט באצאָהלט מר. ספּיער.

אין יענעם סעזאָן האָבען מיר געהאט עטליכע געסט פון דער צוריסענער „ווילנער טרופּע״, בנימין צמח, חיה׳לע גרו־בער, בן ארי, בן קוטאי און אנדערע. עס איז אויך געמאכט געוואָרען א פּארזוך פון ברוך לומעט צו גרינדען ביי אונז אין שטאָדט א טעאטער סטודיא פאר קינדער, אבער עס איז דער־פון גאָרניט געווארען.

דער סעזאָן פון 1929־1930 איז זיכער ניט געווען קיין פויגעלדיגער, אבער פול מיט סענסאציעס. ווען די קלאנגען וועגען פּלענער פאר דעם נייעם סעזאָן האָבען אנגעפאנגען צו

פליהען, האָט מען גערעדט וועגען דעם, אז עס זאָל ווידער אמאָל זיין צוויי אידישע טעאטערע.

אָבער דאָס זיינען געווען קלאנגען, וואָס זיינען געווען באַזירט אויף פאקטען. מען איז געווען זיכער, אז די געוועזענע פארטנערס פון קאסינא טעאטער וועלען ניט זיצען מיט פארלייגטע הענט, בפרט נאָך ווען איינער פון זיי, מאָריס בוירנס, אן ענערגישער טעאטער מענש, וועלכער האָט געקענט ארויסשאָקלען א טעאטער און געלט־מענשען פאר א טעאטער פון ארבעל, איז יעדען מאָנטאג און דאָנערשטאג געפאָהרען קיין ניו יאָרק זיך זעהען מיט גוסקינען צו אראנזשירען א טרופע פאר דער „קאסינא". אבער הינטער די קוליסען האָט עפּעס פּאסירט. מאָריס בוירנס מעג זיך זיין א פעהיגער און קלוגער מענש, אבער ער האָט ניט געקענט וויסען, אז זיינע געוועזענע פארטנערס האָבען שטילערהייד זיך פאראייניגט מיט „ארטש" און אז זיי האָבען ארויסגעקראָגען פון גוסקינען א צוזאָג דאָס פילאדעלפיא וועט האָבען ניט מעהר ווי איין אידיש טעאטער. די „ארטש" שותפים האָבען פאר דער פריי־ווילעגיע געמוזט באצאָהלען א טייערען פרייז, ווייל גוסקין האָט זיי ארייננעשיקט זעקס מענשען מעהר וויפיעל דאָס טעאטער איז געווען בכח אויסצוהאלטען.

בוירנס, ניט וויסענדיג פון דעם געהיימען אָפּמאך, האָט פאראינטערעסירט דעם באריהמטען שוישפּילער, סעמועל גאָלדינבורג, צו ווערען זיין שותף. גאָלדינבורג איז געקומען קיין פילאדעלפיא, האָט איינגעליינט ביים אייגענטימער פון גיבסאָן טעאטער, קאָר. בראָד און לאמבארד סטריט, טויזענד דאלאר און האָט באזוכט די „אידישע וועלט", שווערענדיג ביי אלץ וואָס איז איהם געווען הייליג, אז ער וועט עפענען דעם סעזאָן אין גיבסאָן טעאטער מיט אן ערשט־קלאַסיגע טרופּע. עטליכע טעג נאָכדעם ווי גאָלדינבורג האָט פארלאָזט פילאדעלפיא איז געקומען די „באָמבע", אז די אקטיאָרען יוניאָן שיקט איהם קיין שיקאגא. גאָלדינבורג איז געלאָפען צום מיטינג פון דער יוניאָן מיט א טענה, אז ער האָט אָפּגעמאכט אין פילאדעלפיא, אָבער ס'האָט גאָר ניט געהאָלפען, קיין שיקאגא איז ער טאקע

ניט געפֿאָהרען, אבער קיין פילאדעלפיא אויך ניט. ער איז אוועק אין מאָרים שווארץ׳ס קונסט טעאטער און זיין אמביציע צו האָבען אן אייגען טעאטער האָט איהם געקאָסט טויזענד דאלאר וואָס דער לענדלאָרד פון „גיבסאָן" האָט זיך ענטזאגט אומצו־קערען.

מאָרים בוירנס האָט זיך אבער ניט אונטערגעגעבען, נאר פארקעהרט: ער האָט פארקאשערט די ארבעל און האָט זיך גענומען גרייטען צו עפענען דעם גיבסאָן טעאטער. געשטיצט האָבען איהם עטליכע מענשען מיט מר. בענדזשאמין קליין אָן דער שפיצע. בוירנס האָט אנגאזשירט א גרופע שוישפּילער, די מעהרסטע פון זיי אומבאקאנטע, מיט סעמועל דיקשטיין אָן דער שפּיצע. ער האָט אנגעשטעלט פאר זיין טעאטער יוניאָן־מוזיקער, יוניאָן סטיידזש־הענט, און יוניאָן ביל פּאָוסטערס. זיין טענה איז געווען, אז די אקטיאָרען יוניאָן האָט ניט קיין רעכט געהאט אנצונעמען א באשלוס צו „פארשליסען" פילא־דעלפיא פאר א צווייטען טעאטער, ווען ער איז געווען גרייט איינצוליייגען די נויטיגע סעקיורוטי און צו אנגאזשירען יוניאָן שוישפּילער, ווייל דאָס מיינט א מאָנאָפּאָל. נאָך א טענה האָט בוירנס געהאט און דאָס איז געווען, אז די פילאדעלפיער אידישע טעאטער געהער פארלירען דורכדעם וואָס עס איז ניטאָ קיין קאָנקורענץ, ווייל אויב עס וועט זיין איין טעאטער, וועלען זיי מוזען צונעמען וואָס מען וועט זיי דערלאנגען. די „אידישע וועלט" האָט איינגעזעהן די גערעכטיגקייט פון דער טענה, ווייל די „אידישע וועלט" האָט שטענדיג געקעמפט פאר בעסער אידיש טעאטער, אזוי לאנג ווי די קאָנקורענץ איז געווען אויפ׳ן געביט פון פּיעסען. גוסקין, דער „גענעראל" פון דער אידישער אקטיאָרען יוניאָן, האָט גענטפערט, אז בוירנס האָט ניט אויסגעהאלטען דעם עקזאַמען, אז ער איז ניט געקומען צו דער באשטימטער צייט און אז דערפאר האָט די יוניאָן באשלאָסען צו האָבען איין טעאטער. דער קאמף האָט זיך צופלאקערט. די אידישע אקטיאָרען יוניאָן האָט דעם גיב־סאָן טעאטער געשטעמפּעלט אלס א „סקעב־טעאטער" און די גיבסאָן טרופּע אלס „סקעב־אקטיאָרען". די מעהרסטע מיט־

גלידער פון דער גיבסאָן טרופּע האָבען זיך פאַרטיידיגט, אַז זיי זיינען מעמבערס פון דער „עקוויטי”. דאָס האָט אבער די יוניאָן ניט צופרידענגעשטעלט און זי האָט אלע מיטלען אָנגעווענדעט צו האלטען פאר דעם עולם דעם פאַקט, אַז דער גיבסאָן טעאטער איז א נאָן־יוניאָן טעאטער.

דער גיבסאָן טעאטער האָט זיך געעפענט מיט א פּיעסע „די גרויסע שמחה”, וואָס האָט געשילדערט אויף דער ביהנע דעם גאנצען קאמף. עס מוז דאָ געזאָגט ווערען, אַז אין דער „מלחמה” האָט בוירנס געהאט די אויבערהאנט. זיין טענה געגען א מאָנאָפּאָל האָט געשאפען ארום דעם טעאטער א גרויסע צאָהל פּאטריאָטען וועלכע האָבען געזעהן אין איהם און אין דער טרופּע ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי קעמפער פאר אן „אָפענעם טעאטער מארקעט” אין פילאדעלפיא. די פּיעסען וואָס זיינען אויפגעפיהרט געווארען אין גיבסאָן טעא־טער מיט סאל דיקשטיין אלס דירעקטאר, זיינען געווען איי־גענע צונויפגעשטוקעוועטע פּיעסען, ווייל די ניי־געשאפענע ליג פון אידישע דראַמאַטורגען האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער אקטיאָרען יוניאָן און האָט איהרע פּיעסען צום גיב־סאָן ניט צוגעלאָזט. אין פאַרלויף פון יענער צייט האָט דער זשורנאליסט, וויקטאר מירסקי, אָנגעשריבען פאר דעם „גיבסאָן” צוויי פּיעסען „דער טיגער פון וואָל סטריט” און „באָנטשעם גליקען” אוןביידע פּיעסען האָבען געהאט גרויס ערפאָלג. איינער פון די „אטרעקשאנס” איז געווען ארטור שרייבער, דער אידישער יונגערמאן וועלכער איז געפונען גע־וואָרען אויף דעם פראנצויזישען עראָפּלאן „יעלאו בוירד” אלס „בלינדער פּאסאזשיר”. עס האָט זיך געטומעלט א גאנצען סעזאן מיט דעם גיבסאָן טעאטער, וואָס איז געשטאנען ביז דער לעצטער מינוט ביי די „קאנאָנען”.

אין פאַרלויף פון יענעם סעזאן האָט דער ארטש סטריט טעאטער געהאט זעהר א פיינע טרופּע, וואָס איז באשטאנען פון צילי אדלער, לוסי פינקעל, אירווינג גראָסמאן, פּסח'קע בור־שטיין, ליזא זילבערט, קלארא ראָזענטהאל, בעטי פארקויף, עני ערבער, אסתר פיעלד, משה זילבערקאסטען, דוד יאנאווער,

סעם גערשטענזאנג און אנדערע. אָבער ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס מען האָט דאָרטען געשפּילט אידיש טעאַטער אַזוי פיין און געשמאַק, איז דער סעזאָן געווען זעהר א צרה'דיגער צו־ליעב צוויי טעמים — צוליעב דעם וואָס די צאָהל שוישפּילער וועלכע האָבען געקראָגען געלט פאַר ניט שפּילען איז געווען א צו גרויסע און צוליעב דער מורא'דיגער קאָנקורענץ פון דעם גיבסאָן טעאַטער, וואו מען האָט זיך ניט גערעכענט מיט פּרייזען און אנדערע אומשטענדען, אבי צו „פּאַרקריפּלען" דעם שונא.

אין פאַרלויף פון יענעם סעזאָן האָט פילאַדעלפיא גע־קאָכט מיט א צווייטער סענזאַציע. סידני גאָלדין, א אידישער מואווי דירעקטאָר, האָט פּראָדוצירט די ערשטע אידישע „טאָקי", קאַלמאַנאָוויטש'ס „אייביגע נאַראָנים". אין ניו יאָרק האָט מען מורא געהאט צו נעמען א „טשענס", ווייל מען האָט ניט געוואוסט גענוי ווי אַזוי די אידישע מאַסען וועלען די „טאָקי" אויפנעהמען. דאַמאָלס האָט וויקטאָר מירסקי די „טאָקי" אַרונטערגעבראַכט צו אונז אין פילאַדעלפיא. ער האָט געדונ־גען די מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז און דאָס מאָל איז דער ריזיגער טעאַטער אין וועלכען אַזוי פיעל אידיש טעאַטער געלט איז באַגראָבען געוואָרען, געווען איבערגעפּאַקט ביי אַלע פאָר־שטעלונגען און טויזענדע אידען האָבען געמוזט געהן צוריק אויס מאַנגעל אין פּלאַץ. דאָס איז געווען דער „ערשטער אויפטריט" פון דער אידישער „טאָקי" אין אַמעריקא און ניו יאָרק און אנדערע גרויסע אידישע צענטערס האָבען נאָכגע־פאָלגט דעם ביישפּיעל.

אויך דער סעזאָן פון 1930־1931 איז געווען זעהר א „לעבעדיגער". אָנגעפאַנגען האָט זיך עס מיט דריי טעאַטערע און געענדיגט האָט זיך עס מיט צוויי, איינער אַן אָפיציעלער, דער „אַרטש", אנערקענט פון דער אידישער אַקטיאָרען יוניאָן און דער צווייטער אַן אומאָפיציעלער, דער דזשיראַרד פאָלקס טעאַטער, וואָס איז, פּונקט ווי דער „גיבסאָן" מיט א סעזאָן פריהער, פאַרדאַמט געוואָרען פון דער אידישער אַקטיאָרען יוניאָן אַלס א „סקעב טעאַטער" מיט דעמזעלבען דיקשטיין

אלס דירעקטאָר. יענע צייט וועט אָבער פארשריבען ווערען אין דער געשיכטע פון אידיש טעאטער אלס דער סעזאן ווען פילאַדעלפיא איז שיער ניט געווארען די היים פון מאריס שווארץ׳ס אידישען קונסט טעאטער. אבער לאָמיר געהן כסדר.

אָנהויב סעזאן האָט מייק טאָמאַשעווסקי זיך פארבונדען מיט סעם אוערבאך און האָט איבערגענומען דעם גארדען טעאטער, פאר וועלכען עס איז אנגאזשירט געווארען א טרופּע מיט סיידי שעהנגאָלד אָן דער שפּיץ, צוזאמען מיט מישא קאל־טונאף, ריבא עדעלמאן, דזשעק שארגעל, פעני טאמאַשעווסקי, סילוויא פישמאן, דזשין יאוועליר, העלען בערנארדי, מאיר שווארץ און אנדערע. ווען דער טעאטער איז גענומען געווא־רען האָט סעם אוערבאך, ניט געוואוסט (אזוי האָט ער, אמוויי־ניגסטענס, שפּעטער געזאָגט) אז מייק טאָמאשעווסקי האָט געדונגען א טעאטער אין כינעזישען קווארטאל. מען האָט געעפענט דעם סעזאן, געשפּילט עטליכע וואכען, און דאָס טעאטער האָט זיך צוגעמאכט. טאָמאַשעווסקי איז דאן אוועק קיין ניו יאָרק און האָט אָפּגעמאכט מיט נייטהען און ראוז גאָלדבערג, אבער זיי האָבען חרטה געהאט און אָפּגעבראָכען דעם אָפּמאך מיט איהם. איז דער גארדען טעאטער געבליבען א וויילע פינסטער און ווען ער האָט זיך געעפענט, האָט מען דאָרט געשפּילט בורלעסק.

אין ארטש סטריט טעאטער איז אנגאזשירט געווארען א טרופּע. מעי סימאָן, סימאָן וואולף, היימי דזשייקאבסאן זיי־נען געווען די הויפּט באלעבאטים פון דער גרופּע מיט הערשעל צוקערבערג אלס זייער מענעדזשער. גרובער האָט געגעבען דעם טעאטער. אין אָנהויב איז אלס געגאנגען ווי געוואונשען. מען האָט געשפּילט טעאטער און דער עולם איז געקומען, אבער גאָר פּלוצלינג איז בעוואוסט געווארען אז מעי סימאן איז קראנק און אז זי מוז אוועקפאָהרען זיך אפּרוהען. הינטער די קוליסען האָט מען געוואוסט אז מעי סימאן פאָהרט אוועק, ווייל זי האָט ניט געקאָנט אויסקומען מיט צוקערבערג׳ן וועגען דעם אויסוואהל פון פּיעסען. הענריעטא שניצער איז געבראכט געווארען אויף איהר פּלאַץ. זי האָט געשפּילט עטליכע וואָכען

און נאָך איהר זיינען געקומען די גערמאַנס. ווען עס איז גע־קומען נעהנטער צום סוף פון סעזאָן איז מעי סיימאַן צוריק־געקומען, אבער ניט צו שפּילען, נאָר אפּצורעכענען זיך און קריגען איהר חלק. דאָס איז געווען אין א יאָהר, ווען דער קריזיס האָט זיך שוין געהאט איינגעגעסען אין די ביינער און מען האָט אָנגעפאנגען פיהלען אין אידישען טעאטער, ווייל אידען וועלכע האָבען געהאט א פּאָר סענט, האָבען מורא געהאט זיי אויסצוגעבען. עס האָבען שוין דאך אויך אָנגעפאנגען קראַ־כען די באנקען. האָט מען קיין גליקען ניט געקענט ערווארטען.

איידער מיר קעהרען זיך אום צוריק צו דער הויפּט סענזאַ־ציע וואָס האָט זיך אפּגעשפּילט אָנהויב סעזאָן דארפען פאַר־צייכענט ווערען עטליכע אינטערעסאנטע פּאסירונגען אין און ארום דעם ארטש סטריט טעאטער. אין יענעם סעזאָן זיינען צוויי יונגע און טאלאנטפולע שוישפּילער, מוני סערעבראוו און מרים קרעסין, געווארען מיטגלידער פון דער אידישער אקטיאָרען יוניאָן. אנשעל שאָר און דאָרא ווייסמאַן זיינען גע־קומען צוריק פון אייראָפּא. שאָר איז ארונטערגעטראָגען גע־וואָרען פון דער שיף אויף א סטרעטשער און איז א געוויסע צייט געווען אין דעם ניו יאָרקער בית ישראל האָספּיטאל. ער האָט געשוועבט צווישען לעבען און טויט, אבער ער האָט דעם מלאך המות באזיגט. ווען ער איז געקומען א געזונטער קיין פילאדעלפיא, האָט זיך געגרינדעט א קאָמיטע צו געבען איהם א קבלת פּנים. אין דער קאָמיטע זיינען געווען דזשייקאב גינצ־בורג, נייטען פליישער, אב. הירש, אדאלף ראָזענבלום, הערי בערגער, דזשייקאב ב. האָפּמאַן און אנדערע. די פאָרשטעלונג איז געווען איינע פון די ריהרענדסטע און אינטערעסאנטסטע פון יענעם סעזאָן. שעהן און אימפּאָזאנט איז אויך געווען ווי־ליאם סיגעלס 15 יאָהריגער יובילעאום אלס דראמאטורג וואָס איז געפייערט געווארען אין „ארטש”. דאָרט האָט אויך דוד באראטץ געפייערט זיין לעצטען עהרענאבענד, ווייל דעם נעקס־טען סעזאָן איז ער געשטאָרבען אויף דער ביהנע פון א ניו־יאָרקער טעאטער.

און איצט קומען מיר צו מאָרים שווארץ'ן, וועלכער איז

געווען דער העלד פון איינער פון די שפאנענדסטע דראמעס וואָס האָבען זיך אפגעשפילט ארום אידיש טעאטער אין פילא־דעלפיא. ווען מארים שווארץ איז געווען דאָ אין 1927 און מען האָט געפייערט זיין 10 יאָהריגען יובילעאום אלס דירעק־טאר פון קונסט טעאטער האָט ער אויסגעדריקט די האָפנונג, אז עס וועט קומען א צייט, ווען ער וועט זיך קענען באזעצען מיט זיין קונסט טעאטער ביי אונז אין שטאָדט. אין סעפטעמבער פון 1930 האָבען מארים בוירנס און דזשייקאָב קאָהן, דער געוועזענער דירעקטאר פון „ארטש", וועלכע האָבען געזוכט א מעגליכקייט צו עפענען א טעאטער אין פילאדעלפיא, געהערט אז מאָרים שווארץ, וועלכער האָט זיך געפונען אין ארגענ־טינא, האָט ניט בדעה זיך אומצוקעהרען צוריק קיין ניו יאָרק. האָבען זיי אוועקגעשיקט א קייבעל קיין ארגענטינא און מודיע געווען שווארץ'ן, אז זיי קענען קריגען פאר איהם דעם גיבסאָן טעאטער, אויב ער וויל קומען אהער. שווארץ האָט געקייבעלט צו דער „אידישער וועלט", אז ער קומט און פילאדעלפיא האָט אנגעפאנגען געהן אויף רעדלאך. קאָהן איז בעפאָלמעכטיגט געווארען צוזאמענצושטעלען א טרופע פאר שווארץ'ן. מען האָט געדונגען דעם גיבסאָן טעאטער. אין דערזעלבער צייט האָט עדעלשטיין, פון דעם ניו יאָרקער סעקאנד עוועניו טעא־טער, געריסען שטיקער פון שווארץ'ן ער זאָל קומען צו איהם. שוואַרץ האָט אָבער א „שוואַכקייט" פאר פילאדעלפיא, די שטאָדט אין וועלכער ער האָט זיין קאריערע אנגעפאנגען און ער האָט באשלאָסען צו באזעצען זיך דאָ. צוויי וואָכען פאר דער ערעפענונג איז שווארץ געקומען קיין פילאדעלפיא. ער האָט באזוכט די „אידישע וועלט" און האָט אויך גערעדט אויף דער ראדיאָ. מען האָט איהם געפיהרט ווייזען דעם גיב־סאָן טעאטער, און ווען ער האָט דערזעהן וואו דער טעאטער געפינט זיך, האָט ער געמאכט א געוואלד, אז „דער טעאטער שטעהט אין דרויסען". מאָרים בוירנס און די אנדערע אידען וועלכע זיינען געווען גרייט צו שטיצען שווארץ'ן מיט געלט האָבען ניט פארשטאנען וואָס ער מיינט. זיי האָבען געזעהן א טעאטער מיט פיער ווענט און א דאך, און ער האָט זיי גע־

זאָגט, אז דאָס טעאַטער שטעהט גאָר אין דרויסען. געמיינט האָט ער, ווי איהר וועט זיך אליין אָנשטויסען, אז דאָס טעאַטער איז אויף א טומעלדיגען פּלאַץ. שווארץ האָט געהייסען פארגרעסערען די ביהנע. דעמזעלבען אבענד האָט ער אויף דער ראַדיאָ געהאלטען א רעדע איינלאדענדיג די אידען צו קומען צו דער ערעפנונג, אבער די ערעפענונג איז קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, ווייל אזוי שנעל ווי שווארץ איז אוועק קיין ניו יאָרק, האָט איהם עדעלשטיין איבערגערעדט און ער איז אריין אין סעקאנד עוועניו טעאַטער. ער האָט זיך פארענטפערט, אז ניט ער האָט אָפּגענארט די פילאדעלפיער אידען, נאָר אז בוירנס און קאָהען האָבען איהם אָפּגענארט. ער האָט געמיינט, אז עס איז דאָ א גרויסע ביהנע מיט א סך סובסקרייבערס און געפונען האָט ער גאָרניט. בוירנס און די אנדערע שטיצער זיינע האָבען זיך שפּעטער געלאָדען מיט שווארץ'ן און דער סכסוך צווישען זיי איז ווי ניט איז „אויסגעפּרעסט" געוואָרען. פילאדעלפיא איז אבער געבליבען אָהן דעם קונסט טעאַטער.

דערווייל האָט דיקשטיין, וועלכער איז געבליבען אָהן פּרנסה, אָרגאַניזירט א „דזשיראַרד פאָלקס טעאַטער אסאָסיאיישאָן". ער האָט באוויזען די סטאָקהאָלדערס פון יענער געגענד, אז עס וועט זיך זיי לוינען צו שטיצען א טעאַטער, ווייל דאָס וועט אריינברייגנגען אן אויפלעבונג. די ביזנעסלייט פון יענער געגענד האָבען דיקשטיינען ארויסגעהאָלפען. זיי האָבען איהם געגעבען מתנות ביי זיין עהרענאבענד. געשפּילט האָט מען דאָרט וואָס פאר א „מאכערייקעס" מען האָט נאָר געקענט צוזאמענשטוקעווען. מען האָט געפּראוועט „בר מצוה'ס", געטיילט „טאוקענס" אויף קארפּעיר און געטאָן וואָס מען האָט נאָר געקענט, און אזוי האָט מען דערצויגען דעם סעזאָן. די היגע אידישע פּרעסע האָט דעם דזשיראַרד טעאַטער קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשאָנקען.

מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען וואָס פאר א פרייד עס האָט ארויסגערופען די נייעס וואָס די אידישע אקטיאָרען יוניאָן

האָט אָנהויב פון סעזאָן 1931־1932 באַקאַנט געמאַכט, אַז דערזעלבער דזשיראַרד טעאַטער וואָס איז פון איהר באַקעמפט געוואָרען, וועט זיך עפענען אַלס אידיש טעאַטער. עס איז געוועזן קלאָהר, אַז די יוניאָן האָט גענומען דעם שריט כדי ניט צו דערלאָזען אַז דיקשטיין מיט זיין חברותא זאָלען זיך קענען צוריק אַריינכאַפּען אַהין. די אידען וועלכע האָבען זיך אונ־טערנומען צו שטיצען אַ אידיש טעאַטער אין „דזשיראַרד" זיינען געוועזן איזראַעל זייגער, דזשאָזעף באַס, מ. מעלצער און מאַריס בוירנס אַלס מענעדזשער. ווען דאָס טעאַטער האָט זיך געעפענט מיט חנה און איזידאָר האָלענדער אָן דער שפּיצע, איז אין דער לאָבי געפּראַוועט געוואָרען אַ באַנקעט אונטער דער אויפזיכט פון דער אַסאָסיאיישאַן לכבוד ראובן גוסקין, דעם מענעדזשער פון דער יוניאָן און עס איז געוועזן ליהודים. אין „אַרטש" זיינען אַנגאַזשירט געוואָרען דאָראַ ווייסמאַן, סעם קעסטין, פעני לובריצקי, דוד פּאַפּער, דיינאַ גאָלדבערג און דייוו לובריצקי, פּרענסיס וויינטרויב, לאה נעמי, משה זיל־בערשטיין און אַנדערע מיט אַנשעל שאָר אַלס דירעקטאָר. משה שאָר איז געוואָרען דער דירעקטאָר פון „דזשיראַרד". וואו עס האָבען אויסער די האָלענדערס אויך געשפּילט קלאַראַ ראַפאַלאַ, לעאָן זיידענבערג, סעם גערשטענזאַנג, דזשוליוס רינגלער און מאַדאַם דיינאַ פיינמאַן. ביידע טעאַטערע האָבען אַבער קיין גוטע געשעפטען ניט געמאַכט. צוליעב אינערליכע רייבונגען אין דער דזשיראַרד אַסאָסיאיישאַן איז דער דזשיראַרד טעאַטער צוויי מאָל פאַרמאַכט געוואָרען אינמיטען סעזאָן. איינמאָל איז דער טעאַטער צוריק ערעפענט געוואָרען אַ דאַנק דער געלט־שטיצע פון מאַריס מאַריסאָן און דאָס צווייטע מאָל, ערב דעם עהרענאַבענד פון מאַדאַם פיינמאַן, האָט זיך דאָס טעאַטער ווידער צוגעמאַכט. הערשעל צוקערבערג איז געקומען פון ניו יאָרק גרייט איבערצונעמען דאָס טעאַטער, אַבער נאָך אַ רייהע פאַרהאַנדלונגען איז באַשלאָסען געוואָרען אַז צוקערבערג בלייבט בלויז דער מענעדזשער. מאַדאַם פיינמאַן איז אין פאַרלויף פון יענער צייט איינגעלאַדען געוואָרען פון איהרע קאָלעגען שוי־שפּילער אין „אַרטש" צו האָבען דאָרט איהר עהרענאַבענד.

שפעטער, ווען מען האָט דאָס טעאַטער צוריק ערעפענט, איז מאדאם פיינמאן צוריקגעקומען אין „דזשיראַרד", וואו עס האָבען גאסטראָלירט בארים טאָמאשעווסקי מיט רעגינא צוקער־בערג, לילית און גאָדיק, בעטי פרענק, און אנדערע ניו יאָרקער שוישפּילער געסט, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען יודעל דובינסקי, איזידאר קעשיר, דזשייקאב פרענק, מאלי קאָהען, פּסח'קע בורשטיין, און קלארא יאָנג, וועלכע איז אויפגעטראָ־טען לכבוד דעם יום טוב פון אידישען טעאַטער לעקסיקאָן. אין „דזשיראַרד" איז אויך יענעם סעזאָן געפייערט געווארען דער 50־טער געבורטסטאָג פון דעם באַריהמטען אידישען קאמפּאָ־זיטאר, יוסף רומשינסקי. אין „ארטש" האָבען גאסטראָלירט דזשעני גאָלדשטיין, מנשה סקולניק, סעמועל גאָלדינבורג, העלען זעלינסקאַיאַ, אוירווינג גראָסמאן, נח נאכבוש, מאקס און סאַ־בינא ראָזענטהאל, און מארים שווארץ, וועלכער האָט מיט דער „ארטש" טרופּע אויפגעפיהרט דער „געפאנגענער גאָט" און שלום אש'ס „גאָט פון נקמה". צו דער לעצטער פאָרשטעל־לונג זיינער זיינען געקומען טויזענדע אידען און טויזענדע האָבען געמוזט געהן צוריק אוים מאנגעל אין פּלאַץ. דעם 30טען דעצעמבער איז אין „ארטש" געפּראוועט געווארען דער 60־יאָהריגער יובילעאום פון אנשעל שאָר. עס איז געווען א גייסטיגער אבענד אין וועלכען דער וועטעראן פון אידיש טעאַטער האָט געקראָגען א סך בלומען, אפּלאָדיסמענטען און אויך א שעהנע אויפנאהמע. שאָר האָט ביי יענער געלעגענהייט אויפגעפיהרט די „מוני קיים", א פּיעסע וואָס איז געווען באַ־זירט אויף דער טרויעריג־באַריהמטער טאם מוני געשיכטע.

קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט אז עס וועט אזא זאך פּאַסירען, אבער אין דער טעאַטער וועלט איז אלץ מעגליך. ווער האָט דען געוואגט צו טראכטען, אז אנשעל שאָר וועט בלייבען דער איינציגער באלעבאָס אין „ארטש" און אז דזש. גרובער, זיין פּארטנער מיט וועלכען ער איז אזוי פיעל יאָהרען געווען פארבונדען אונטער איין דאך, וועט צום ערשטען מאָל אין זיין קאריערע בלייבען אן ארויסגעווארפענער? דאָס איז אבער געווען דער פאקט ווען דער סעזאָן פון 1932־1933 האָט

זיך אָנגעפאנגען. גרובער איז ארויסגעקומען מיט אן אטאקע אויף שאָר׳ן. ער האָט איהם באשולדיגט אז ער האָט איהם ארייננעשטאָכען א מעסער אין זייט און אז ער האָט הינטער זיינע פּלייצעס אויסגענארט ביים לענדלאָרד דעם ליעס. מאָרים בוירנס איז געווען דער „שדכן" צווישען דעם לענדלאָרד און אנשעל שאָר. גרובער איז געבליבען אין דרויסען. אנשעל שאָר איז איהם, נאטירליך, קיין ענטפער ניט געבליבען שולדיג. דער־זעלבער מארים בוירנס האָט אויך געהאט דעם ליעס אויף דעם אדעלפיא טעאטער, קאָר. בראָד און טשערי סטרס. און הערשעל צוקערבערג מיט לואי גאָלדשטיין, א געוועזענער פּרעזידענט פון דער אידישער אקטיאָרען יוניאָן און גוט באקאנטער טעא־טער מענעדזשער האָבען געדונגען דעם קאסינא טעאטער. זיי האָבען ארייננענומען גרובער׳ן. מען קאָן ניט לייקענען אז די סימפּאטי איז געווען אויף דער זייט פון דעם „ארויסגעוואר־פענעם" דזש. גרובער, צו וועלכען די סאָסייעטים וואָס האָבען יאָהרענלאנג געהאנדעלט מיט איהם, האָבען זיך א לאָז געטאָן קויפען בענעפיטס. די טרופּעס זיינען געווען ווי פאָלגט: „ארטש" — דארא ווייסמאן, דזשוליוס נאטאנזאן, סיימאָן וואולף, משה פעדער, עני לובין, לידיא סלאווא, דזשאנעט רינגלער, גוירטי וויניק, בערטהא גוטענטאג, חיים טויבער, בען געילינג, משה דאָרף, מאיר באראטץ, מנחם רובין איז אדווער־טייזט געווארען אלס איינער פון די סטארס און האָט אין דער לעצטער מינוט חרטה געהאט: „קאסינא" — מעי סיימאן, יאזעף שעהנגאָלד, בעטי פרענק, עטעל דארף, רעי שנייער, וויליאם זיגעלבוים, דוד מעדאף, עני זימאן און אנדערע. קיין שלום בית צווישען די מענעדזשערם פון „קאסינא" האָט ניט גע־הערשט און באלד נאָכדעם ווי דער סיזאן האָט זיך אָנגעפאנ־גען, איז לואי גאָלדשטיין אריבער אין „ארטש". צוקערבערג האָט געבראכט סעמועל גאָלדינבורג, וועלכער האָט זיך איבער־געבעטען מיט מעי סיימאן נאָך א רגזה וואָס האָט זיך געצויגען 12 יאָהר. לאנג איז אבער גאָלדינבורג אין פילאדעלפיא ניט געבליבען. די ביזנעס אין „קאסינא" איז געווארען וואָס אמאָל אלץ צרה׳דיגער אזוי אז אינמיטען דער נאכט האָט דאָס טעא־

טער זיך געמוזט איבערקלייבען אין „ארעלפיא”, וואו מאריס בוירנס האָט געהאט דעם ליעס, ווייל מען האָט ניט געהאט צו באצאָהלען דעם לענדלאָרד פון „קאסינא” דעם רענט. יעקב בן עמי, די גערמאנס, ליזא זילבערט און אנדערע אטרעקשאנס זיינען געקומען, אבער קיין ווײדזשעס פאר די אקטיאָרען איז אַלץ ניט געווען. האָט מען באשלאָסען צו ברײנגען מוני סע־רעבראוו. ער איז אדווערטייזט געווארען, אבער זיין אויפטריט האָט ער ניט געמאכט, ווייל דאָס ארעלפיא טעאטער האָט זיך געשלאָסען. צוקערבערג איז געבליבען אין דרויסען. אייניגע פון די אקטיאָרען האָט דאס ארטש סטריט טעאטער ארייגגע־נומען און די אנדערע זיינען געבליבען אָהן אנגאזשמאס.

איידער די טראגעדיע מיט דעם קאסינא טעאטער האָט זיך אָפגעשפילט, איז פילאדעלפיא אויפגעטרייסעלט געווארען פון א נייער פאסירונג ארום ענדע יאנואר. א טאָג נאָכדעם ווי דאָרא ווייסמאן האָט געפּראוועט איהר עהרענאבענד, האָט אנשעל שאָר באקאנט געמאכט אז ער פארלאָזט פילאדעלפיא. פאסירט האָט אָט וואָס: ווען בוירנס האָט געהאָלפען שאָר'ן קריגען דעם ליעס ביים לענדלאָרד באלד נאָכדעם ווי גרובער איז ארויסגעשטעלט געווארען פון טעאטער, האָט איהם שאָר גע־מאכט געוויסע פארשפרעכונגען, וועלכע בוירנס האָט גע'טענה'ט אז שאָר האָט ניט גוטגעמאכט.ביידע האָבען זיך צואווער־טעלט און ניט קענענדיג זיך אייניגען, איז שאָר ארויס פון טעאטער און האָט אינגיכען פארלאָזט פילאדעלפיא מיט זיין פרוי דאָרא ווייסמאן און דוד פּאפּער, אוועקפאָהרענדיג שפּי־לען אידיש טעאטער אין סאוטה אמעריקא. ווען בוירנס האָט אָפיציעל איבערגענומען דעם טעאטער, איז פארגעקומען א קאָנסטיטיבעל סייל צוליעב דעם וואָס דער ליעס האָט געדארפט געזעצליך טראנספערירט ווערען. עס איז געווען ניט מעהר ווי א לעגאלער שפּיעל, ווייל בוירנס האָט שוין געהאט דעם ליעס אין דער קעשענע, אבער יענע טראגיקאָמישע סצענע האָט בולט אפּגעשפּיגעלט דעם ביטערען סוף וואָס דער וועטעראן פון דער אידישער ביהנע, אנשעל שאָר, האָט געהאט און דעם חוזק פון דעם גאנצען איצטיגען אידישען טעאטער־מצב. מאריס בוירנס

האָט אָפּגעקויפט יעקב גאַרדינס בילד פאַר 30 סענט, אַנשעל שאָרס דעססק האָט געבראַכט 2 דאָלאַר, און די „פּאַר'יתום'טע" פּיאַנאָ פון אָרקעסטער איז אויך פאַרקויפט געוואָרען. מאָריס בווירנס האָט באַצאָהלט פאַר דעם גאַנצען „פאַרמעגען" 7 דאָלאַר מיט 30 סענט און איז געוואָרען דער געזעצליכער אייגענטימער פון דעם אָרטש סטריט טעאַטער, וואו דזשוליוס נאַטאַנזאָן האָט געשפּילט א גאַנצען סיזאָן כמעט איין פּיעסע „דער גאַליציאַנער שלומיאל". לואי גאָלדשטיין, דער מענעדזשער, האָט דאָן אַרויסגעוויזען גרויס חריפות אלס עקספּערט אויף צוזאַמענצו־האַלטען די טרופּע ביז ענדע סעזאָן און ווען מען האָט געפּראַ־ווועט זיין עהרענאַבענד, איז ניט קיין אַנדערער ווי מוני וויי־זענפריינד, א יוגענד־חבר זיינער, וועלכער האָט זיך גראַד גע־פונען אין פילאַדעלפיא, געקומען צו זיין באַנקעט.

איצט קומען מיר צו דעם 1933 סעזאָן, וואָס איז נאָך אַזוי פריש אין אונזער אַלעמענס זכרון. דער „גענעראַל־שטאַב" פון דער טרופּע אין „אָרטש", באַשטעהט פון לואי גאָלד־שטיין, סיימאָן וואָולף, מאָריס בווירנס און דזש. גרובער, וועלכער איז „צוריק ביי זיך אין דער היים". אָן דער שפּיצע פון דער טרופּע געפינט זיך דער טאַלאַנטפולער וואַרשעווער קאָ־מיקער, יצחק פעלד, וועלכער האָט ביז איצט באַוויזען צו מאַכען א רושם אלס כאַראַקטער קאָמיקער. די אַנדערע מיט־גלידער פון דער טרופּע זיינען עמיליא אַדלער, העלען בער־נאַרדי, ראָוז וואַלערשטיין, לואי און מיני בירנבוים, מאָריס זיידמאַן, מאיר האַניגמאַן, אַדאָלף ערבער, מוריעל גרובער, ליאַלאַ שפּיעלמאַן, דוד פּאַפּער, מאַרטי באַראַטץ און גאָלדי אייז־מאַן, יעקב מושניצקי איז דער מוזיק־דירעקטאָר, סיימאָן וואָולף, דער דראַמאַטורג, פאַרנעהמט א דרייפאַכע פּאָזיציע — אלס דראַ־מאַטורג, שוישפּילער און שותף.

צו די היסטאָרישע פּאַסירונגען פון דעם סעזאָן מע־גען צוגעשריבען ווערען דער 25־יאָהריגער יובילעאום פון לואי גאָלדסטיין אלס טעאַטער־מענש וואָס איז געפּראַוועט גע־וואָרען אין „אָרטש" דעם ערשטען פעברואַר און אויך סיימאָן

וואולף׳ס אויפפיהרונג פון דער ערשטער פיעסע וואָס א פילאַ־דעלפיער אידישע פרוי, סאָפיע סעיברין, האָט אָנגעשריבען.

* * *

די געשיכטע פון אידישען טעאטער אין פילאַדעלפיא איז דיזעלבע ווי אומעטום וואו מען שפּילט אידיש טעאטער. דער פּרעסטיזש און דער מאָראַלישער ערפאָלג פון דער אידישער ביהנע אלס א קולטור אינסטיטוציע צו באַלעהרען און צו ערציהען דאָס פאָלק — איז ניט אימער געגאַנגען אין א גלייכער ליניע, נאָר געהויבען זיך און געפאַלען לויט דעם קאפּריז פון די טעאַ־טער מענעדזשערס און פון דעם סאָרט שוישפּיעל און רעפּער־טואַר וואָס איז געגעבען געוואָרען אין דעם אידישען טעאטער; די אייביגע טענות פון די מענעדזשערס זיינען: אז דאָס פאָלק זוכט ניט אין טעאטער קיין בילדונג און ניט קיין מאָראַל, אז דער אידישער יונגערמאַן און פרוי, און זיי זיינען אין מעהר־צאָהל, וואָס באַזוכען טעאטער, קומען אין טעאטער צו אמוזירען זיך, צו פאַרגעסען זייערע צרות און טעגליכען זאָרג. און דערפאַר מוז מען דעם פאָלק אונטערטראַגען וואָס ער פאַר־לאַנגט און נעמליך: א פרעהליכע פּיעסע מיט געזאַנג און טענץ, א וויציגען און פעפערדיגען קופּלעט מיט אנצוהע־רענישען, און דערצו פאַרבייסען מיט עפּעל, אראַנדזשעס, קענדי, אייזקריעם און סאָדאַ וואסער צווישען די אקטען — זאָל „משה" זיך פיהלען היימיש ווי אויף א אידישער שמחה.

דאָס זיינען די ארגומענטען פון דעם אידישען טעאטער מענעדזשער, וואָס מוז קודם כל זאָרגען פאַר די וואָכעדיגע, מאַטעריעלע נויטען פון אידיש טעאטער, נויטען און באַדער־פעגישען וואָס זיינען אזוי פיעלפאַך און קאָסטבאַר ווי ארויס־געבען דאָ א אידישע צייטונג.

דער בעסערער קלאַס טעאטער באַזוכער, דער ענטוויקעלטער ארבייטער און דער אינטעליגענט, פאָדערען פון אידיש טעאטער בעסערע ליטעראַרישע פּיעסען מיט א רייכען אינהאַלט, וואָס זאָלען דורך אמת׳ן טאַלאַנט און קונסט אויף דער אידישער ביהנע שילדערן דאָס לעבען מיט זיינע ליכטיגע און שאָטענ־

דיגע זייטען, וואָס זאָל באלעהרנען, באלייכטען און באגייס־
טערען. אזוי אז נאָך יעדער פאָרשטעלונג זאָל זיך וואָס צוקלע־
פען, זאָל מען עפּעס וואָס מיט זיך מיטנעמען וואָס פארפיינערט
און פארערעלט.

און אז דער באלעזענער און ענטוויקעלטער טעאטער ליעב־
האָבער געפינט דאָס ניט אין אידישען טעאטער — ווייכט ער
פון איהם און דערווייטערט זיך פון אלץ וואָס האָט צו טאָן מיט
אידישער שוישפּיעל און אידיש טעאטער.

עס ליגט א שטיק אמת אין די טענות פון די ביידע צדדים.
אזוי לאנג ווי אידיש טעאטער איז פון דער געזעלשאפט ניט
סובסידירט, אזוי לאנג ווי דאס אויפהאלטען פון אזא קאסטבארע
אינסטיטוציע ווי אידיש טעאטער איז אנגעוויזען אויף פּריוואט
אונטערנעמער קען אידיש טעאטער ניט עקזיסטירען פון דער
קליינער צאָהל אינטעליגענטען מיט א עסטעטישען געשמאק,
וואָס פאָדערען א מארערנעם אידיש טעאטער מיט ערשטער
קלאַס שוישפּילער, מיט ליטערארישע פּיעסען פון בעסטען
סאָרט.

ווי אידעאליסטיש און באוואוסטזיניג א אידישער שויש־
פּילער זאָל ניט זיין, וועט ער לאנג ניט פארבלייבען אויף דער
אידישער ביהנע, אויב דאָס מענעדזשמענט וועט איהם ניט
צאָהלען פּינקטליך זיין הויכען געהאלט לויט זיין גרויסען טאַ־
לאנט באַרעכטיגט איהם דערצו, און דערפאר האָבען מיר אָהן
א צאָהל אידישע טעאטערע וואָס שטרעבען צו צופּאסען זיך
און צופרידענצושטעלען דעם געשמאק פון פאָלק, וועלכען מען
האָט איינגעוואהנט צו געהן אין טעאטער נאָר צו אמוזירען
זיך און פרעהליך מאכען און איהם קיצלען מיט ביליגען הו־
מאר און שונד, און ניט מעהר.

און אזוי איז עס ביז היינטיגען טאָג אידיש טעאטער. א
סעזאָן, אדער בעסער געזאָגט, א האלבער סעזאן שפּילט מען
„אויף פארלאנג" בעסערע ליטערארישע פּיעסען און נאכהער
טרעט איין די רעאקציע, א לאנגער, אונענדליכער סעזאָן פון
שונד און באנאלע אפּערעטעס און מעלאָדראמעס.

נ. ב. — צום שלום זיל איך באדאנקען די הערן און באַזונדערס די מאמע פון דער אידישער ביהנע מאדאם בינע אבראמאָוויטש, וואָס האָט מיר געהאָלפען מיט אינפאָרמאציע וועגען די ערשטע יאָהרען פון טעאטער שפּילען אין פּילאדעלפּיא.

א שעהנעם און הערצליכסטען דאנק צו חבר און קאָלעגע ס. רעגענסבערג, טעאטער עדיטאָר פון דער „אידישער וועלט" מיט וועלכענס ערלויבנים איך האָב זיך באנוצט צו איבערדרוקן א טייל פון זיין ארטיקעל איבער אידיש טעאטער אין פילאדעלפיא פאר די לעצטע 20 יאָהר און וואָס איז ערשינען אין 20 יעהריגען יובילעאום נומער פון דער „אידישער וועלט".

א גרויסען דאנק דעם טעאטער־קריטיקער, אהרן קאנעווסקי, וואָס איך האָב זיך באנוצט מיט זיין ארטיקעל וועגען אידיש טעאטער, וואָס איז ערשינען אינ'ם יובילעאום נומער פון „טאָג", ווי אויך שפּרעך איך אוים מיין הערצליכען דאַנק צו די מענעדזשערס פון אידישען טעאטער אין פּילאדעלפּיא. ואחרון, אחרון חביב. איך בין זעהר דאנקבאר צו דעם געלערנטען דאקטאר דזש. בלאך, לייברעריען פון פּאָבליק לייברערי אין ניו יאָרק פאר אויפזוכען פאר מיר א וואָכענבלאט פון 46 יאָהר צוריק פון וואנען איך האָב געקראָגען אינפארמאציע פון די ערשטע יאָהרען פון אידישען טעאטער אין פילאדעלפיא.

# נאָרדערן ליבערטי האָספּיטאַל

## (אידישער שפּיטאל אין צפון זייט פון שטאָדט)

פון דער צייט וואָס האָט זיך עטאבלירט דער מאונט סינאַי האָספּיטאל אין דעם נידעריגען פּערטעל פון שטאָדט, דאון טאון — איז פאָרגעקומען א גרויסע, ראדיקאלע ענדערונג אין דער אידישער באַפעלקערונג פון אונזער שטאָדט.

אין די קווארטאלען פון די אמאָליגע רייכע בעלי־בתים, אין די ליידיג פארבליבענע הייזער האָבען גענומען זיך אריינ־ציהען דער ארבייטער און מיטעל־קלאַס מענשען.

אזוי געפינען מיר דער געגענד פון צפון (נאָרד) מארקעט סטריט ביז דזשערארד עוועניו און פון דער צווייטער ביז דער 10טער נאָרד, א שטרעקע פון הונדערט גאסען ווערט באזעסען און באוואוינט פון דעם מיטעלען און ארבייטער קלאַס, דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען אידישע פאמיליען.

און אזוי, גאָר אין א קורצער צייט האָבען זיך געבילדעט אין דעם נאָרטהערן טהייל פון שטאָדט א גרויסע אידישע קהילה, א אידישע קאָמיוניטי מיט אלע קליפערלאך. מען שאצט די אידישע באַפעלקערונג פון יענעם געגענד ביז 50 טויזענד אי־דישע נפשות. כן ירבו.

ווי געזאָגט איז דער טהייל פון שטאָדט, נאָרד פון מאר־קעט, וואָס רופט זיך „נאָרטהערן ליבערטים", א שטאָדט אין זיך זעלבסט און עס האָט זיך שטארק געפיהלט די נויטווענדיגקייט אין א מעדיקאל צענטער, וואָס זאָל דיענען די מעדיצינישע נויטען און קראנקען צופעלע, און פארהיטען דאָס געזונד און לעבען פון אן אלגעמיינער געמישטער באַפעלקערונג פון איבער 100 טויזענד מענשליכע נפשות. אזוי איז געקומען אין לעבען דער „נאָרטהערן ליבערטי האָספּיטאל".

שטיל, באשיידען און אָרים, ווי דער קלאַס מענשען זעלבסט וועלכע ער איז באשטימט צו דינען, איז געוועזן די געבורט, די גרינדונג פון דעם נאָרטהערן ליבערטי האָספּיטאל.

צו אלץ דארף מען האָבען מזל, זאָגט א אידישער גלייכ־ווערטעל, און דער נ. ל. ה. האָט ניט געהאט דעם מזל צו גע־בארען ווערען אין א זיידען העמדעל. ער האָט ניט געהאט דאָס גליק צו האָבען אין דער משפחה א רייכען קוואטער אדער א סנדק, א נגיד ווי עס איז געווען דער פאל מיט דעם האָספיטאל אין דעם נידעריגען פערטעל פון שטאָדט. מענשען ניט פון הויכען שטאנד, ניט קיין פּריווילעגירטע, נאָר מיט א מעסיגען לעבענס שטיינער, מענשען פון פאָלק זיינען געווען די, וועלכע זיינען געשטאנען ביים וויגעלע פון דעם נ. ל. ה. געגרינדעט אין יוני 1921 מיט די פאָלגענדע בעאמטע: נייטהען קושניר, פּרעזידענט; דר. הערי א. סטאמבלער, וויים־פּרעז.; טש. ליפשיץ, טרעזשורער און דר .סעמועל ברוק, סעקרעטאר און ל. וויינפעלד, לואיס שנייער, לואים בריקליין, מ. זוסמאן, בענדזשאמין דורניק, מאקס מייער און אלעקסאנדער נ. רובין, עסקווייער — אלס באארד אף דירעקטארס.

ווי געזאָגט איז דער טשארטער ארויסגענומען געווארען אין 1921, אבער עס האָט גענומען איבער 3 יאָהר צייט ביז עס איז געזאמעלט געווארען די נויטיגע פאנדען געלד צו בילדען דעם האָספּיטאל, און ערשט אין 1925, פעברואר דעם 25טען, האָט זיך געעפענט דער האָספּיטאל פאר באהאנדלונג און אויפנעמען קראנקע און זיי באדינען און זיי, נאָך די אומשטענדען, אויס־היילען און געזונט מאכען.

שווער און אנגעשטרענגט איז געגאנגען די ארבייט די ערשטע צייט פון אָרגאַניזירען דעם האָספּיטאל, וועלכער איז מיט זיין עקזיסטענץ און אויפבוי געווען אָנגעוויזען אויף דעם גוד וויל און סימפּאטיע פון א קליינער צאָהל פריינד און סימ־פּאטייזער; — די פאָרשטעהער און מאכטהאָבער פון דער היגער אָרגאַניזירטער געזעלשאפט האָבען געקוקט בייז און קרום און האָבען ביז איצט נאָך טענות פארוואָס זיי האָבען געוואגט אָהן דער ערלויבעניש פון די צדקה אויטאָריטעטען צו עפענען דעם האָספּיטאל.

דאָך האָבען די פּיאָנערען און גרינדער זיך ניט אפּגעשרא־קען און זיינען ניט ענטמוטיגט געווארען — מיט דעם פולען

באוואוסטזיין, אז דאָס פאָלק און די אידישע געמיינדע וועט סוף כל סוף, ווי געהעריג, אָפּשאצען און אנערקענען די גוטע ארבייט פון לייסטען שנעלע הילף און רעטען צייטליך פיעלע קראנקע און אומגליקליכע פון אן אומצייטיגען טויט און פאר־לענגערטע קראנקהייטען, האָבען די טאַטעס פון דעם ווירדיגען און וויכטיגען היילונגס־אנשטאלט, נאָרדערן ליבערטי האָספּי־טאל, מוטיג געקעמפט און מיט דער צייט אויך געוואונען מעהר פריינד און סימפּאטייזער, אידען און ניט אידען, אזוי אז דער אנשטאלט איז איצט אנערקענט געווארען ביי דעם סטייט פּענ־סילווייניע, וועלכער שטיצט דעם האָספּיטאל מיט 10 טויזענד דאלאר יעהרליך.

געוויס איז די הילף פון שטאַט, ווי שעהן און באדייטענד עס זאָל ניט זיין — געוויס איז די הילף צו קליין, ניט גענוג — ווייט ניט גענוגענד צו אויפהאלטען אן אינסטיטוציע , ווי דער „נאָרטהערן ליבערטי האָספּיטאל" מיט זיינע 58 בעטען פאר קראנקע און די צעהנדלינגע טויזענדער קראנקע און ליידענדע וואָס קומען טאָג־טעגליך אין די דיספּענסערים און קליניקס נאָך מעדיצינישער ראטה און הילף. דער האָספּיטאל איז דארום, אויסער די שטיצע פון סטייט, נאָך אנגעוויזען מיט זיין עקזיס־טענץ אויף די מאָנערע צאהלונגען פון קראנקע וואָס געפינען זיך פון צייט צו צייט אין די וואָרדס און אין די פּריוואט צימערן פון האָספּיטאל. און אזוי ווי דער קלאס פּאציענטען וואָס קומען אין האָספּיטאל פאר קוראציע זיינען ניט פארמעגליך, באזונ־דערס אין די לעצטע 5 יאָהר פון קריזיס און דעפּרעסיע ,איז דער האָספּיטאל געצוואונגען פאראנשטאלטען יעהרליך א קאמ־פּיין פאר שטיצע וואָס קומט פרייוויליג פון אָרגאניזאציעס און יחידים, וועלכע סימפּאטיזירן און שעצען די הומאניטערע רעטונגס־ארבייט פון נאָרטהערן ליבערטי האָספּיטאל.

עס איז אן אונבאשטרייטבארער פאקט, אז ווי ווייט עס איז נויטיג, אונבאדינגט נויטיג, אום געהיילט צו ווערען, דער קראנקער, דער פּאציענט זאָל און מוז אויספאָלגען דעם אָרדער פון זיין דאקטאר: נעמען פּינקטליך אין צייט דעם פארשריבענעם מעדיצין, היטען די ריכטיגע דיעטע און נעמען זיך גענוג צייט

צום רוהען — אזוי פיעל, אויב ניט נאָך מעהר, איז אויך וויכ־
טיג און נויטיג פאר דער ערהאָלונג פון די קראנקע — די מענש־
ליכע און סימפאטישע באהאנדלונג פון די ארומיגע, אָנגעפאנ־
גען פון דאקטאר ביז דער באדינערשאפט. א פריינדליכער בליק,
א סימפאטישער וואָרט און די אטמאָספערע ארום דעם קראנקען
שפילט א זעהר וויכטיגע ראָלע אין דעם שנעלען אויפקומען,
און דעם פאָלקאָמען געזונט ווערען פון די קראנקע, וועלכע
געפינען זיך אונטער דעם שוץ פון דעם אנשטאלט.

דער נאָרטהערן ליבערטי האָספיטאל, ווי ווייט איך האָב
ערפאהרען און זעלבסט זיך איבערצייגט איז מיט זיין באהאנד־
לונג די קראנקע מעהר ווי א האָספיטאל. דארט פיהלט דער
קראנקער ניט נאָר ווי אין א האָספיטאל, נאָר ווי אין א היים.
די דאָקטוירים, די נוירסעס און די באדינערשאפט — באציהען
זיך צום קראנקען ווי צו אן אייגענעם, מיט פריינדשאפט און
היימליכקייט. די אטמאָספערע איז א היימישע, אן אינטימע,
א באלעבענדע.

און ווער קען עס פיהלען און שעצען אזוי שטארק, אזוי
ערנסט, ווי דער אידישער מאן און די אידישע פרוי פון עלטערן
דור, וואָס איז רעליגיעז געזאָגען, קען ניט פארטראגען ניט־
אידישע מאכלים ווען עס איז ערלויבט ביים דאקטאר צו עסען
פון געוועהנליכען עס־טיש. און דאָס שלימסטע איז, ווען דער
קראנקער אדער די קראנקע קען זיך ניט אזוי דייטליך פאר־
שטענדיג מאכען דורך דער ענגלישער שפראך.

דיזער עלעמענט פאציענטען פון דער אלטער היים מיט
זייערע היימישע זיטען, שפראך און קאפריזען — זיי זיינען
די מעהרסטע, וועלכע פאטראָניזירען דעם נאָרטהערן ליבערטי
האָספיטאל. און דארום, אין דעם פאָרבארייטען די שפייז פאר
די קראנקע, ווערען אויסגעמידען די מאכלים, וואָס זיינען אויס־
געשלאָסען פון דער אידישער קיך ווי חזיר, פעטס און דאָס־
גלייכען, און ווי ווייט מעגליך ווערט כשרות אָפגעהיט.

דאָס מיינט ניט צו זאָגען, אז ניט אידען פון אנדערע נא־
ציאָנאליטעטען, ראסע אָדער קאָליר קריגען ניט דיזעלבינע
מעדיצינישע באהאנדלונג. ווייט פון דעם. צום אלעם ערשטען

איז דער נאָרדהערן ליבערטי האָספּיטאַל אַן אונפּאַרטייאישער, אַלטרואיסטיש און הומאַניטאַריען, אדער ווי מען רופט עס אין ענגליש (נאָנסעקטעריען). אלע וואָס קומען דאָרט ווערען גלייך טריי און אויפריכטיג באהאנדעלט. סיי איד, סיי קריסט, סיי ווייסע און סיי קאָלירטע — פאר דעם היילונגס־אנשטאלט זיי־נען אלע גלייך — מענשען הילפלאָזע, ליידענדע און זיי זיינען בארעכטיגט צו דער הילף וואָס נאר די מעדיצינישע פּראָפעסיע קען זיי לייסטען.

דער האָספּיטאַל באשטעהט פון דריי בילדינגס הייזער: דער האָספּיטאַל און צוויי זייטיגע הייזער. די לאַבאָראַטאָרי הויז און די נוירסעס, (קראנקען שוועסטער) היים.

דער האָספּיטאַל זעלבסט ענטהאלט 3 פלאָרס (סטאָרישען) מיט א בייסמענט (קעלער־הויז). אויף דעם ערשטען פלאָר גע־פינט זיך די אדמיניסטראציע מיט די אָפיסעס פון די דאקטוירים און סופּעראינטענדענט (אויפזעהער) דער צווייטער פלאָר איז פאר מענער און באָיס קראנקע ,אלגעמיינע אבטיילונג און פּריי־וואַטע צימערן פאר קראנקע וואָס באצאָהלען פאר עקסטרא בא־האנדלונג און באדינערשאפט, וועלכע איבער דעם עקאָנאָמישען קריזיס זיינען זעלטען. דער דריטער פלאָר (סטאָרש) איז די פרויען אבטיילונג פאר אלגעמיינע קראנקע און פאר פרויען געווינערינס (מאַטוירניטי). צוזאמען געפינען זיך אין דעם האָס־פּיטאַל 58 בעטען מיט די נויטיגע סאַניטארע און מעדיצינישע באקוועמליכקייטען, וועלכע ווערען באדינט פון איבער 30 דאקְ־טוירים און 16 גראדואירטע, אויסגעשטודירטע און 6 געהילף קראנקען שוועסטער, נוירסעס, וועלכע האָבען זייער האָספּיטאַל היים דערביי אין פרענקלין און 7טע סטריט. אויף דעם גראונד פלאָר אין אונטערשטען סטאָרש געפינט זיך די דיספּענסערי, וועלכע באהאנדעלט אין די 8 קליניקס פון 50 ביז 100 קראנקע טעגליך. דאָרט געפינט זיך אויך דער דראָג סטאָר וואו די אויט־סייד קראנקע באקומען די מעדיצינען, מערהסטע פריי.

די 8 קליניקס אין דער דיספּענסערי באהאנדלען יעדע אב־טהיילונג קראנקע אין דער מעדיצינישער וויסענשאפט און פּראַקטים. אלע מאָדערנע אינסטרומענטען און די לעצטע ערפינ־

דונגען אין דער מעדיצינישער און טעכנישער צווייגען געפינען זיך דאָרט; עס וואַרפט זיך אין די אויגען און מען באַוואונדערט ווי דיזער נייער און יונגער האָספיטאל פארמאָגט אזוינע רייכע און קאָסטבארע אינסטרומענטען און מאשינערי צו באקעמפען די פילע און פארשיידענע אָרגאַנישע קראנקהייטען מיט וועלכע די מענשהייט אין אונזערע מאָדערנע צייטען זיינען אזוי גע־שטראָפט און געפּלאָגט.

אין איינעם פון די קליניקס איז אויך איינגעפיקסט דער עקס־ריי (רענגענטען שטראהל) צימערן מיט אלע נויטיגסטע אימפּרואוומענטס און א באזונדער רום איז רעזערווירט פאר ברית מילה פאר די קינדער זכרים וואָס ווערען געבוירען אין דער מאטוירניטי פון האָספּיטאל.

אין דעם ענעקס בילדינג, (צוגעבויטע הויז) די צווייטע פון האָספּיטאל איז איינגעאָרדנט די 3 לאבאָראַטאָריום צימערען און א קלאס רום פאר מעדיקער־טעכנישענס; אין דער זעלבער בילדינג געפינט זיך אן עקסטרא קליניק מיט קאָסטבארע עלעק־טריק מאשינערי פאר לונגען קראנקע. דורך דיזען אפּאראַט קען מען זעהן און ארונטערנעמען אזוי ווי פאָטאָגראפיש די סמנים אויף די לונגען וואָס זיינען פון דער שרעקליכער קראנק־הייט אנגעגריפען. אין דער זעלבער הויז געפינט זיך די וואהנונ־גען פון די האָספיטאל דאקטוירים.

עס איז וויכטיג און אינטערעסאנט צו לעזען וואָס דער באַ־ריהמטער וויסענשאפטסמאן, בעמיקער און באקטעריאלאָגיסט, פּראָפעסאר לואיס נערשענפעלד האָט צו זאָגען וועגען דעם „נאָרטהערן ליבערטי האָספיטאל".

אין אן ארטיקעל, ספּעציעל געשריבען דעם 9טען דזשולייי 1933, פאר דער ענגלישער פּיידזש פון „די אידישער וועלט", דריקט זיך דער אידישער געלעהרטער אויס ווי פאָלגט:

„דער נאָרדהערן ליבערטי האָספיטאל" איז א אינסטיטוציע פון דער היגער אידישער געמיינדע און דיענט פאר זעהר נוצ־לאכע צוועקען. דיזער האָספּיטאל צום אלעם ערשטען דינט פאר אלגעמיינע פילאנטראָפּישע צוועקען, פאר אידען און ניט־אידען צונלייך. זיינע טיהרען זיינען אָפען פאר די ארימע, פאר דעם

מיטעלקלאס און אויך פאר דעם רייכען — אלע ווערען דאָרט גלייך באהאנדעלט און געהיילט און זיי ווערען ווידער געזונט גע־מאכט. אלע וואָס וואוינען אין אונזער שטאָדט פון ברודער־ליבע זיינען באקאנט מיט דער געדריקטער לאגע און מיט די ארימע אומשטענדען פון דער נאכבארשאפט, וואָס געפינט זיך ארום דעם נאָרדהערן ליבערטי האָספּיטאל — דארף מען דען נאָך אויפמערקזאם מאכען אויף דער נויטה און ארמוטה פון אידען און ניט־אידען זיינען דאָרט פיעל גרעסער אין פּראָפּאָר־ציע פון די אידען, וועלכע וואוינען אין אנדערע אידישע טיילען פון שטאָדט ? ! דער ארימער און נויטהליידענדער קראנקער אין דיזער נאכבארשאפט ווערט מעדיציניש באהאנדעלט און אין די מעהרסטע פעלע קריגט דער קראנקער זיינע מעדיצין פון האָס־פּיטאל פריי און אונענטגעלטליך, דערפאר וואָס דער ארימער פּאציענט פון יענעם געגענד פארמאָגט ניט אפילו די 15 סענט צו באצאָהלען פאר דעם מעדיצין וואָס קאָסט דעם האָספּיטאל אליין און אזא קראנקער פארמאָגט אויך ניט די 15 סענט צו באצאָהלען פאר דער קאר־פעיר, ווען ער זאָל וועלען געהן אין א ווייטען האָספּיטאל זיך קורירען.

עס קען גאָר קיין פראגע ניט זיין אין דער וויכטיגקייט און נויטווענדיגקייט פון דער „נאָרדערן ליבערטי האָספּיטאל" און עס איז צייט, אז די אידישע געמיינדע אין פילאדעלפיע זאָל באַ־וואוסטזיניג זיך פיהלען פאראנטוואָרטליך פאר דער עקזיסטענץ און דעם דערפאָלג פון דעם „נאָרדערן ליבערטי האָספּיטאל" אין אונזער שטאָדט.

## מאונט סינאַי האָספּיטאל

די אידישע געשיכטע פון לעצטען יאָהרהונדערט און אויך אין אונזערע צייטען איז רייך מיט פאקטען און עפּיזאָדען פון אידישען לעבען, ווען די פארטיילונג פון פארטייען און קלאסען צווישען אידען האָט זיך פארשארפט, ווען די גלייכבארעכטיגונג פון אידען אין א לאַנד האָט פארבלענדעט אלעמען די אויגען און די וואָהלהאבענדע אידען נעמען זיך אסימילירען און פאר־

איינינגען זיך מיט דעם הערשענדען קלאס און זיי דערוווייטערן זיך פון די אידישע מאסען. — ווען, זאָגען מיר, דער אידישער אינטעליגענט, דער פּראָפעשאָנאַל און דער אידישער געלד־אריסטאָקראַט מיינען שוין אז דאָס לאנד וואָס האָט איין מאָל פּראָקלאַמירט פרייהייט און גלייכהייט פאר אלע זיינע מיט־בירגער — וועט זיי, די אידען אויך געבען די פולע רעכט און אלע פּריווילעגיעס צו פארקעהרען מיט זיי ווי מיט גלייכע מיט־מענשען, געזעלשאפטליך, און זיי וועלקאָמען צו זייערע פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאלע סאָסייעטיס און קלובען, דאן געפינען זיי באלד אויס זייער גרויסען און ביטערן טעות און זיי, די אי־דישע אסימילאנטען, די רעפאָרמירטע אידען איבערצייגען זיך, אז זיי האָבען געמאכט דעם חשבון אָהן דעם בעל הבית און אז די אמת'ע בעלי בתים פון לאנד זיינען גאר די ניט־אידישע בירגער, די אריער, די נאָרדיקס, די זיהן און די טעכטער פון דער אמעריקאנער רעוואָלוציע.

אין סוף פון די ניינציגער יאָהרען פון לעצטען און אין אָנפאנג פון דיזען יאָהרהונדערט, האָט די אידישע עמיגראציע פון מזרח־אייראָפּא גענומען שטראָמען אין דיזען לאנד אין אן אומבאגרעניצטער צאָהל און אין דערזעלבער פּראָפּאָרציע איז די אידישע באפעלקערונג ביי אונז אין פילאדעלפיא אויסגעוואקסען און זיך פארשפרייט אין אלע געגענדען פון שטאָדט.

צום אלעם ערשטען האָבען זיך די אידען באזעצט און איינגעווארצעלט אין דעם נידעריגען פערטעל פון שטאָדט צווי־שעןביידע טייכען, דעם דעלאוועאר און סקולקיל — גאנצע גאסען אין דער לענג און דער ברייט פון דאון־טאון זיינען ווי איבערנאכט אויסגעוואקסען און געדיכט באזעצט געווארען מיט דעם מיטעלען און ארבייטער קלאסען; א אידישער תושב פון צענטער אדער פון אנדערע געגענדען איז שטאָדט, אז ער איז אין א צייט ארום געקומען צוליעב געשעפט וועגען אדער צו באזוכען א פריינד, האָט ער דעם געגענד שוין ניט דערקענט, ממש א שטאָדט פאר זיך זעלבסט. ניט אומזיסט האָט דער געדיכט־באזעצטער דאון־טאון באקומען דעם נאָמען „די נייע אידישע פילאדעלפיא". באלד זיינען דאָרט צוגעקומען אלע

אטריבוטען פון א שטאָדט: שוהלען און בתי מדרשים האָבען זיך געעפענט אויף אלע זייטען און אזוי אויך תלמוד תורות, סאָסייעטיס און פאראיינען האָבען זיך שנעל ארגאניזירט; א ביזנעס סטריט, די באריהמטע זיבעטע איז געווארען דער צענטער און דער לעבענס־נערוו פון צעהנדליגע טויזענטער אידישע היימען וואָס האָבען באוואוינט דעם שטח זיעד פון וואשינגטאָן עווענין ביז ווייט ארונטער צו ארעגאן עווענין... אלץ און אלע אנדערע אינסטיטוציעס האָבען זיך די אידען פון דאון־טאון איינגעשאפט אויסער איינע. עס האָט געפעהלט א פּלאץ וואו, אז עס פאסירט אן אומגליקספאל, אן עקסידענט, פּלוצלינג ווערט אימיצער קראנק אין דער פאמיליע וואָס נויטיגט זיך אין באלדיגע און שנעלע מעדיצינישע הילף מיט דער פּראָפעסיאָנעלער באדינונג פון א שטודירטער נוירס, קראנקען־שוועסטער; עס טרעפט אן אומגליק אין מיטען גאס, א קינד אָדער א גרויסער ווערט איבערגעפאהרען פון א שווערען טראָק אָדער מאשין — אן אָפעראציע איז פיליייכט דער אייגציגער וועג צו ראטעווען א מענשענ'ס לעבען, ווען עס ווערט גלייך אטענדעט, דורכגעפיהרט, ווארום א מינוט פארזאמט איז א לע־בען פארלאָרען.

עס האָט געפעהלט א אידישע אינסטיטוציע וואָס זאָל זיין סימפאטיש צו דעם אידישען אומגליק — עס האָט געפעהלט אן אמת'ער אידישער האָספּיטאל.

דעם אמת געזאָגט, ניט נאָר האָבען די אידישע מאסען זיך גענויטיגט אין א רחמנות־אינסטיטוציע, אין א אידישען אנ־שטאלט, אויך אונזערע אינטעליגענטע פּראָפעשאָנאלס, די יונגע מעדיקער און קאלעדזש דאקטוירים פון אלערליי סאָרטען קראנק־הייטען און ספּעציאליטעטען האָבען זיך נאָך מעהר גענויטיגט און זיינען געווען בלוטיג פאראינטערעסירט, אז א נייער אידי־שער האָספּיטאל זאָל זיך ערגעץ וואו אמשנעלסטען עפענען, וואו זיי זאָלען קענען ערווערבען די נויטיגע ערפאהרונג אין זייער מעדיצינישער פּראָפעסיע. דער האָספּיטאל איז דער איינציגער און דער צוגענגליכסטער פּלאץ וואו א יונגער דאקטאר קען פּראקטיצירען און זיך פארשאפען די ערפאהרונג און די גע־

שיקטקייט און די טעכניק, וואָס מאַכט איהם אַ נאָמען און לעגט דעם פונדאַמענט פון זיין צוקונפטיגען ערפאָלג.

האָבען זיך אין דער הינזיכט געגויטיגט אלע יונגע דאָקטוירים, סיי די וואָס קומען פון אַפּ־טאַון, וואָס באַלאַנגען צו דעם וואָהלהאַבענדען און אַריסטאָקראַטישען קלאַס פון דייטשע און אמעריקאַנער אידען — אַסימילאַנטען צוגלייך מיט די קינדער. דאָקטוירים וואָס שטאַמען פון עלטערן־עמיגראַנטען פון די מזרח־אייראָפּייאישע אידען. אלע האָספּיטעלער, אויסער איינע אין אונזער שטאָדט, זיינען מעהרסטען טהייל סעקטעריאַניש־קריסטליכע. דער האָספּיטאַל קען נאָר געברויכען אַ געוויסע צאָהל יונגע דאָקטוירים, וועלכע האָבען זיך די לעצטע צייט אַזוי פיעל פאַרמעהרט, אַז פאַר איין איינציגען פּאָסטען, וואַקאַנסיע, אין אַ האָספּיטאַל זיינען דאַ הונדערטער בעלנים־אַפּליקאַנטען, און דערפאַר אַ האָספּיטאַל וואָס איז געגרינדעט און ווערט אויסגעהאַלטען פון קריסטליכע סעקטען גיט אַ געלעגענהייט אויבעם מאַכט זיך אַזעלכע צו אַן אייגענעם, אַ קריסטליכען סטודענט אדער יונגען דאָקטאָר. דער איינציגער אידישער האָספּיטאַל ווייט אַוועק פון אידישען געגענד קען ניט ביי דעם בעסטען ווילען אויפנעמען מעהר ווי עס איז דאָ פּלאַץ פאַר זיי.

און אַזוי איז עס געשעהן: די נויטה פון די אידישע מאַסען אין דעם געדיכטעסטען געגענד פון שטאָדט פון איין זייט און די אידישע דאָקטוירים, וואָס זיינען געוועזן כמעט באָיקאָטירט פון זייערע ניט־אידישע חברים דאָקטוירים פון דער צווייטער זייט — די צוויי לעבענס־נויטען האָבען געבראַכט אין לעבען דעם גראַנדיעזען, פּראַכטפאָלען אַנשטאַלט, דעם מ א ו נ ט ס י נ א י ה אָ ס פּ י ט א ל.

וועגען דעם געבורט פון מאַונט סינאַי האָספּיטאַל און זיין וואַקסען דערצעהלט דאָקטאָר ס. זעליקאָוויטש, איינער פון די סאַמע ערשטע אָרגאַניזערס און טשאַרטער מעמבער און אויך אַ מיטגליד פון דער באָארד אָף דירעקטאָרס פון דעם האָספּיטאַל פאַר פיעלע יאָהרען — דערצעהלט דר. זעליקאָוויטש פאָלגענדעס:

פאר א געוויסער צייט האָט עקזיסטירט ערגעץ אפטאון א דיספענסערי, געגרינדעט פון איינציגע דייטשע און אמעריקאנער אידישע דאקטוירים, אונטער דעם נאָמען „פריינקלין פרי דיס־פענסערי”. געהאָפט האָבען די באשאפער, אז פון דער דיס־פענסערי וועט זיך אנטוויקלען און אויסוואקסען מיט דער צייט א מין האָספיטאל. גאנצע 5 יאָהר האָבען זיי, די אפטאונער דאקטוירים זיך געניאנטשעט מיט דער ארימער דיספענסערי און עס האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. אפנים דער פלאץ און די איניציאטאָרס זיינען ניט געווען אדאָפטירט פאר אזא אונ־טערנעהמונג, האָבען זיי זיך מישב געווען, די מיד געווארענע אידישע דאָקטוירים פון דער פריינקלין פרי דיספענסערי פון אפטאון און האָבען פארטראכט ארונטערצוקומען צו די מזרח־אייראָפּעאישע אידען דאון־טאון און דאָרט גרינדען א האָספי־טאל.

אויך קיין עולה ניט. „אז דער בארג געהט ניט צו מחמד אודאי מוז מחמד געהן צום בארג”. איז דאך אבער, ווי זאָגט מען, וועגט האָבען אויגען און גאסען אויערן — וישמע יעקב... האָט דער שאפער פון אידישע אינסטיטוציעס, יעקב מארגולים ע”ה געהערט פון דעם און דענקענדיג אז עס איז ניט רעכט, אז דייטשע און אמעריקאנער אידישע דאקטוירים, וועלכע האָבען פאר זיך א פעלד צו פראקטיצירען אין אידישען האָספיטאל אפ־טאון זיי זאָלען קומען אהער פארכאפּען די פּראקטיק פון אידישע דאקטוירים פון דאון־טאון. זיי דארפען דאך אויך לעבען, זיי מוזען דאך אויך האָבען א פעלד וואו צו ארבייטען און ענט־וויקלען זיך, האָט מען זיך צוזאמענגערעדט, די דאון־טאונער דאָקטוירים מיט זייערע פריינד און מען האָט גלייך ארייננגעגעבען אין געריכט פאר א טשארטער פאר א נייעם האָספיטאל דאון־טאון.

אויף א באָל וואָס עס איז געגעבען געווארען פאר דיזען צוועק, האָט מען געבראכט א פארטיגען טשארטער, ארויסגע־נומען דעם 12טען אפריל 1900, אונטער דעם נאָמען „מאונט סינאי האָספיטאל”, וועלכער איז מיט גרויס ענטהוזיאזם בא־

גריסט געווארען אלס דער ערשטער אידישער האָספּיטאל פאר פילאדעלפיער יודענטהום דאון־טאון.

ווי געזאָגט, איז דער טשארטער ארויסגענומען געווארען דעם 12טען אפּריל אין יאָהר 1900 אונטער דעם נאָמען „מאונט סינאי האָספּיטאל אסס'ן".

פאָלגענדע זיינען אויף דעם טשארטער: פּרעזידענט, מאקס שטאהלער; וויס־פּרעזידענט, סיימאן מ. דובין; סעקרעטאר, הענרי גאָלדען; טרעזשורער, ליאָן גארטמאן — אלע דאקטוירים. באָארד אף דירעקטאָרס: דר. בערנארד סיגאל, דר. מאקס שטאהלער, דר. הענרי ב. שמוקלער, דר. סיימאן מ. דובין, דר. הענרי גאָלדמאן, דר. ליא גארטמאן, דר. סאלאמאן זעליקאָוויטש, דר. רזשוליום ד. לאוו, דר. ע. נעפּסקי, דר. דזשאָזעף ג. הערים, דר. עמוניאל פ. לופין, דר. דענטיסט מארים ל. צימערמאן, דר. דענטיסט טשארלס ב. טשופּאק, דר. דענטיסט ליאָן בערנשטיין, מר. עליאס גאָלדינסקי, מר. פּ. ראָוונא, מרס. ראזא שווארץ, מר. נייטען וואָרטס, מר. דייוויד אפּאטהעקער, מר. מארקוס א בען, מרס. סעמועל טאראזלי.

דערהערט פון אזא שפּיצעל, וואָס דער דאון־טאון האָט אָפּגעשפּילט איז געווארען ביי די דייטשע און אמעריקאנער יונגע אידישע דאקטוירים א „ויצעקו", און עס האָט זיך געטאָן מעשים. סטייטש, געהערט אזא חוצפה און געהן אויסכאפּען אזא אידעע, אן אונטערנעהמונג וואָס שמעקט מיט מזומנים, מיט פּארנעם. ווי אזוי וועט עס דער ארימער דאון־טאון קענען באווייזען? ווי קען מען מיט לעדיגע הענט אויפשטעלען א אינסטיטוציע וואָס פאָדערט געלד, פּרעסטיזש און אָרגאַניזאציאָנס פעהיגקייט?

דער עלטערער און מעהר פּראקטישער עלעמענט פון דאון־טאון האָט אייגגעזעהן אז די דייטשען האָבען רעכט, אז קיין וויכטיגע אינסטיטוציע ווי א האָספּיטאל קען מען ניט אויפהאלטען און אודאי קען מען ניט מענעדזשען אזא אנשטאלט בלויז מיט אידעאל, בלויז מיט גייסט. עס פאָדערט זיך א קאָמבינאציע פון קאפּיטאל, קרעדיט, אָרגאַניזאציאָן און סיסטעמאטישע פארוואלטונג, און דאָס אלץ האָט געפעהלט דעם אידישען אימיגראנט פון מזרח אייראפּא.

צו יענער צייט האָט מען אנגעפאנגען צו פארהאנדלען וועגען א פאראייניקונג פון די צוויי עלעמענטען, וועלכע האָבען איינגעזעהן, אז יעדער באזונדער פארמאָגט ניט די אלע נויטיגע כחות צו מאכען די אונטערנעמונג א פאלשטענדיגען ערפאָלג. דער אפ־טאון פארמאָגט די פינאנסען און אָרגאניזאציאָנס פעהיגקייטען צו איינאָרדענען דעם אנשטאלט און דער דאון־טאון האָט דעם ענטהוזיאזם, דעם אידעאליזם און דעם מענשען־מאטעריאל און די פאפולאריטעט צו געווינען דעם צוטרויען פון דער אידישער מאסע צו דעם אנשטאלט.

הכלל, דער גוטער מלאך השלום, דער האלבער דייטש און אידישער איד, יעקב מארגולים ע"ה, האָט געארבייט אויף אלע זייטען און האָט ענדליך צוזאמענגעבראכט דעם שדוך. אין צוויי מאָנאטען שפעטער, אום מאָנאט יוני 1900 איז אויף דעם היסטאָרישען מיטינג אין 238 פיין סטריט, די פארשמעלצונג און די פאראייניגונג פון דעם אפטאון מיט דעם דאון־טאון אין א מזלדינער שעה פעסטגעשטעלט געווארען.

אין יענעם היסטאָרישען אבענד איז דער אפטאון געקומען צו דעם מזרח־אייראָפעאישען אידען מיט זיין גאנצען יחוס. נעלד־פינאנסירען און הויכגעשטעלטע פראָפעשאָנס — געקומען זיינען דאן דר. מאקס שטערן, פראָפעסאר אף סוירדזשערי אין פילאדעלפיער פאָליקליניק, צוזאמען מיט דר. עדווין ראזענטהאל, טשערמאן פון דער קינדער אבטיילונג פון דער אמעריקאן מעדיקאל אסאָסיאיישאן. זיי מיט זייערע אנדערע פריינד דאקטוירים האָבען געבראכט מיט זיך דעם יונגען און פאָפולערען דזשייקאב ד. ליט פון דער פירמע פון ליט בראדערס דעפארטמענט סטאָר און א קאָמפראָמים איז געמאכט געווארען צווישען די צוויי צדדים, און דזשייקאב ד. ליט איז איינשטימיג ערוועהלט געווארען אלס פרעזידענט פון דעם נייעם פאראייניגטען מאונט סינאי האָספיטאל.

פאָלגענדע בעאמטע זיינען אין יענעם דזשון אבענד ערוועהלט געווארען: פרעזידענט, דזשייקאב ד. ליט; ערשטער וויים־פרעזידענט, גוטמאן קליין, צווייטער וויים־פרעזידענט, דזש. קארטון; רעקאָרדינג סעקרעטאר, דר. הענרי גאָלדען; טרעזשור־

רער, דר. ליא גארטמאן און פינאנץ סעקרעטאר, יעקב מארגוליס.

א דיספענסערי איז גלייך געעפענט געווארען אין דער בילדינג פון 236 פיין סטריט. בלויז דריי וואכען אז די דיס־פענסערי איז געווען אפען און דער באזוך פון קראנקע איז שוין געשטיגען ביז 75 יעדען טאג. ביי דער דיספענסערי איז געווען איינגעפיקסט א דראג סטאר. דאס איז געווען דער ערשטער דא־ניישאן פון מרס. שטערן, די מוטער פון דעם באוואוסטען סויר־דזשען דר. מאקס שטערן. אויך א רייכען און פאלשטענדיגען סעט פון סוירדזשיקעל אינסטרומענטען האט געשענקט דאקטאר קאך און פילע אנדערע דאניישאנס זיינען אריינגעקומען און עס איז גלייך אפאינטעד געווארען א קאמיטע נאכצוזוכען א פא־סענדען פלאץ צו בויען א האספיטאל.

פון דעם מעדיצינישען און אפעראציאנס סטעף זיינען ער־וועהלט געווארען די פאלגענדע: דר. מאקס שטערן, דר. עדווין ראזענטהאל, דר. דזשאזעף ב. פאטסדאמער, דר. מאקס שטאה־לער, דר. בערנארד סיגעל, דר. הענרי שמוקלער, אר. וווענדעל־רובער, דר. איזידאר קאך, דר. סעמועל דזש. גיטעלסאן, דר. בארקוס און דר. מ. ה. פרענקלין

דר. ס. זעליקאוויטש און דר. מאקס בארבאור ווי אויך דר. פישעלעס זיינען געווען אנגעשטעלט אין די פארשידענע דע־פארטמענטס פון יעדענס ספעציאליטעט.

עס וועבט זיך א לעגענדע ארום דעם ערשטען פרעזידענט פון דעם פאראייניגטען מאונט סינאי האספיטאל, דזשייקאב ד. ליט, וואס האט אייגענטליך באוואויגען דעם האלענדישען רייכען געשעפטסמאן דזשייקאב ד. ליט צו קומען דאון־טאון און נעמען אזא ווארימען אנטהייל אין דעם וואהלטהאט פון דאון־טאונער אידען?

דערצעהלט מען וועגען איהם פאלגענדעס: ווען דזשייקאב ד. ליט איז געקומען קיין פילאדעלפיא נאך אלס א יונגער בחור צו זוכען זיין גליק אין דער גרויסער וועלט־שטאדט פון ברודער־ליכע, איז ער דעמאלסט קראנק געווארען. געהן צו א דאקטאר און באצאהלען א דאלאר פאר א וויזיט האט ער דאן ניט גע־האט, איז ער אריין אין א שטאדטישער דיספענסערי וואו מען

האָט איהם געגעבען דאקטאר׳ס ראטה און מעדיצין פריי, האָט ער דאָס געדענקט אויף זיין גאנצען לעבען און ער האָט זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט, ווען עס איז געווארען א באַ־וועגונג צו עפענען א האָספיטאל מיט א פרייער דיספענסערי אין דעם ארימסטען קווארטאל פון שטאָדט.

דזשייקאב ד. ליט איז געווען מעהר ווי צופרידען צו שטע־לען זיך אין דער שפיצע פון דעם האָספיטאל, און ער האָט עס ארויסגעצייגט פאקטיש, ווען פאר 25 יאָהר כסדר איז ער געווען דער פרעזידענט און געהאָלפען דעם אינסטיטושאָן אויפבויען פינאנציעל און מאָראליש און ער האָט געבראכט דעם מאונט סינאי האָספיטאל צו דער הויכער מדרגה וואָס ער געפינט זיך איצט.

## דער וואונדערבאַרער פראָגרעס פון דעם האָספיטאל

פון א דריי שטאָקיגער פעקטאָרי בילדינג, אין קארנער 5טע און ווילדער סטריט, וועלכע איז געקויפט געווארען מיט 30 יאָהר צוריק פאר א דיספענסערי און האָספיטאל איז אויס־געוואקסען א פּאלאַץ פון רייכער ארכיטעקטור מיט א 10 שטאָ־קיגער מאָדערנער בילדינג, וואָס פארנעמט כמעט א בלאק און ציהט זיך פון ריער צו ווילדער און פון 5טע צו לאורענס סט.

אָנגעפאנגען האָט דער מאונט סינאי האָספיטאל קליין. זיין הכנסה איז באשטאנען פון פריוויליגע דאניישאָנס פון 50 סענט און העכער, פון בענעפישעל סאָסייעטים האָבען בייגעשטייערט דורך צאָהלען יעהרליך א געוויסע סומע צום האָספיטאל, דיוס פון פריוואטע, פון יחידים איז געווען 25 סענט א מאָנאט, אוי־סער דעם האָט דער האָספיטאל פאראנשטאלט ראפעלס און יעהרליכע בעלער אין מיוזיקאל פאָנד האָל, 8טע און לאקוסט, ווי אויך שפּעטער אין אקאדעמי אף מיוזיק.

און איצט אין יאָהר 1931, ווען דיזע צייל[ע]ן ווערען געשרי־בען, באטרעפט דאָס איינגענטהום פון מאונט סינאי האָספיטאל,

די בילדינגס און אקוויפמענטס (האָספּיטאל איינריכטונגען) צוויי מיליאָן דאלאר.

דער מאונט סינאַ האָספּיטאל, נאָכדעם ווי ער איז לעצטען יאָהר, אין 1930, איבערגעבויט געווארען און פון דאָס ניי אָרגאַניזירט געווארען אין אלע זיינע אבטיילונגען, ווערט איצט פארעכענט און אנערקענט ביים פּובליקום און ביי דער מעדיצינישער פּראָפעסיאָן אלס דער מאָדערנסטער הייל־אנשטאַלט אין שטאָדט.

פון דעם לעצטען רעפּאָרט פון דעם יאָהר וואָס האָט זיך געענדיגט דעם 30טען אפּריל 1931, וועלכען דער איצטיגער פּרעזידענט, מאָריס ל. וואורצעל, האָט ביים יעהרליכען מיטינג פון דזשון דעם 7טען, 1931, פאָרגעלעזען איז צו זעהן דעם גוואלדיגען פאָרטשריט וואָס דער האָספּיטאל האָט געמאכט אין די 30 יאָהר פון זיין עקזיסטענץ.

ערשטענס, מעהר ווי 61,800 פּאציענטען זיינען אין פאר־גאנגענעם יאָהר באהאנדעלט געווארען אין דער דיספּענסערי פון מאונט סינאַי האָספּיטאל. צווייטענס, דורך דעם יאָהר זיי־נען אריינגענומען געווארען אין האָספּיטאל 6878 קראנקע, וועל־כע האָבען זיך באנוצט מיט 76.230 טעג מעדיצינישע באהאנד־לונג. פון דיזער צאָהל זיינען 14,792 קראנקע טעג באהאנדלונג געווען פריי אָהן באצאָהלט. דריטענס, זיינען אין דעם פאר־גאנגענעם יאָהר באהאנדעלט געוואָרען 8261 אומגליקספאלע, געשעדיגטע פון עקסידענטס.

ווייטער באמערקט דער פּרעזידענט מ. וואורצעל אין זיין יעהרליכען רעפּאָרט, אז אומגעאכטעט וואָס דער יאָהר 1930 איז געווען א שווערער קריזיס יאָהר, דאָך האָט עס ניט אָבגעהאלטען דעם האָספּיטאל צו טאָן די פולע פליכט צו די וואָס האָבען פארלאנגט הילף און היילונג אין דעם אנשטאלט. און וואָס נאָך, דער דעפיציט פון דיזען יאָהר איז בלויז $4,336.52 געגען דער סומע פון $23,108 דער דעפיציט פון פאָריגען יאָהר.

דער פּרעזידענט מר. ווארצעל האָט אין זיין רעפּאָרט פאר־זיכערט, אז אויב די פארגרעסערטע איינקונפטען פון אנדערע קוועלען, אויסער דעם שטאָדט און פון דער פעדעריישאן, וועלען

וויטער אויך אָנהאלטען, וועט דער האָספּיטאל זיך אליין באַ־צאָהלען און עס וועט מעהר קיין דעפיציטען פאר דער נעקס־טער צייט ניט זיין.

דער מאונט סינאי האָספּיטאל האָט אויסגאבען איבער א האלבען מיליאָן דאלאר יעהרליך. לעצטען יאָהר זיינען די איינ־קונפטע געוועזן פאָלגענדע: פון באצאָהלטע קראנקע וואָס געפי־נען זיך אין די וואַרדס און אין פּריוואט רומס $278,420, פון דער שטאאט רעגירונג $55,000 און פון דער פעדעריישאן אף דזשואיש טשאריטיס $168,490.

די צאָהל פון דאקטוירים וואָס באהאנדלען די קראנקע אין האָספּיטאל איז 200; די צאָהל פון נוירסעס (שוועסטער באדי־נערס) איז 114 און אנדערע באשעפטיגטע און דער באדינער־שאפט איז 250 פערזאָן. בעטען פאר קראנקע אין האָספּיטאל געפינען זיך 316.

## די פאַרשידענע בנינים אין האָספּיטאל

די דיספּענסערי בילדינג באשטעהט פון 5 פלאָרס (סטא־זשען). זיי זיינען איינגעטיילט ווי פאָלגט: אויף דעם 5טען סטאזש געפינען זיך די לאבאָראטאָריעס און דער קאָנפערענץ־רום, א גרויסע באקוועמע האָל פאר ברית'ן וואָס קומען פאָר אין האָספּיטאל, פאר סדרים וואָס ווערען געפּראוועט פאר די אידישע קראנקע אין דעם פסח יום טוב און אויך פאר מיטינגען פון דער באָארד אף דירעקטאָרס. דער צווייטער, דער דריטער און פערטער פלאָרס זיינען פאר קליניקס, וואו קראנקע קומען פון זייער היים באהאנדעלט ווערען דאָ פון דאקטוירים איבער ספּעציעלע קראנקהייטען, און אויף דעם ערשטען פלאָר געפינט זיך דער סאָשיעל סוירוויס, געזעלשאפטליכע אנגעלעגענהייטען אפּטיילונג, אָפיסעס און דער דראָג סטאָר.

די נוירסעס (קראנקען שוועסטער) האָבען א באזונדער בילדינג אויף ריעד סטריט, 5 סטאזשען הויז.

יעצט, די הויפּט נייע האָספּיטאל געביידע באשטעהענד פון 10 סטאזשען הויך זיינען פארטיילט ווי פאָלגט: אויף דעם

גאַר אויבערשטען עטאזש, אויף דעם 10טען פלאָר געפינט זיך „די סאלאריאום" א זונען־פארלאר, וואו די אויפקומענדע קראנקע וואָס ערהאָלען זיך פון זייער קראנקהייט פארברייננגען דאָ און געניסען די פולע זונענשיין און ווען דער וועטער ערלויבט פארברייננגען זיי אויף דעם פּאָרטש אונטער׳ן פרייען הימעל און זיי געניסען די ריינע לופט וואָס שטארקט און קרעפטיגט; אויף דעם 9טען פלאָר געפינט זיך דער אפּעראציאָנס־רום, דאָרט וואו די ערענסטע קראנקע וועלכע קענען ניט געהיילט ווערען פון מעדיצין ווערען אפּערירט; דער 7טער און 8טער פלאָר זיינען פאר קראנקע וואָס פארנעמען פּריוואט רומס. דער זעקסטער פלאָר איז פאר מוטערשאפט; דער פינפטער פלאָר פאר פרויען וואָס זיינען נאָהענט צו דער ענטבינדונג, צו געבען געבורטה צו קינדער.

דער 3טער און 4טער פלאָר זיינען פאר אלגעמיינע קראנקע און וואַרדס אבטיילונגען.

דער 2טער פלאָר איז פאר עקס־שטראהלען, דורך וועלכע מען געפינט אויס דייטליך דאָס אנגעגריפענע פּלאץ אינוועניג פון קראנקענס קערפּער. אויך געפינען זיך דאָרט די דייניגג־רומס פאר דער באדינערשאפט און אָפיסעס.

דער ערשטער פלאָר איז פאר דער אלגעמיינער קיך; עקסידענט־וואַרדס פאר אומגליקס־צופעלע און אָפיסעס. און אין בייסמענט געפינען זיך די צוויי כשר׳ה קיכען, וואָס שטעהן אונטער דער השגחה פון רבי דזשייקאב רודניק.

עס איז וויכטיג צו וויסען און זיך באקענען מיט דיזער אבטיילונג וואָס איז כמעט דאָס איינציגע וואָס בארעכטיגט דעם מאונט סינאי האָספּיטאל צו רופען זיך א אמת אידישע אינסטיטוציע וואָס היילט דעם קראנקען קערפּער און בארוהיגט דעם אידישען גייסט. די איינריכטונג פון א עכט־כשרה קיך פאר די אידישע קראנקע וואָס פארלאנגען כשר עסען איז ערעפענט געווארען ערשט ניט לאנג אונטער דער אויפזיכט און אויפפאָדערונג פון די יונייטעד סינאַגאָגען פון אמעריקא.

ראבי דזשייקאב רודניק איז געוועזן אזוי פריינדליך און האָט דעם שרייבער פון דיזע צייל׳ען געגעבען א פרייע האנד

אליין צו אונטערזוכען און זעהן אלץ וואָס עס טהוט זיך אין זיין אבטיילונג פון די צוויי כשרה קיכען וואָס זיינען איינגע־פיקסט אויף א שטרענג סאַניטארישען אופן און קענען צו־שטעלען מאָהלצייטען צו 50 פּאציענטען מיט אמאָל. נאר די פּאציענטען וואָס פארלאנגען כשר ווערען פון די כשרה קיכען באדינט.

ווי ראבי רודניק האָט מיר איבערגעגעבען צו דער צייט וואָס איך האָב באזוכט דעם האָספּיטאל זיינען געווען אויף דער ליסט 12 מענער, 24 פרויען און 7 קינדבעטעאָרינס וואָס געניסען כשר עסען. ווען איך בין אריין אין די צוויי כשרה קיכען, האָב איך זיך באמת פארוואונדערט ווי אזוי ריין, ציכטיג און סאַני־טאַריש די כלים פון די צוויי באזונדערע קיכען: פליישיג און מילכיג באזונדער ווערען געהאלטען, די טעפּ און דישעס זיינען יעדעס געסטעמפּט פון פעקטאָרי מיט די ווערטער אין ענגליש מיעט, ד. ה. פליישיג און מילך, ד. ה. מילכיג. דיגעשיער — טעלער, שיסלען, קאפּס און סאָסעס זיינען געפארבט מיט צוויי פארשידענע קאָלירען — מילכיגע זיינען געפארבט רויט און פליישיגע טעלער און שיסלען זיינען געפארבט גרין, אזוי דאס די באדינערשאפט זאָלען ניט פארבייטען די יוצרות, מילכיג אויף פליישיג און פארקעהרט.

ברויט ווערט געקויפט וואָס איז געבאקען נאָר פון דער אידישער בעקער יוניאָן. יעדער ברויט האָט דעם יוניאָן לייבעל.

די טישטוכער, האנדטוכער און אנדערע לינענס ווערען געביטען יעדען טאָג.

דאָס עסען ווערט געוועהנליך פארטיג געמאכט, ערשטענס, נאָך דער דיעטע, געאָרדערט פון דאקטאר לויט דעם געזונדס־צושטאנד, און דאן ווערען די שפּייזען פארפערטיגט לויט דעם אידישען געשמאק און שטרענג כשר, אונטער דער באשטענדיגער השגחה פון דעם יונגען און געוויסענהאפטען ראבי דזשייקאב רודניק.

דער זעלבער ראבי רודניק מיט זיין פּערזענליכער אנווע־זענהייט און באנעהמונג גיט ער צו פיהלען דעם עלטערן און אידיש געזאָנענעם עלעמענט וואָס צוליעב קראנקהייט געפינען

זיך אין האָספּיטאל, אז זיי געפינען זיך ווי אין א אידיש־היימישע אטמאָספערע אין דעם שעהנעם, גראנדיעזען און מאָדערנעם מאונט סינאי האָספּיטאל.

פאָלגענדע בעאמטע זיינען דיזען יאָהר 1931 ווידער ער־וועהלט געווארען: האראנרייבעל פּרעזידענט דזשייקאב ד. ליט, פּרעזידענט מאורים ל. וואורצעל, 1טער וויס־פּרעז. וויליאם ליפּ־קין, צווייטער וויס־פּרעז. טשארלס ל. לעאָפּאָלד, טרעזשורער הערי ב. גאָלדבערג און סעקרעטאר דזשייקאב מ. בידערמאַן. די פאָלגענדע דירעקטאָרען זיינען ווידער ערוועהלט געווארען: דזשאדזש לעאָפּאָלד גלאס, מאקס וויינמאן, ריינאלד גרינבערג, אלבערט מ. גרינפעלד, בערנארד שטערן, הערי שאפּירא, מאורים ל. וואורצעל, לואיס ניסבוים, מארים ספּעקטאר, מאקסוועל סמא־לענס און הערא‌לד א. לייאָן.

גרויס און מעכטיג איז דער כח פון דעם געדרוקטען וואָרט אין אונזער צייט! איבערוועלטיגט און איינפלוסרייך איז די עפענטליכע פּרעסע איבער דער גאנצער וועלט! זי בויעט און צושטערט גאנצע מלוכות, רעגירונגען, פאראורזאכט קריעג און שאפט פרידען ווען עס לוינט זיך די אינטערעסען פון הערשענ־דען קלאס. די צייטונג, די איינפלוסרייכסטע צייטונג אין יעדען לאנד איז די אמת׳ע מאכט, וואָס דיקטירט, בעאיינפלוסט און רעגירט. „די פעדער איז מעכטיגער פון דעם שווערד", זאָגט אן ענגלישער שפּריך־וואָרט, און עס איז קיין מאָל ניט געווען אזוי אמת ווי אין דער געשיכטע פון אונזער צייט. עס איז א פאקט, אז ניט די שווערע קאנאָנען מיט די 12 צאָהליגע ווייטשיסענדע האָוויצערס און אויך ניט די געפאנצערטע קריגעס־שיפען פון די ארמייען און פלאָטען — און זאָגאר די פּאָליטישע אינטריגעס פון די כיטרע וועלט־דיפּלאָמאטען — וואָלטען ניט געקענט ברענגען די פעלקער צום שלאכטפעלד פון דער וועלט־מלחמה, וואו צוואנציג מיליאָן מענשען זיינען געפיהרט געווארען ווי די שאָף צו דער שחיטה — ווען ניט די פייער־שפּריצענדע העץ ארטיקלען, וועלכע זיינען א צייט לאנג נאָך פאר דער וועלט־מלחמה געדרוקט געווען אין די מיליאָנען צירקולירענדע צייטונגען פון פּעטערסבורג, בערלין, וויען, פּאריז און לאָנדאָן!...

אָבער גרויס און רייצענד איז דער נסיון פון א צייטונג מיט א רעפּוטאציע, וואָס פארמאָגט א גרויסע צירקולאציע; אזא צייטונג איז אָפטמאָל שווער בייצושטעהן דעם נסיון פון גאנצע זייטען, גוט באצאָהלטע אנאָנסען, וועלכעס ברענגט אין דער צייטונג גרויסע סומען געלד און איינפלוס פון חבר׳ן זיך מיט גרויס־קאפּיטאל און פינאנץ קאָרפּאָראציעס, וועלכע דיקטירען דער צייטונג די פּאליסי, די ריכטונג און צו לייזען די פּראָבלע־מען וואָס ריהרען אָן דעם פאָלקס לעבען און זיין עקזיסטענץ— און ווען איז דעם פאָלק ווען די עפענטליכע מיינונג ווערט

גערעקטאַרט און די פּרעסע בוקט זיך און בויגט זיך פאר דעם גאָלדענעם קאַלב!

דענקט מען איבער דער מאָראַלישער ווי אויך איבער דער מאטעריעלער פאראנטוואָרטליכקייט און באזונדערס וועגן די קאָלאָסאַלע אויסגאבען טאָג־טעגליך, מיט וועלכע א מאָדערנע טעגליכע צייטונג איז פארבונדען — ווען מען ווייסט אז דער פּרייז פון א פּאָר סענט וואָס דער לעזער צאָהלט פאר זיין צייטונג — איז ווי א טראָפּען אין ים אין פארגלייך וואָס עס קאָסט דאָס פּאַפּיר אליין, שוין אָפּגערעדט שריפטזעצער, סטערעאָטייפּערס, פּרעסלייט, פאָטאָגראַפיסטען, ארטיסטען שרייבער, רעפּאָרטערס און רעדאקטארס און דער פּראָצענט פון אינוועסטירטען קאַפּי־טאַל מוז מען געפינען א זכות פאר דעם ארויסגעבער.

אויב עס איז אמת ווי אויבענדערמאָהנט, אויב די ענגלישע צייטונג מיט אונבאגרענעצטען פעלד פון לעזער און אדווערטייזער — מען דארף ניט פארגעסען אז בירגער פון אלע נאַציאָנאלי־טעטען אין לאנד, איד, קריסט, מאכמעדאנער, רוס, פּאָליאַק, דייטש, איטאליענער און פראנצויז, אלע וואָס קענען ענגליש, לייענען א ענגלישע צייטונג, ענגליש איז די דאָמינירענדע שפּראך פון לאנד, — אויב, זאָגען מיר, די ענגלישע צייטונג מיט אלע איהרע גרויסע פּריווילעגיען און פּאָרציגע קען ניט פּראָגרעסי־רען אָהן דעם פּעטראָנידזש פון גרויסע ביזנעס און פּאָליטישע אַנאָנסען — היינט וואָס זיינען שוין די אויסזיכטען אויף ער־פאָלג, איך מיין מאַטעריעלען ערפאָלג פון א אידישער צייטונג מיט א באגרענעצטע צאָהל פון לעזער, ווייל די איירישע און שווארצע האָבען זיך נאָך ניט אויסגעלערענט צו לעזען אידיש. און פיעלע, זאָלען זיי מיינע רייד ניט צו־שווער זיין פון אונזערע אייגענע אמעריקאניזירטע און אסימילירטע אידען שעהמען זיך צו האלטען א אידישע צייטונג אין די הענט.

## די געבורט פון דער „אידישער וועלט"

מיט יאָהרען צוריק, ווען דער היגער ישוב פון מזרח־איי־ראָפּעאישען יודענטהום איז נאָך געוועזן יונג און שוואך און

וויבאלד ער האָט זיך גענומען איינפונדעוועז, דאָס אידישע געזעל־
שאפטליכע לעבען האָט זיך אָנגעהויבען ביסלעכוויז צו פאָר־
מירען, האָבען די קולטורעלע עלעמענטען פון דער אידישער
אימיגראנטען קאָלאָניע גענומען בענקען און לעכצען נאָך אן
אייגענעם אָרגאן, א אייגענע אידישע צייטונג וואָס זאָל אין זיך
אָפּשפּיגלען דאָס היגע אידישע לעבען אויף אלע אופנים און
זאָל העלפען ארויסברענגען אלע זיינע בעסערע שטריכען און
שטרעבונגען, וועלכע מאכען א אידישע געמיינדע ציעלבאוואוס־
טער, רעספּעקטירט און געאַכטעט.

דער שרייבער פון דיזע שורות האָט מיט 41 יאָהר צוריק
געמאכט דעם ערשטען פּארזוך אזא אָרגאן צו גרינדען און דער־
נאָך טאקע געדרוקט און ארויסגעגעבען אנדערהאלבען יאָהר צייט
כמעט די ערשטע אידישע צייטונג „די אידישע פּרעסע” אין
פילאדעלפיא. נאכהער האָבען אנדערע געפּרובירט זייער מזל
און געדרוקט נאָך אנדערע אידישע אויסגאבען, אבער די צייט
און די אומשטענדען זיינען געוועזן ניט רייף און ניט גינסטיג.
זיי זיינען אלע אוועק אויף דעם עולם האמת, און פילאדעלפיא,
די אידישע פילאדעלפיא האָט געווארט א צייט לאנג אויף די
צוויי געוואגטע און דערפאהרענע צייטונגס אונטערנעמער, די
קאָלעגען יעקב גינצבורג און וויליאם ב. ליעף, וועלכע האָבען מיט
20 יאָהר צוריק באשלאָסען אָפּצושניידען מיט נויארק און אויף
אייגענע אחריות אונטערנעמען אזא ריזיקאלישען געשעפט —
ארויסגעבען א טעגליכע אידישע צייטונג, „די אידישע וועלט”
אין אונזער שטאָדט פון ברודער־ליבע, אין פילאדעלפיא.

געוואגט און ריזיקאליש איז ווירקליך געווען אזא שריט
אין יענער צייט, ווען איינער ווייסט און ווען זיי ביידע די אונ־
טערנעמער גינצבורג און ליעף האָבען צו גוט געוואוסט, אז עס
פאָדערט זיך א געוואלדיגע אנשטריינגונג, אונערמידליכע ארבייט,
שווערע פאראנטוואָרטליכקייט און מעהר פון אלץ קאפּיטאל, א
סך קאפּיטאל. און דיזער דעליקאטער ארטיקעל, די מטבע איז
געווען ביי די צוויי שותפים זעהר באגרעניצט, ניט פיעל צום
איבערצעהלען. דאן ווידער די אומשטענדען, די ביזנעס אויס־

זיכטען; די אַטמאָספּערע צו יענער צייט איז געווען א זעהר גע־דריקטע.

דער 1טער פעברואר 1914, האָט „די אידישע וועלט" צום ערשטען מאָל דאָס ליכט פון טאָג דערזעהן. א שווערער ווינטער איז דאַן געווען, א ביזנעס פּאניק אין אונזער לאנד האָט דאַן אלעמען דערשלאָגען, אזוי אז אויך די אלטע איינגעוואָרצעלטע אידישע צייטונגען פון נויארק האָבען זיך געפיהלט פון דער שלעכטער צייט געדריקט און נידערגעשלאָגען, אבער ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזען איז דער באשלוס צו באפרייען די אידישע פילאַדעלפיא פון דער העגעמאניע פון נויארק געווען ביי די אונטערנעמער לאנג דורכגעטראכט און ענטשלאָסען.

וועגען דעם צושטאַנד און באציהונג פון נויארקער אידישע צייטונגען צו אונזער שטאָדט אין יענער צייט, ד. ה. מיט קארגע 20 יאָהר צוריק אמשאַרפסטען און אין זעהר קלאָרע און אומ־צווייפעלהאפטע ווערטער דריקט זיך אוים וויליאם ב. ליעף, אין זיין באגריסונג צום 10־יאָהריגען יובילעאום פון דער אי־דישער וועלט" ווי פאָלגט:

„פילאַדעלפיא איז מאָראליש און גייסטיג געווען א קאָלאָניע פון נויארקער „אידישער קרוין לאנד". דער נויארקער אידיש־געזעלשאפטליכער פיהרער האָט באשלאָסען אין וועלכע באווע־גונגען און געזעלשאפטליכע ארבייט דער פילאַדעלפיער איד דאַרף זיך באטייליגען — דאָס „נויארקער אידישע קרוין־לאנד" האָט געטראכט פאר איהר פילאַדעלפיער אידישער קאָלאָניע, גע'חלומ'ט פאר איהר אידישע חלומות, באשטימט פאר איהר אידישע שטרעבונגען און איהר געלערענט אויף וועלכען וועג זיי ניט צו דערגרייכען. היינט שטעהט די פילאַדעלפיער אידישע קהלה אויפ'ן סאמע אויבען פון אידיש־געזעלשאפטליכער און אידישער נאַציאָנאלער טהעטיגקייט. פי־לאַדעלפיא פארנעמט היינט דעם אנגעזעהענסטען פּלאַץ אין דער אידישער אמעריקע ניט צוליעב דער הויכער שטופע צו וועל־כער עס האָבען דערגרייכט איהרע לאָקאלע אינסטיטוציעס און אנשטאלטען, נאָר מעהר צוליעב דער פיהרענדער ראָל, וואָס די עפענטליכע אידישע מיינונג אין פילאַדעלפיא נעמט אָן אין

מיסטע אידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין לאַנד. דאָס אי־
דישע פילאַדעלפיא ווערט מיט רעכט באַטראַכט אַלס דער אַוואַנ־
גאַרד פון דעם „קרן היסוד" באַוועגונג אין גאַנץ אַמעריקאַ.
די פילאַדעלפיער אידישע עפענטליכע מיינונג האָט געשאַפען דעם
קאָנגרעס, דאַן ווען די קעפּ פון „קרוין לאַנד" זיינען געשטאַנען
מיט אַרונטערגעלאָזענע הענט און געבויגענע קניע.

„מיט 10 יאָהר צוריק (איצט 20) האָט פילאַדעלפיא ניט
פאַרמאָגט קיין אייגענע אידישע צייטונג וואָס זאָל איהר לערנען
און פיהרען, וועקען און מונטערן צו פיהרען אַ זעלבסטשטענ־
דיגען לעבען. היינט שטאָלצירט פילאַדעלפיא מיט זיין אייגענע
גרויסע, ערפאָלגרייכע אידישע צייטונג, וועלכע איז די וועג־
ווייזערין און די טאָן־געבערין פון אַלעם וואָס דאָ לעבט און
באַוועגט דאָס אידישע לעבען אין פילאַדעלפיא און זיין גאַנצען
לאַנד".

וועגען די שוועריגקייטען און די שטרויכלונגען וואָס האָבען
באַגעגענט „די אידישע וועלט" אין איהרע ערשטע, די שווערסטע
10 יאָהר עקזיסטענץ, שרייבט אין דעם זעלבען יובילעאום נומער
פון „דער אידישער וועלט" דער געדולדיגער און ערפאַהרענער
קעפּטען, וועלכער איז געטריי און העלדיש געשטאַנען ביז אַפּריל
1934 ביים רודער פון זיין שיף „די אידישע וועלט" יעקב גינצ־
בורג ווי פאָלגט:

„מיט 10 (איצט 20 יאָהר) צוריק בין איך געקומען צו דער
איבערצייגונג, אַז די צייט איז רייף און אַז עס איז פאַראַן אַ
באַשטימטע נויטווענדיגקייט צו גרינדען אַ אידישע טעגליכע
צייטונג אין דיזער שטאָדט — אַ צייטונג וואָס זאָל זיין געמאַכט
פון פילאַדעלפיער, פאַר פילאַדעלפיער און פילאַדעלפיא. אונזער
וועג איז ווירקליך געווען אַ שווערער, פול מיט שטיינער און
פעלזען. און אָפענהערציג גערעדט, עס זיינען געווען צייטען, ווען
אונזער סאַמע עקזיסטענץ איז געהאַנגען אין דער לופטען...
איך האָב זיך געפיהלט זיכער אין דעם באַוואוסטזיין, אַז די
„אידישע וועלט" איז אַרויסגערופען געוואָרען אין לעבען הויפּט־
זעכליך צוליב דעם, וואָס דיזע שטאָדט האָט זיך גענויטיגט אין
אַן אייגענער אידישער צייטונג, וואָס זאָל דינען די געמיינ־

שאפטליכע אינטערעסען פון דער וואקסענדער אידישער באפעל־קערונג אין אלע איהרע שטאָדטישע, געזעלשאפטליכע, רעלי־גיעזע און ערציהונגס פראָבלעבען מיטצוארווירקען מיט איהר און איהרע שטרעבונגען צו א העכערן באגריף אין איינקלאנג מיט די פיינסטע פרינציפען פון אמת'ן אמעריקאניזם".

פילאדעלפיא, די אידישע פילאדעלפיא איז מזל'דיג אין איין וועג. זי איז ניט געבענשט אדער ריכטיגער געזאָגט ניט פארשאָלטען פון צופיעל פארטייען, פראקציעס און קלייזלאך, וועלכע האָבען די אידישע וועלט־שטאָדט נויארק פארוואנדעלט אין א דור הפלגה, וואָס איינער דעם אנדערן פארשטעהט ניט אדער וויל ניט פארשטעהן. מיר האָבען דאָ אויך אין אונזער שטאָדט פון ברודערליבע מיינונגספארשיידענהייטען און קרייזען מיט ענטגעגענגעזעצטע וועלט־אנשויאונגען.

איהר געפינט אין פילאדעלפיא פרינציפיעלע „איסטען" מכל המינים פון אולטרא־אָרטאָדאָקסען ביז אולטרא־ראדיקאלען, אָבער גליקליכערווייזע זיינען זיי ניט אזוי פארביסען און פאר־עקשנ'ט און זיי אלע פארדינען א געוויסע באציהונג און אכטונג פון דער עפענטליכער מיינונג, און עס איז דארום פארשטענדליך אז ווען די בעלי־בתים איניציאטאָרם האָבען באשלאָסען צו ארויסגעבען אן אָרגאן, א אידישע צייטונג — זאָל דיזעלבע זיין אין פרינציפ טאָלערענט צו אלע שאטירונגען און ריכטונגען און אז די פלאטפאָרמע וועט בלייבען אן אָפענע, א פרייע אן אומפארטייאישע, ווי מען קען דאָס זעהען פון די פרינציפען דערקלערונגען אין דעם עדיטאָריעל, דעם לייט־ארטיקעל פון דעם ערשטען נומער „אידישע וועלט" וואָס איז ערשינען דעם 1טען פעברואר 1914, ווי פאָלגט:

די אויפגאבע פון דער „אידישער וועלט" איז פריער פון אלעם און מעהר פון אלעם צו דינען די אינטערעסען פון פילא־דעלפיא, פון דער שטאָדט פילאדעלפיא בכלל און פון דער אידישער באפעלקערונג פון פילאדעלפיא בפרט. אלץ וואָס א צייטונג קען טאָן צו העלפען א שטאָדט און איהרע איינוואהנער צו ווערען שעהנער, גרעסער און רייכער וועט די „אידישע וועלט" טאָן. די „אידישע וועלט" וועט זיין דער אויסדרוק, דער לייטענ־

דער גייסט און דער וואָרט־פיהרער ניט פון א פּארטיי, ניט פון א קלאַס, ניט פון א טהייל, נאָר פון דער גאַנצער אידישער גע־מיינדע פון פילאדעלפיא."

„מיר וועלען זיך באשעפטיגען מיט שאפענדע און ניט מיט צושטערענדע ארבייט, מיר וועלען דורך פריינדליכע און באַ־לעהרענדער קריטיק זוכען צו ענטוויקלען א פּראָגרעסיוועז גייסט, א מעהר ליבעראלע אנשויאונג סיי אין אונזערע אידישע אינס־טיטוציעס, סיי אין דער פארוואלטונג פון אונזער שטאָדט און אזוי אויך ערהויבען דעם גייסט פון אונזערע איינצעלנע לעזער".

אחוץ פון דעם וואָס א צייטונג ווי די „אידישע וועלט" לויט איהר באשטימונג צו דינען די פּערזענליכע, געזעלשאפט־ליכע און געשעפטליכע אינטערעסען פון דער אידישער קאמיו־ניטי — א אידישע צייטונג האָט אויך א מיסיאָן, א העכערע, א גייסטיגע שליחות צו איהרע לעזער צו ערפילען — טראָגט דאָך דאָס געדרוקטע וואָרט מיט זיך קולטור, בילדונג און אויפ־קלעהרונג — פאר דעם האָט אויך די „אידישע וועלט" גע־זאָרגט.

אין דעם עדיטאָריעל פון דעם יובילעאום נומער „אידישע וועלט", שרייבט דער סגן הסופרים, דער וועטעראן פון אידישע שרייבער משה קאַץ„אין וואָס באשטעהט די נשמה פון א צײ־טונג". פאָלגענדעס:

„די נשמה פון א צייטונג באשטעהט אין איהר ריכטונג, א צייטונג אָהן א ריכטונג איז ניט בלויז ווי א שיף אָהן א רודער און אָהן א זעגעל, זי איז ווי א גוף אָהן א נשמה און פונקט אזוי ווי מען שעצט א מענשען לויט דעם ווערטה פון זיין נשמה, פון זיין גייסטיגען מהות, אזוי שאצט מען א צייטונג לויט איהר באשטימטער ריכטונג, לויט איהר ריכטונג שאצט מען זי און פון איהר ריכטונג דערקענט מען זי. די ריכטונג פון א צייטונג דינט ניט בלויז ארויסצוברענגען בולט איהר כאראקטער, זי איז אויך דער כח פון איהר כאראקטער־פעסטקייט, דאָס איז די קראפט דורך וועלכער זי פארנעהמט א באשטימטען פּלאַץ אינ'ם געזעל־שאפטליכען לעבען.

„און ווען מיר פּרעגען זיך נאָך די ערשטע צעהן (איצט 20 יאָהר) עקזיסטענץ די פראגע: פארנעמט „די אידישע וועלט" א וועלכען פּלאץ אין אידישען געזעלשאפטליכען לעבען אין אמע־ריקא? קענען מיר דארויף האָבען די הנאה צו ענטפערען: יאָ! „די אידישע וועלט" פארנעמט א נויטיגען, אן אונבאשטרייטבא־רען פּלאץ אין אונזער אידישען געזעלשאפטליכען לעבען, א פּלאץ וואָס ווערט פון איהר אויסגעפילט מיט א פעסטער שטעלונג און מיט אן אויסגעהאלטענעם כאראקטער. זי איז די צייטונג, וואָס ווערט געלייטערט דורכאויס פון דעם נאַציאָנאלען־פּראָגרעסיווען גערדאנק אין דער אידישער גאס פון אמעריקא. איהר קאמף איז דער קאמף פאר אלעם וואָס פיהרט צו דער ערהאלטונג, צו דעם וואוקס, צו דער זיכערהייט און צו א בעסערען גורל פון אונזער אידישער נאציאָן, וואָס זאָל זיין הארמאָניש מיט אלעם וואָס פיהרט צו פּראָגרעס, צו פארטשריטליכקייט און דער אויס־בעסערונג פון דער מענשליכער געזעלשאפט בכלל. מיר גלויבען אין פרייען אויסדרוק פון גערדאנק אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל עס איז ניט אין ווידערשפּרוך מיט דעם אידישען פּראָגרעסיווען נאַציאָנאליזם און אויף ווי פיעל עס איז נוצליך יענע קאָנסער־ווירענדע קראפט, וואָס האלט אויף די גאנצקייט פון אונזער אומה".

אין דעם זעלבען גייסט און אין דער זעלבער ריכטונג האָ־בען אין די פיעלע יאָהרען פון דער „אידישער וועלט" ווירקען און שאפען אין דער היגער אידישער געמיינדע — מיטגעארבייט די צעהנדליגע שרייבער און מיטהעלפער סיי אין דער נייעס און אינפאָרמאציע אבטיילונג און סיי די עדיטאָריעלע שרייבערס וואָס באלייכטען די נייעס פון טאָג און לייטערן און שאפען די עפענטליכע מיינונג אין אונזער שטאָדט.

די פאָלגענדע זיינען די באשטענדיגע מיטארבייטער און שרייבער אין די פארשידענע אבטיילונגען פון דער „אידישער וועלט":

דעם סאמע אויבען־אָן פון דער „אידישער וועלט" שרייבער משפחה פארנעמט דער וועטעראן פון אידישע שרייבער אין

אמעריקא, דער חשוב'ער שריפטשטעלער און דראמאטורג משה קאטץ.

משה קאטץ אלס ליטעראַרישער רעדאקטאר איז געווען פון די ערשטע צעהן שרייבער וואָס זיינען געשטאנען ביים וויגעלע פון דער „אידישער וועלט".

דער צווייטער פון די פּיאָנערען שרייבער איז אָהן צווייפעל הלל וויכנין, דער נייעס רעדאקטאר, וועלכער אויסער דער אויפּזיכט וואָס ער האָט יעדען טאָג צוזאמענצושטעלען די טעגליכע נייעס פון דער „אידישער וועלט", איז ער אויך קריטיקער און רעצענזאט איבער אפּערא און מוזיק.

דער דריטער אין דער רייע פון די ערשטע שרייבער אין דער „אידישער וועלט" איז בלי ספק דער אידישער משכיל, תלמודיסט און העברעיער יעקב מאלין.

א גרויסער געווינס פאר דער „אידישער וועלט" איז געווען דער פיעלזייטיגער, טאלאנטפולער סאטיריקער און קאלומניסט אב. זוסמאן.

„דאָס ווינקעלע פאר אונזערע קינדער", וואָס איז גענצליך געווידמעט יונגע אידישע קינדער וואָס וואקסען אויף פאר אונזערע אויגען ווערט רעדאקטירט פון חבר מ. מלמד.

די ליטעראַרישע נאָטיצען אין וועלכע עס ווערט פארצייכענט יעדעס נייע בוך און אָפטמאָל רעצענזירט מיט א טיעף דורכדרינגענדעס קינסטלער אויג — באלאנגט אויך צו דעם אמת'ן פאָלקס־שרייבער פון דער „אידישער וועלט", קאָלעגע מ. מלמד.

א געטרייער מיטארבייטער פון דער „אידישער וועלט" איז דער אויסגעפּרובירטער און פעהיגער זשורנאליסט וויקטאר מיר־ססקי, וועלכער איז א פרוכטבארער און אינטערעסאנטער שרייבער איבער פּאָליטישע און סאָציאלע פראגען אין לאנד.

פון די יונגע ליטעראַרישע קרעפטען מיט א פיעל פאר־שפּרעכענדער צוקונפט אין דער צייטונגס־וועלט איז דאָס זיכער דער לעבעדיגער און רירעוודיגער ס. רעגענסבערג; ער איז א מייסטער צו שילדערן א פעדער בילד פון דעם קאָכעדיגען טעג־

ליכען און געזעלשאפטליכען לעבען פון א גרויסער מעטראָפּאָלישע שטאָדט ווי אונזער פילאדעלפיא.

דער אינגסטער און דער פיעל־באגאבטער עסאיסט און עדיטאָריעל שרייבער נ. קראוויטץ; ער איז א שטאָלץ און א צירונג פאר דער „אידישער וועלט". יונג אין יאָהרען און רייך אין אינהאלט, אָנגעזאפּט מיט אלגעמיינע און אידישע וויסענשאפט און א רב'ס א זוהן. איהם האָט דער שרייבער פון דיזע שורות צו פארדאנקען פאר דעם קאָרעגירען און רעדאגירען פון דיזען בוך.

א וויכטיגער צוגאב צו דער „אידישער וועלט" איז דער יונגער וויסענשאפטלער און מיטארבייטער א. גערבאוואָי, וועלכער האָט זיך אין דער „אידישער וועלט„ פּאָפּולער געמאכט מיט זיינע ארטיקלען איבער וויסענשאפטליכע ערפינדונגען אין פיזיש־אסטראָנאָמישע דערשיינונגען, וועלכע ער פארטייטשט צום אידישען לעזער אין א לייכטען און פליסיגען אידיש. א. גערבאָוואָי שרייבט אויך איבער פּאָליטישע פּראָבלעמען און טאגעס פראגען.

דער יונגער שרייבער פּ. טענענבוים, ער האָט צו זאָגען איבער דעם ראדיאָ קאלום און יעדען זונטאג גיט ער אן איבערבליק איבער די פארשידענע „פּיטשורס", די בעזאנדערהייטען פון די קאָנצערטען און אונטערהאלטונגען, וואָס ווערען געגעבען דורך דער וואָך צו די ראדיא צוהערער.

די פראגע פון פאָלקס־געזונדהייט איז איינע פון די וויכטיגסטע און לעבענס־נויטווענדיגסטע פּראָבלעמען פאר דעם דורכשניטליכען מענשען פון פאָלק, און צוליב דעם דרוקט די „אידישע וועלט" א מעדיצינישע וועכענטליכע אפטיילונג אנגעפיהרט פון דעם רופא מומחה און תלמיד חכם דר. ד. ה. קאָגאַן. מ. ראָטענשטיין איז דער יונגסטער אין צייט וואָס שרייבט איצט איבער פארשידענעס אין דער „אידישער וועלט".

ואחרון אחרון חביב. צולעצט איז כדאי צו נאָטירען דעם רעקארד, צו דערצעהלען די מעשים טובים וועגען דעם יעניגען, וועלכער טראָגט אויף זיך די לאסט און די גרויסע פאראנטוואָרטליכקייט פאר דעם ערפאָלג פון דער „אידישער וועלט", און

דאָס איז חבר נייטהען פלאַשער, הויפּט עדיטער און פּאַבלישער פון דער „אידישער וועלט".

---

אויסער די פּיעל־פאַרצווייגטע טהעטיגקייטען און פליכטען, וואָס די פאַראנטוואָרטליכקייטען פון א גרויסער מאָדערנער אידישער צייטונג, ווי די „אידישע וועלט" טראָגט מיט זיך, איז נייטהען פליישער אן ערפאַהרענער זשורנאַליסט, וועלכער ווייסט און פיהלט צו יעדער צייט דעם פּולס פון דער עפענטליכער מיינונג און פאַרשטעהט ווי צו קערען די שיף פון דער „אידישער וועלט" אהין, וואו גינסטיגע ווינטען בלאָזען.

זייט אַפּריל 1934 איז די „אידישע וועלט" איבערגעגאַנגען אין די הענד פון נייטען פליישער אלס פּאַבלישער און הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער „אידישער וועלט".

פאָלגענדע זיינען געווען די ערשטע שרייבער ווען די „אי־דישע וועלט" איז געגרינדעט געוואָרען דעם ערשטען פעברואַר 1914 ווי פאָלגט:

מ. קאַטץ, הלל וויכנין, א. פרומקין, י. מאַלין, ד. גאַלטער, א. גאַטעספעלד, מ. פאַקמאַן, יעקב פעפּער, ד. אַבערסאַן און נייטען זווירין. די לעצטע דריי זיינען ליידער שוין אויף דעם עולם האמת.

יעקב גינצבורג און וויליאַם ב. ליעף, די ארויסגעבער. ווי געזאָגט איז איצט חבר נייטהען פליישער דער פּאַבלישער פון דער „אידישער וועלט".

עס פאַרדינען אויך דאָ דערמאָנט צו ווערען די אַלע שריי־בער וואָס האָבען געשריבען אין דער „אידישער וועלט" פון צייט צו צייט.

אין דער העברעאישער פּיידזש פון דעם ספּעציעלען צעהן־יאָהריגען יובילעאום נומער האָבען פאָלגענדע געשריבען העב־ברעאישע אַרטיקלען: הרב דוב אר. לעווענטהאַל, יעקב גינצ־בורג, דר. בן ציון האַלפּער, י. רויטבערג, ע"ה, פ. מאַרדעל, ע"ה, יעקב צוזמער, י. באַלאַבאַן און י. ל. בן דוד.

אין אידיש האָבען זיך באַטייליגט פאָלגענדע: ב. ריווקין, איז ניין יאָהר געווען א באשטענדיגער מיטאַרבייטער פון דער „אידישער וועלט". ב. עפּעלבוים; דער דיכטער דר. מ. וויינמאַן,

**דר. רזש. גרינסטאן** אין ענגליש און אין אידיש. הרב דוד דובער סווירין, מ. ציפּין, ל. קראסקאף, אברהם הירש, א. ווייצמאן, א. קאפּלאן, י. מאזער, ל. כאנוקאוו, ישראל לוצקי, מ. שאפּירא, ד. נאלינער, מ. פּרוכטער, ז. מייקעל, לואיס גלעזדען, לואיס עפּראָן, פּ. למדן, ליאן סאווידזש, י. דינגעל, מ. חייקין, משה נאדיר, ישראל טעפּליצקי, לאָיער יאזעף גראָס, דער פּאָעט לאזאר ראוויטש, קאראלסקי, מ. בארקאן, ל. טולטשין, מ. באָגדאנסקי, שמואל לאנדאן, דער דיכטער ז. וויינפּער, דער דיכטער מארים ראָזענפעלד ע"ה, דער דיכטער לייוויק, ל. שאפּירא, מ. וויזענ־פיעלד, יחזקאל סויבער און מאזעס פּריהמאן.

אין דער ענגלישער אפּטיילונג שרייבען הענרי פּאָטער, אונ־טער דעם פּסעוודאָנים אָנקעל הענרי און עדיטאָריעל שרייבער מארים קראמער.

פון די לעזער שרייבער, וועלכע שרייבען גאנץ אָפט אין דער אבטיילונג „וואָס די לעזער האָבען צו זאָגען", זיינען, ווי וויט איך געדענק, הרב וויינשעלבוים, חבר סיימאן לעקערמאן, דר. ליאן מענאקער. די לעצטע זיינען גוטע בעאָבאכטער און ווייסען ווי ארויסברענגען א געדאנק אין א קלאָרער און אנצי־הענדער שפּראך. י. מאגידזאָהן און חזן טשעסני שרייבען אָפט וועגען חנוך, וועגען אידישער ערציהונג. דער אלטער דוד לאסאן שרייבט איבער עקאָנאָמישע און פינאנציעלע פּראגען זעהר ערנסט און לאָגיש.

איך וויל זיך ניט אונטערנעמען צו פארצייכענען יעדענס נאָמען, וועלכער האָט אמאָל געשריבען אין דער „אידישער וועלט". ביין מיין בעסטען ווילען איז דאס פאר מיר אונמעגליך צו טאָן; מיין זכרון דינט מיר ניט צו געדענקען הונדערטע נעמען, וועלכע האָבען געשריבען אין דער „אידישער וועלט". זאָלען זיי מיר ענטשולדיגען די יעניגע וועלכע נעמען איך האָב ארויסגעלאָזט.

## איבערבליק פון 20 יאָהר „אידישע וועלט"

גרויס זיינען די פארדינסטען פון דער „אידישער וועלט". אין די 20 יאָהר פון איהר עקזיסטענץ פון ווירקען און שאפען.

די אידישע פילאדעלפיא האָט זיך ערוואָרבען א פלאַץ אויף דער מאַפּ פון אונזער לאנד, אלס א אידישער צענטער, מיט וועלכען מען מוז זיך רעכענען אין אלע נאַציאָנאלע און אלוועלטליכע אנגעלעגענהייטען פון אידישען פאָלק.

„די אידישע וועלט" שפּיגעלט מיט זיך אָפּ דאָס אידישע לעבען אין אלע זיינע פאזען און ריכטונגען און זי שאפט די עפענטליכע מיינונג פון דעם אָרגאַניזירטען יודענטהום פון אונ־זער שטאָדט. זי איז דער סטימולאנט, דער קוועקזילבער און דערמונטערער פון אידישע אונטערנעהמונגען און באוועגונגען צו פארבעסערען און פארשעהנערען די אידישע אינסטיטוציעס פון פילאדעלפיא.

יעדע בייזוויליגע אטאקע און אנגריף פון פרעמדע און פיינדליכע קוועלען אויף דעם אידישען נאָמען בכלל און בפרט ווערט פון דער „אידישער וועלט" צוריקגעשטויסען. „די אידישע וועלט" איז אימער געווען און איז אלע מאָל אויף דער וואַך צו באַקעמפען און צו פארטהיידיגען די אינטערעסען פון דער אידישער געמיינדע.

„די אידישע וועלט" איז אימער געווען ערפאָלגרייך צו שאפען א גוטען נאָמען און געווינען דעם רעספּעקט פון אונזערע אמעריקאנער מיטבירגער צו דער אידישער באפעלקערונג פון אונזער שטאָדט.

ליידער קען מען דאָס ניט זאָגען, אז די „אידישע וועלט" איז געווען אלעמאָל ערפאָלגרייך, ווען עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען אינערליכע, וועגען אייגענע שונאים, וועלכע האָבען בא־וואוסט אדער אומבאוואוסט געשטערט דעם פּאָרטשריט, ניט דערלאָזט די אויסבעסערונגען פון לעבענס־פּראָבלעמען וואָס בעטען זיך צו לייזען אין דער אידישער געמיינדע פון אונזער שטאָדט.

אין דעם פארזוך, אין דער באוועגונג צו אָרגאַניזירען דאס פילאדעלפיער אידענטהום אין א פאראייניגטער צענטראלער קערפּערשאפט, כדי צו ברענגען ארדענונג און קאָאָפּעראציע אין די אינערליכע אידישע אנגעלעגענהייטען כדי אפשאפען די הפקירות און אויסראָטען דעם כאַאָס וואָס עקזיסטירט אויף דער

אידישער גאס פון אונזער שטאָדט. אין יענעם פארזוך האָט „די אידישע וועלט" ניט געטאָן איהר פולע פליכט.

ווען מיט 5 יאָהר צוריק איז אויפגערעקט געווארען, טאקע דורך דער איניציאטיווע פון דער „אידישער וועלט", און מיט דער הילף פון דער 50־גער שטאָדט־ קאָמיטע „דער צודעק", די שאנדע פון א פארפוילטער סיסטעם פון כשרות און קונקעל־מונקעל ביזנעס מיט כשרה בוטשערס, וועלכע פארקויפען טריפה פלייש אונטער דער מאסקע פון בשר כשר, מיט גויעשע שלאכט־הייזער, וועלכע האלטען די רבנים, שוחטים און משגיחים אויף דער ארענדא, די כלי קודש זיינען אנגעוויזען מיט זייער עקזיס־טענץ און כשרות אויף גויעשע בעלי־בתים.

ווען די עפענטליכע אידישע מיינונג איז געווארען ענטריס־טעט פון די מעשים תעתועים, וואָס ווערען אָפּגעטאָן אין נאָ־מען פון כשרות און אידישקייט, און די אידישע געמיינדע איז געווען רייף און פערטיג צו נעמען די זאך אין איהרע אייגענע הענד און דורך דער שטאָדט־קאָמיטע צוזאמען מיט דער הילף פון עהרליכע און אנשטענדיגע רבנים ברענגען ארדנונג ניט נאר אין די כשרות ביזנעס אליין, נאָר צו העלפען דעם אידישען חנוך, וועלכער געפינט זיך אין א טרויעריגען צושטאנד און ברענגען אָרדנונג און קאָאָפּעראציע אין די אינדעפּענדענט אי־דישע צדקה אנשטאלטען און נאָך אנדערע נויטיגע תקונים און אויסבעסערונגען פון אונזער געמיינדע.

אין דער לעצטער מינוט פון ריאָרגאַניזירען און אוועק־שטעלען אויף א פעסטען באָדען די וויכטיגע אינטערעסען פון דער אידישער געמיינדע פון דער דריטער גרעסטער שטאָדט אין לאנד, האָט די „אידישע וועלט" ניט אויסגעהאלטען די פּראָבע, זי האָט ניט פארענדיגט די הייליגע מיסיאָן וואָס זי האָט אנגע־פאנגען און דאס איז צו באפרייען א גרויסע אידישע געמיינדע פון הפקירות און שקלאפעריי צו גויעשע בעלי־בתים, וועלכע זיינען די דעה־זאָגער איבער די וויכטיגסטע טראדיציעס פון אידענטהום.

אום צו זיין גערעכט צו דער „אידישער וועלט" מוז מען צוגעבען, אז זי האָט אין דער לעצטער רגע אויפגעגעבען דעם

קאמף פאר דער באפרייאונג פון דער היגער אידישער געמיינדע ניט פאר תענוג און חס וחלילה ניט פאר געווינס. מען האָט ארויפגעצוואונגען אויף דער „אידישער וועלט" דעם פארבאָט צו פאָרטזעצען דעם קאמף דורך די אינטערעסען וואָס זיינען געשטאנען אונטער דער מאכט פון די צדדים, וועלכע עס האָבען זיך זיי ניט געלוינט אז עס זאָל געשאפען ווערען ארדנונג און פרידען אין די אידישע אנגעלעגענהייטען פון פילאדעלפיא. מען האָט איהר געסטראשעט מיט פינאנציעלער רואינע און אונטער־גאנג אויב די „אידישע וועלט" וועט ניט גלייך אויפגעבען דעם קאמף געגען דעם צד, אָדער צדדים וואָס זיינען געווען פאר־אינטערעסערט אז עס זאָל אלץ בלייבען ביי דער אלטער קאָרופּ־ציאָן און פארפוילטקייט ווי געווען.

און אזוי האָט זיך געענדיגט אונגליקליכערווייזע א באווע־גונג, וואָס האָט געזאָלט זיין דער טריומף פון דערגרייכונגען פאר דער „אידישער וועלט". אזוי איז פארבליבען דער אנגע־וועהטיגטער פראָבלעם פון הפקורות און כאָאָס אויף דער אי־דישער גאס פון פילאדעלפיער אידענטהום ביז אויף דעם היינ־טיגען טאָג.

איך האָב אין אָנפאנג פון דיזען קאפיטעל געגעבען אן איבערבליק איבער די נסיונות און שטרויכלונגען, וועלכע א מאָדערנע וועלטלאכע צייטונג האָט דורכצומאכען אויף דעם שווערען דארנדיגען וועג פון אויסהאלטען און מאכען באצאָהלען אזא קאָמפליצירטע און דעליקאטע ביזנעס ווי ארויסגעבען א צייטונג מיט ערפאָלג. א אידישע צייטונג ווי „די אידישע וועלט" אין פילאדעלפיא, וועלכע מוז שטענדיג קאָנקורירען מיט די אידישע צייטונגען פון נויארק. שטענדיג צו קעמפען פאר איהר עקזיסטענץ.

עס איז ניט ווייניגער די שולד פון די אידישע צייטונג־לעזער פון אונזער שטאָדט, וואָס זיי שטיצען ניט און פאטראָ־נייזען ניט ווי געהעריג, אין א געניגענדער מאָס די איינציגע פילאדעלפיער אידישע צייטונג זי זאָל קענען אָנגעהן מיט איהר נוצלאכע טהעטיגקייט פאר דער אידישער קאָמיוניטי זעלבסט־שטענדיג, אומגעשטערט און זאָל זיין אומשטאנד ביישטעהן די

שטרויכלונגען און נסיונות צו וועלכע יעדע צייטונג און בפרט א אידישע צייטונג איז אויסגעזעצט אין קאמף מיט די רעאק־ציאָנערע און פינסטערע כחות, וועלכע לויערן אין יעדער גע־זעלשאפט צו פארדונקלען דאס ליכט פון טאָג.

א אידישע צייטונג אין יעדער פראָווינציעלער שטאָדט, אפילו אין דער דריטער גרעסטער אידישער קהלה אין לאנד — אין פילאדעלפיא נויטיגט זיך און איז בארעכטיגט צו א סובסי־דיע און פינאנציעלע שטיצע פון דער אידישער געמיינדע און פון יחידים אלס ביזנעס און געשעפט פאטראָנייזער פון דער צייטונג. נאר אזוי ארום, נאָר דאן וועט די איינציגע אידישע צייטונג אין אונזער שטאָדט, „די אידישע וועלט”, קענען עקזיס־טירען און ארבייטען פאר דעם פאָרטשריט פון דער אידישער פילאדעלפיער קאָמיוניטי זעלבסטשטענדיג, אונערמידליך און אונערשראקען.

# די פּעדערײשאַן פון דזשואיש טשאַריטיס

(פאראייניגטע אידישע צדקה אנשטאלטען)

ווען די ערשטע אידען מאַראנען, וועלכע האָבען זיך גערע־טעט פון דער אינקוויזיציע אין בראזיל, זיינען אנגעקומען אויף א שיף אין דעם יאָהר 1665 אין ניו אמסטערדאם, די איצטיגע ניו־יאָרק, האָט דער דאמאָלסטדיגער שטרענגער גאָווערנאָר, פּי־טער סטייוועסאנט, אזוי ווערט דערצעהלט, ניט געלאָזט די אנוסים, די אידישע פליכטלינגע פון דער קאטוילישער בראזיל, לאנדען אין דעם פּאָרט פון נויארק. דאן האָבען די אידען געגעבען זייער שבועה און פארשפּראָכען, אז קיינמאָל וועלען די אידען ניט פאלען צו לאסט מיט זייערע אָרימע, קראנקע און נויטליידענדע אויף דער ניט־אידישער געזעלשאפט, נאָר וועלען אליין זאָרגען פאר די אידישע אָרימע און נויטבאדערפטיגע.

מעג מען יא אָדער ניט גלויבען אין פילאנטראָפּיע; מעג איינער דענקען, אז צדקה געבען, טשאַריטי אויסטיילען, איז ניט דער העכסטער אידעאל צו וואָס די מענשהייט דארף שטרעבען, און אז מיט רחמנות געפיהלען וועט מען ניט אויסלייזען די וועלט פון נאטירליכע און מענשליכע צרות און אומגליק. אין דעם אויבענגעזאגטען מעג זיך געפינען א קערענדעל אמת. און אזוי איז אויך אמת אז סע וועט נאָך נעמען פיעלע יאָהרען און פילייכט פילע דורות און דער משיח, אויף וועלכען די ליידענדע מענשהייט קוקט זיך אויס די אויגען, וועט אזוי שנעל ניט קו־מען. דער אידעאל, וואָס פארשפּרעכט צו ברייגגען סאָציאלען יושר אויף דער וועלט, און אז אומגלייכהייט, אָרימקייט און נויט וועלען אָפּגעשאפט ווערען, און אז די געזעלשאפט וועט זיך מעהר ניט נויטיגען אין מענשליכער הילף פון צדקה און טשאַ־ריטי. ליידער, איז יענע, געווינשטע, גליקליכע צייט נאָך אלץ ווייט פון אונז. דערווייל נאָר א חלום פון א ווייטער צוקונפט, ווייל באגריפען, אידעען און מנהגים, וואָס זיינען איינגעפלאנצט געווארען אין דעם געזעלשאפטליכען מענשען פון קדמונים אָן, פון פיעלע יאָהר טויזענדער צוריק — זיי לאָזען זיך ניט אזוי

לייכט אויסוואָרצלען, זיך אָפּזאָגען פון זיי. עס איז ניט גענוג צו פּראָקלאַמירען נייע פּרינציפּען, מאכען נייע געזעצען אויף פּאַפּיר, גלויבענדיג, אז אזוי ארום וועלען אָפּגעשאפט ווערען אויף אייביג מענשליכע ליידען, נויט און אומגליק.

צווישען דער באפעלקערונג פון גרויס־שטאָדטישען לעבען, וואו די קאָנדישאָנס און מיטלען פון עקזיסטענץ־מעגליכקייטען בייטען זיך אזוי אָפט און ענדערען זיך אזוי שנעל און ווערען באשטימט פון אויסערליכע באדינגונגען און צופעלע, איז דער איינצעלנער מענש מיט זיין עקזיסטענץ קיינמאָל ניט זיכער, — דאָס לעבען פון דעם פאמיליען מענש אין דער גרויסער שטאָדט איז אויסגעזעצט צו די קאפריזען פון שיקזאל, וועלכער, אין צייטען פון עקאָנאָמישען קריזיס און דעפּרעסיע, פארוואנדעלט דעם וואוילהאבענדען בעל הבית, דעם איינגעוואָרצעלטען גביר, אי־בערנאכט אין אן אָרימאַן, אין א געפאלענעם, ארויסגעשטויסען פון זיין עקאָנאָמישער פּאָזיציע.

ביי אידען איז פון אייביג אָן שטארק ענטוויקעלט דער געפיהל פון רחמנות אויפ׳ן נויטליידענדען. די אידישע תורה, די עטיק פון די נביאים, האָט כסדר באטאָנט און געפאָדערט צו טאָן גערעכטיגקייט צו די אָרימע פון פאָלק, צו שטיצען דעם געפאלענעם, צו זעטיגען דעם הונגעריגען, צו באקליידען דעם נאקעטען און צו באשיצען דעם יתום און די אלמנה. „כי לא יחדל האביון מקרב הארץ”.

געקומען אין דיזען לאנד פון פרייהייט און גלייכהייט, האָבען די אידישע עניגראנטען געבראכט מיט זיך די שעהנע אידישע מדה פון געבען, העלפען און זאָרגען פאר די נויטליי־דענדע, פאר די הילפלאָזע.

באלד, ווי די ערשטע פּיאָנערען פון דעם מזרח־אייראָפּע־אישען אידענטום אין אונזער שטאָדט האָבען זיך אביסעל איינ־געאָרדענט, אויפגעשטעלט זייער געצעלט, געבויט דאָ זייער היים, האָבען זיי זיך גענומען זאָרגען פאר זייערע אייגענע אָרימע און נויטבאדערפטיגע. געגרינדעט געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס, אָהן וועלכע א אידישע געמיינדע אין א אידישען ישוב קען ניט אויסקומען, קען זיך ניט ענטוויקלען. צוערשט האָט זיך אָרגאַ־

ניזירט דער רעליגיעזער עלעמענט, פארזאָרגט א שוהל, א בית תפילה, א בית המדרש, א מקדש מעט. שפּעטער זיינען געגרינ־דעט געווארען די וואוילטהעטיגע אנשטאלטען און קולטורעלע אינסטיטוציעס, ווי די הכנסת אורחים ומושב זקנים, די היברו ליטעראטור סאָסייעטי און די צענטראל תלמוד תורה און ישיבת משכן ישראל. נאָך שפּעטער — די ישיבה פון סטראָבערי מענ־שאָן. דאן איז געעפענט געווארען די „היברו אָרפאנס האום", בית יתומים, די חברה קדישא, דער מאונט סינאַי האָספּיטאל, און נאָך פיעלע אנדערע אנשטאלטען און אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען געגרינדעט און געשטיצט געווארען פון דעם מזרח אייראָ־פּעאישען אידישען ישוב פון אונזער שטאָדט.

די אידישע אנשטאלטען, געגרינדעם פון רוסישע, פּוילישע, רומענישע און גאליצישע אידען פון אונזער שטאָדט, זיינען געווען דער שטאָלץ און דער צענטער פון אידישער טהעטיגקייט אין אידישען געזעלשאפטליכען לעבען פון פילאדעלפיא. די אלע אנשטאלטען זיינען אָנפאנגס געשטיצט געווארען פון צוויי־ערליי קוועלען: דורך מאָנאַטליכע ביישטייערונגען פון מיטגלי־דער און סימפּאטיקער, און דאן פון פּעריאָדישע אונטערנעמונגען, ווי קאָנצערטען, בעלער, פּארטים און טעאטער בענעפיטען. די אלע אָפּטע אונטערנעמונגען און פארוויילונגען פאר דעם בענע־פיט פון די אינסטיטוציעס האָבען באפריינדעט און פאראייניגט די אידישע אימיגראנטען פון יענער צייט אין א בונד פון פריינדשאפט און געזעלשאפטליכקייט. דאָך האָט יעדער אנ־שטאלט און אינסטיטוציע געלעבט פאר זיך און איז מיט זיין אָדער איהר עקזיסטענץ געווען אנגעוויזען אויף אייגענע כחות.

איז געקומען די עפּאָכע פון „עפישענסי", פון מאָדערנער פאַרוואלטונג, פון עקאָנאָמישער שפּאָרזאמקייט און רעגולירונג פון פּריוואטע און געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס. אין אונזער פאל, אין דער היגער אידישער געמיינדע, האָט מען זיך ארומ־געזעהן, אז די מיטגלידער, די גוטהערציגע, די גוטמיינענדע שטיצער פון אידישע אינסטיטוציעס, ווערען באלעסטיגט צו אָפּט און פון צופיעל קאָלעקטאָרס און קהל'שע אונטערנעמונ־גען. מען האָט אויסגערעכענט אז פון יעדען דאלאר, וואָס א

מיטגליד און סימפאטיקער גיט צו אונזערע אונטערנעמונגען, בלייבט נאָר א האלבער פאר דעם אנשטאלט, און פון דעם צווייטען האלבען דאָלאר עסען אויף די אויסגאבען פאר דינגען דעם האָל, פאר דעם טעאטער, פאר אדווערטייזען, דרוקעריי און באדינונג.

ווייטער האָט מען אָנגעצייגט, און מיט רעכט, אז עס האָבען זיך געגרינדעט און עס גרינדען זיך נאָך היינט צו טאָג די אזוי־גערופענע דופליקאטען אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען איבעריג און ניט נויטיג, ווייל אזעלכע עקזיסטירען שוין, און אז נאָר קליינע אמביציעזע כבוד־זוכער, האָבען זיי, די דופליקירטע אנשטאלטען, אויף דער וועלט געבראכט און זיי זיינען נאָר א שווערער און איבעריגער באַלאסט און אומגעווינשטער האָרב אויף די שולטערן פון דער אידישער געזעלשאפט פון אונזער שטאָדט.

אונזערע עלטערע ברידער, די דייטשע און אמעריקאנער אידען, וועלכע זיינען מעהר ערפאהרען אין אָרגאניזאציאָנס לעבען, האָבען די ערשטע איינגזעהן די נויטווענדיגקייט פון פאראייניגען, פון רעפאָרמירען און אויסבעסערן די קאָמונאלע אינסטיטוציעס פון אונזער שטאָדט.

„די פעדערעישאן אוו דזשואיש טשאריטים" (פאראייניגטע אידישע וואוילטהעטיגע אנשטאלטען) איז געגרינדעט געווארען אין אפריל, 1901, מיט די פאָלגענדע באאמטע: דזשייקאב נימבעל, פרעזידענט; בענדזשאמין וו. פליישער, ערשטער וויים־פרעזידענט; עדווארד ב. לאָעב, צווייטער וויים־פרעזידענט; איסאי לאנדשטאטער, סעקרעטער; מארים דאנענבוים, טרעזשו־רער.

דירעקטארען פאר צוויי יאָהר צייט: עדווארד שטערן, איליי ב. זעליג, דזשייקאב ד. ליט און ארטור לאָעם.

דירעקטאָרען פאר איין יאָהר צייט: דזשייקאב ד. פרענק, בעני מ. ראָזענבוים, סעמועל ר. פעלד און לואים פליישער.

די סובסקרייבערס, טשארטער מיטגלידער: וויליאם ב. האקענבורג, מאקס הערצבערג, ליא לאָעם, בען לואים גריוסטלי, בענדזשאמין וואולף, ארנאָלד קאהן, לואים ע. ליווי, אדרים

בעהאל, מרס. דזשוליא פרידבערגער, קלארא ק. רובין, דזשעני מייער סולצבערגער, לואיס וואולף און בענדזשאמין וואולף.

דער צוועק פון די פרינציפּען־ערקלערונג פון דער „פעדע־ריישאן”, לויט דעם „טשארטער” און דאָס זעלבע אינקאָרפּאָרירט אין דעם יאָהרבוך פון 1927, ארויסגעגעבען פון דער פעדעריי־שאָן, זיינען, ווי פאָלגט:

ערשטענס, אָפּשאפען אלע סאָרטען פון ניט בארעכטיגטע זאמלונגען (קאָלעקשאָנס), בילעטען פארקויפען און אנדערע אומאויסטאָריזירטע בענעפיט אונטערנעמונגען.

צווייטענס, פארזיכערונג צו דער קאָמיוניטי, דאָס די אלע קאָלעקטירטע געלדער פון דער „פעדעריישאן” פאָנדען וועלען פארטיילט ווערען אזוי, דאָס די גרעסטע צאָהל בארעכטיגטע מאָס.

דריטענס, צו פארזיכערען דעם עולם צו פארעפענטליכען א גענויע און פּינקטליכע רעכענינג פון די אלע געלדער, וואָס זיי־נען קאָלעקטירט און פארטיילט.

פערטענס, צו געבען די מעגליכקייט צו יעדער אינסטיטוציע, אז זי זאָל זיך קענען גענצליך אָפּגעבען און ווידמען איהר צייט און ענערגיע צו דעם וואוילזיין פון דער אינסטיטוציע דערמיט, וואָס די לעצטע וועט זיין פריי פון זאָרגען און צו שאפען געלד פאר דער עקזיסטענץ און טעטיגקייט.

פינפטענס, אין פאָל פון נייע פילאנטראָפּישע אונטערנעמונ־גען אדער אינסטיטוציעס פארלאנגען אנערקענונג און שטיצע פון דעם פּובליקום, וועט די פעדעריישאן צוערשט אונטערזוכען און אינפאָרמירען דעם פּובליקום וועגען דער נויטווענדיגקייט און נוצליכקייט פון אזא נייער אינסטיטוציע.

זעקסטענס, צו רעפּרעזענטירען די היגע אידישע געמיינדע פאר דעם צוועק צו פארוואלטען די וואוילטעטיגע, פילאנטראָ־פּישע און ערציהערישע און אנדערע אינסטיטוציעס פון דעם זעלבען ווערט.

אין דעמזעלבען יאָהרבוך האָט די פעדעריישאן, אין נאָמען פון דער באָרד אוו דירעקטאָרס, געדרוקט א נאָטיץ, א ווארנונג, אז קיינער זאָל ניט וואגען צו קאָלעקטען געלד פאר פילאנטראָ־

פישע צוועקען אָהן דער ערלויבעניש און צושטימונג פון דער באָרד, ווייל דאָס וועט שטערען די ענטוויקלונג פון דער פעדע־ריישאָנס אידעען און איהרע טעטיגקייטען.

ניט אלע אינסטיטוציעס האָבען גלייך אנגענומען דעם פּלאַן צו אָנשליסען זיך אין דער פעדערײשאַן. ביז דעם יאָהר 1918 האָט די פעדערײשאַן גענצליך אדער נאָר טיילווייז געשטיצט בלויז פערצעהן אינסטיטוציעס, וועלכע האָבען זיך ביז דאן אָן איהר אָנגעשלאָסען.

די מעהרסטע און פארשידענארטיגע אנשטאלטען, געגרינ־דעט פון די מזרח־אייראָפּעאישע אידען, זיינען געווען אומענט־שלאָסען און האָבען בעסער אליין שווער געקעמפּט אויפצוהאל־טען די אנשטאלטען, וואָס זיינען געווען ביי זיי ליעב און טייער ווי אן אייגען קינד וואָס מען דערציהט מיט פיעל מיה און וועה־טאָג פון קליין צו גרויס.

ערשט אין יאָהר 1919 איז די פעדערײשאַן געווען ערפאָלג־רייך פולע הונדערט פּראָצענט, דאָס הייסט, עס האָט זיך איינ־געגעבען דער פעדערײשאַן צו פאראייניגען אלע אינסטיטוציעס אונטער איהר שוץ און זיי צו שטיצען, ווי אויך די אלע מיט־גלידער און סימפּאטיקער פון די אלע אינסטיטוציעס. פון זייער זייט האָבען זיך פארפליכטעט צו געבען זייער פולע שטיצע און בייטראגען נאָר צו דער פעדערײשאַן פולע הונדערט פּראָצענט, און יעצט, ווען די שורות ווערען געשריבען אין יאָהר 1933, צעהלט די פעדערײשאַן אונטער איהר שוץ 52 אינסטיטוציעס, וועלכע ווערען פארזאָרגט מיט דעם נויטיגסטען פאר זייער עק־זיסטענץ, לויט מעגליכקייט און לויט דער איינקונפט פון אלע קוועלען וואָס די פעדערײשאַן באזיצט.

אין די פּראספּעריטי יאָהרען האָט די פעדערײשאַן אויך גענאָסען אין א פולער מאָס פון די גוטע צייטען. געלד איז אריינ־געקומען פון אלע פארשידענע קוועלען, א באדייטענדע סומע געלד איז געקומען פון ירושות און ענדאָומענטס, וואָס די רייכע אמעריקאנער און דייטשע אידען האָבען איבערגעלאָזט אין זייערע צוואות פאר דעם בענעפיט פון דער פעדערײשאַן. צ. ב. ש. די סומען אונגעפעהר פון 1 טויזענד ביז 5 טויזענד דאלאר זיינען

פארצייכענט אין דעם אויבענדערמאָנטען יאָהרבוך אין די מאסען, וועלכעס איז ניט דער פּלאַץ דאָ אויספיהרליך צו דרוקען. דערפאר וועל איך זיך ערלויבען דאָ צו נאָטירען די העכערע סומען:

אין יאָהר 1915 האָט דער גוטהערציגער מענשען־פריינד און איבערגעבענער אידישער כלל טוער, דער באריהמטער דאָק־טאר לואיס וו. שטיינבאך ע"ה געלאָזט 10 טויזענד דאלאר צו דער פעדערייישאן אלס מעמאָריעל פאָנד.

אין 1917 האָט הענרי זיידענבאך געלאָזט 20 טויזענד דאלאר פאר דער פעדערייישאן.

אין 1921 האָט סיימאן קאהן ע"ה אפגעזאָגט פאר דער פעדערייישאן 25 טויזענד דאלאר.

אין 1924 האָבען מאזעס און קאראליינע הירשלער געלאָזט פאר דער פעדערייישאן 20 טויזענד דאלאר.

אין 1926 האָט בענדזשאמין וו. פליישער געלאָזט פאר דער פעדערייישאן 25 טויזענד דאלאר.

אין 1923 האָבען די ברידער גימבעלס פאמיליע געלאָזט אין אנדענק פון זייער פארשטאָרבענעם ברודער דזשייקאב גימ־בעל א מעמאָריעל פאָנד פון 100 טויזענד דאלאר פאר דער פעדערייישאן.

אין 1927 האָט דער פארשטאָרבענער דזשוליוס ע. מאסט־בוים געלאָזט 101 טויזענד און 664 דאלאר און 47 סענט, אן אינשורענס פאליסי פאר דעם בענעפיט פון דער פעדערייישאן.

די גרעסטע ירושה וואָס די פעדערייישאן האָט באקומען פון אן איינצעלנעם פריינד און סימפאטייזער מיט זיין פרוי, דאָס איז פון הערי און דעבאראה דזשיטלעס, א סומע פון 174 טויזענד דאלאר פאר דעם בענעפיט פון דער פעדערייישאן.

איך האָב מיר גענומען די מיה און פּלאַץ אין דיזען בוך צו פארצייכענען די גאָר גרויסע ירושות און פארשידענע אויך באדייטענדע סומען געלד וואָס אונזערע דייטשע און אמעריקא־נער אידישע ברידער שרייבען אָפּ נאָך זייער לעבען פאר צוועקען פון צדקה.

פילע רייכע און וואהלהאבענדע אמעריקאנער אידען, וואָס קומען פון מזרח אייראָפּעאישע געגענדען האָבען געמענט ווענען דעם זיך פארטראכטען . . .

די יאָהרען 1924־25־26 וועלען פארשריבען ווערען אלס די גלאנץ־פעריאָדע אין דער געשיכטע פון דער פעדערעישאן און דזשואיש טשאריטיס און פילאדעלפיא. פארוואָס אזוי ?

ערשטענס, איז די צייט פון די אויבענדערמאָנטע יאָהרען געווען פראספּעריטי יאָהרען אין מאַטעריעלען זין; רייכטהום איז געשאפען געווארען איבער נאכט, געלד און גאָלד איז גע־פלאָסען אין שטראָמען וואָס האָט ניט געהאט זיין גלייכען זייט דער צייט פון די קלאָנדייקס און קאליפאָרניא גאָלד־גרובען זיינען אנטדעקט געווארען. האָבען דאן אלע געעפענט די הערצער און די פּאקעטס און די 22 טויזענד סובסקרייבער, די גוטשטעהענדע מיטגלידער פון דער פעדערעישאן, האָבען געצאָהלט פולע 100 פּראָצענט און האָבען זייערע פּלעדזשעס, זייערע פארפליכטונגען פּאָלשטענדיג דערפילט.

דער עיקר האָבען יענע יאָהרען גרויס און וויכטיג געמאכט די פעדערעישאן, איהר געגעבען אן אינהאלט און א נשמה — דער עהרענהאפטער און אידעאליסטישער ריכטער האריים סטוירן, פּרעזידענט פון דער פעדערעישאן פאר די יאָהרען 1924־1926, פון א טרוקענער, מאַשינאָווער און דיסציפּלינירטער זאמלונג אגענטור, האָט ער דער הויכגעבילדעטער, טיעף־געלע־רענטער און עטיש־פילאָזאָפישער ריכטער סטוירן, מיט דער הילף פון דעם טיכטיגען און ענערגישען עקזעקוטיוו דירעקטאר דזשיי־קאב ביאליקאָף, פארוואנדעלט די פעדערעישאן אין א ציעל־באוואוסטער, געוויסענהאפטער און פאראנטוואָרטליכער קער־פּערשאפט, וואָס באצוועקט צו פאראייניגען אלע טהעטיגקייטען פילאנטראָפּיש, קולטורעלע און ערציערישע אין דער אידישער קאָמיוניטי פון אונזער שטאָדט.

אין זיינע אדרעסען ביי די יעהרליכע דירעקטאָרען מיטינגען און ביי אנדערע געלעגענהייטען האָט דער געעהרטער ריכטער, האָריים סטוירן זיך ארויסגעוויזען צו זיין פארטגע־

שריטען, ראדיקאל געזאָגנען איבער די גרונדפּרינציפּען פון מאָ־
דערנער פילאַנטראָפּי, איבער צדקה געבען.

צו דער פייערונג פון דעם 25 יאָהריגען עקזיסטענץ פון דער
פעדערייישאַן, האָט דער באַגאַבטער אָראַטאָר, ריכטער סטוירן
געזאָגט אין זיין אדרעס באטיטעלט „דעמאָקראַטיזירט טשאַריטי"
פאָלגענדעס:

„און וואָס האָט די פעדערייישאַן אויפגעטאָן פאַר אונז אלס
אינדיווידואיומס, אלס יחידים? צו די וואָס דער שיקזאל
האָט זיי פאַראומגליקט און וועלכע האָבען גענאָסען די בענע־
פיטען, וואָס האָט זיי די פעדערייישאַן געגעבען? דער ענטפער
איז, צו טויזענדער האָט זי געגעבען געזונד, צו טויזענדער
ערציהונג. געהט, זעהט די קליינע קינדער אין די יתומים הייזער
ווי זיי לויפען דאָרט ארום און שפּילען זיך. וואו וואָלטען זיי
געווען, ווען ניט די פעדערייישאַן? זיי וואלטען זיך געוואלגערט
אין די פינסטערע עלים, די שמוציגע הויפען און פאַראָרימטע,
חושך'דיגע היימען און אין הייזער פון שאַנדע און זינד.

„דענקט איהר ניט, אז עס איז ווערט דער דאָלאַר וואָס מען
גיט צו דער פעדערייישאַן, דער דאָלאַר וואָס ברענגט א שמייכעל
צו א קינד און פרייד אין זיין הארץ? זעהט די אלטע ווי זיי
פאַרברענגען זייערע לעצטע יאָהרען אין די היימען פון מושב
זקנים, זעהט זיי דאָרט, ווי זיי רעדען, דאַוונען און לעבען אין
פרידען און רוה. וואו וואָלטען זיי זיך אהינגעטאָן אָהן דער
פעדערייישאַנ'ס הילף? דעזערטירט, איבערגעלאָזט ביי זייער
קינד אויף דעם אייגענעם שיקזאל, ווייל גאַנץ אָפט זיינען זיי
צו די קינדער ניט מעהר ווי א שווערע לאַסט.

דענקט איהר, אז אזא דאָלאַר געהט אין ניוועץ, וואָס פאַר־
געהט, זעהט די ארימע קראַנקע, די ליידענדע אין די האָספּיטאַ־
לען? און די וועלכע ערהאָלען זיך נאָך זייער קראַנקהייט אין
ערהאָלונגס הייזער. זעהט ווי זייערע שמערצען, פאַראומעטקייט
ווערט געהיילט און פאַרלייכטערט דורך געניטע הענט פון די
דאָקטוירים און באַדינער, וועלכע ברייגגען צוריק געזונט אין די
פאַרמאַטערטע קערפּערס פון די ליידענדע.

„וואו וואָלטען זיי געווען אָהן דער פעדעריישאן ? זיי וואָלטען געשטאָרבען אין די בוידעם שטיבער, געקוועלט און פארצעהרט פון שמערצען און אגאָני.

„דענקט איהר, אז עס איז ווערט א דאלאר צו רעטען א מענשענס לעבען ?

„זעהט די אומגליקליכע אלמנות געבליבען מיט קליינע קינדער, וועלכע זי קען ניט שפייזען, ניט קליידען און ניט ער־ציהען. באדענקט נאר די אנגסטען און די ליידען און וועה. די פארצווייפלונגען וואָס אזא מוטער לעבט איבער. און זעהט ווידער ווי די דאָזיגע פאמיליע איז צוריקגעשטעלט אויף די פיס דורך דער „וועלפיער סאָסייעטי" פון דער פעדעריישאן. זיי גע־געבען נייע האפנונגען צו עטאבלירען זיך, צוריק צו באקומען אן אנשטענדיגע און נאָרמאלע עקזיסטענץ.

„דענקט איהר ניט, אז עס איז כדאי דער דאלאר, וואָס איהר גיט צו דער פעדעריישאן, וועלכע גיט מענשען א געלע־גענהייט, ברענגט צוריק דאס פאמיליען לעבען און דערלעזט, דערפרישט א מענשליכע נשמה ?

„זעהט די קינדער, אינגלאך און מיידלאך אין די תלמוד תורות. זעהט ווי זיי ווערען אונטעריכטעט אין די לעהרען פון אידענטהום, נעמען אין זיך אריין די שעהנהייט, די עהאבענ־קייט פון די גייסטיגע און עטישע לעהרען, וועלכע זיינען דער פונדאמענט פון דעם ציוויליזירטען לעבען אין דער גאנצער וועלט. וואו וואָלטען זיי זיך אהינגעטאָן אָהן דער פעדעריישאן? זיי וואָלטען זיך ארומגעוואלגערט אין די גאסען, געשטאַנען אויף די גאסען ווינקלען, זיך אויסגעלערענט פארברעכען און זיך אָנגעשטעקט פון שלעכטע חברים אלץ וואָס איז פארדאָרבען און זינדיג.

„דענקט איהר, אז אזא דאלאר, וואָס רעטעט די יוגענד און שטארקט די אידישע אמונה, דעם אידישען גלויבען, אזא דאלאר איז ארויסגעווארפען ?"

און ווייטער זאָגט דער געלעהרענטער ריכטער האָריס סטוירן פאָלגענדעס:

שטעלט אייך פאָר, אז מיר זיינען אין גאנצען פארזונקען

אין ביזנעס אינטערעסען, און בלויז דאָס אין וואָס מיר גלויבען איז בלויז צו געניסען און ארויסברענגען פון לעבען נאָר סער־פערליכע און אינטעלעקטועלע פארגעניגענס. וואָס פאר א רויע און גרויע און זעלבסטזיכטיגע מענשען מיר וואָלטען דאן געווען, וועלכע גראָבע מאטעריאליסטען מיר וואָלטען דאן זיין, ווי באנאל און אומפאסענד צו רופען זיך א גאָטעס פאָלק, אלץ וואָלט זיך באצויגען נאָר אויף דעם, וואָס מיר באזיצען, וואָס מיר פאר־מאָגען. מענשען וואָלטען געשעצט געווארען ניט לויט דעם וואָס זיי טוען אויף, נאָר לויט דעם וואָס זיי פארמאָגען. דאָס לעבען וואָלט געווען נאר א ביטערער קאמף און ווי חיות וואָס קעמפען פאר א ביין. דער רעזולטאט פון אזא לעבען וואָלט זיין, סימ־פאטיעס, פארטעמפט, געפיהלען אבגעשוואכט און די גייסטיגע כחות, וואָס בילדען און שאפען דעם מענשענס כאראקטער וואלטען פארשווינדען און די מאָראל פון אונזער קאָמיוניטי וואָלט זיך צופאלען און פארניכטעט.

## דער בילדונג קאמפיין

דער יאָהר 1926 איז געווען און וועט פארבלייבען היס־טאָריש אין דער געשיכטע פון דער פעדעריישאן. אין יענעם יאָהר האָט די פעדעריישאן אונטערנומען א דרייוו, א קאמפאניע פאר א בילדונג פאָנד.

די פארשידענע אינסטיטוציעס, וואָס שטעהן אונטער דעם שוץ און אויפזיכט פון דער פעדעריישאן האָבען זיך ארויסגע־וויזען צו זיין צו קליין, ניט באקוועם און אין פיעלע פאלען פאר־עלטערט. די אלטע געביידען האָבען זיך גענומען צופאלען און עס איז געווארען א געפאהר פאר די וואָס געברויכען זיי. די פעדעריישאן האָט ארויסגעלאָזט א רוף צו גרינדען א ספעציעלען פאָנד פאר דעם צוועק צו איבערבויען, צו פארגרעסערן און בויען גאנץ נייע געביידעס, וואו עס איז נויטיג.

דער דרייוו איז געווען א פאָלשטענדיגער ערפאָלג. די בילדינג קאָמיטע פון דרייוו האָבען באשטימט די העכסטע קוואָטע, וואָס זיי האָבען אין בעסטען פאל דערווארטעט איז געווען $3,500,000, דאָס איז געווען די העכסטע סומע וואָס א

היגע אידישע געמיינדע האָט ווען געוואגט צו פארלאנגען פאר וואהלטעטיגע צוועקען. ווי דערפרעהענד און איבעראשט איז די דרייוו קאָמיטע פון בילדינג פאָנד געווען צו דערפאהרען, אז די אידישע קאמיוניטי פון פילאדעלפיא האָט אונטערגעשריבען זייערע פלעדזשעס, זייערע פארפליכטונגען פאר דעם בילדינג פאָנד 4,000,000 דאלאר. מיט א האלבען מיליאָן מעהר פון דער קוואטע.

עס איז אינטערעסאנט צו וויסען ווי אזוי און פון וועלכען קלאס די זאמלונגען פאר דעם בילדינג פאָנד איז געקומען. דער ערשטער מיליאָן דאלאר איז געקומען פון בלויז 13 פערזאָן. דער צווייטער מיליאָן דאלאר איז אונטערצייכענט געווארען פון 79 פערזאָן. דער דריטער מיליאָן האָבען אונטערגעשריבען 418 פאטראנייזער, ד. ה. אז 3 מיליאָן דאָלאר זיינען געצייכענט געווארען פון 510 מענשען פון א אידישער באפעל־קערונג פון איבער 200 טויזענד נפשות. דער פערטער מיליאָן איז געזאמעלט געווארען פון 11,598 יחידים. אין גאנצען זיינען געווען 12,108, וועלכע האָבען זיך געפלעדזשט, מנדר געווען צו דעם 4 מיליאָן בילדינג פאָנד. די צאָהל איז כמעט א העלפט פון די 22,000 מיטגלידער וואָס האָבען באלאנגט צו דער פעדע־ריישאן.

עס איז געווען די אבזיכט פון דער פעדערריישאן, אז די גרעסטע סומען פאר דעם בילדינג פאָנד זאָלען קומען פון דעם רייכען קלאס, און אזוי האָט פאסירט. די 510 מנדבים האָבען בייגעשטייערט 3 מאָל אזוי פיל ווי די איבער 11 טויזענד ביי־שטייערער.

די אינסטיטוציעס וואָס האָבען גענאסען פון דעם בילדינג פאָנד זיינען געווען פאָלגענדע: די לוסיען מאזעס האָום פאר אונהיילבארע קראנקע און דעם דזשואיש האָספיטאל, דאן די נייע, באקוועמע און לופטיגע ערהאָלונג היים אין דער נאכבאר־שאפט פון ווילאו גראָוו פארק, א נייע געביידע פאר די שווינד־זוכטיגע אין „איגעלסוויל", דאן קומט מאונט סינאי האָספיטאל מיט איהר נייע פראכטפאלע און אימפאָזאנטע בילדינג אין דער 6טע און ווילדאר סט. א שעהנע און באקוועמע היים האָט די

פעדעריישאן געבויט פאר די מיידלאך וואָס זיינען ארים און האָבען ניט קיין היים און קיין געזעלשאפט, דאָס איז די רעבעקא גרעטץ האָום אין 5טע און ספרוס סט., און דאן האָט די פע־דעריישאן אויפגעשטעלט צוויי נייע אידישע צענטערס פאר דער־ציהערישע צוועקען, וועלכע זיינען דער שטאָלץ פון דער אידישער דערציהונג סיסטעם אין אונזער שטאָדט.

די בילדינג קאָמיטע, וואָס האָט אונערמידליך געארבייט און דורכגעפיהרט מיט אזא ערפאָלג דעם בוי־פּלאן זיינען געוועזן די פאָלגענדע הערען: דזשוליוס ע. מאסטבוים ע"ה, עהרען־טשערמאן, אלבערט מ. גרינפעלד, טשערמאן, דזשאָזעף ז. גרינ־בערג, אלבערט ה. ליבערמאן, לואיס וואולף, מאורים ל. וואורצעל און דר. סיירוס אדלער. צוזאמען מיט דעם עקזעקוטיוו דירעק־טאר דר. דזשייקאב ביליקאף, און פרעזידענט ריכטער האָריים סטוירן אלס עקס אפישיא.

## די שווערע יאָהרען פון קריזיס

זיינען געקומען די שווערע יאָהרען פון קריזיס און דעפּ־רעסיע, וואָס האָט זיך אזוי שטארק געלאָזט פיהלען צום ערגסטען אין דער פעדעריישאן. איז דאך די פעדעריישאן דער באראָמע־טער, דער דופק פון גוטע אדער שלעכטע צייטען אין דער גע־זעלשאפט. ווען דער ברויט־געבער, דער פאמיליען־פאָטער פאר־לירט צוליב דעם עקאָנאָמישען קריזים זיין באשעפטיגונג; נאָך מאָנאטען לאנג ארומגעהן אָהן ארבייט און פארקויפט אלץ פון וואָס מען קען מאכען געלד אויף דער הוצאה, אויסגענוצט זיינע פריינד אום צו קריגען א טובה, א גמילת חסד און קען שוין מעהר ניט געהן צו זיין פעראיין, ווייל ער האָט שוין זיי אויך אויסגענוצט, דאן קומט מען, ווען אלע קוועלען האָבען זיך שוין אויסגעשעפט און מען שווארצט זיך דאס פנים און מען קומט צו דער פעדעריישאן נאָך הילף, וועלכע אין אזעלכע צייטען וואָס מיר לעבען איצט דורך איז אליין מיט איהרע פאנדען בא־גרעניצט און אויסגעצעהרט.

די ביטערסטע ערפאהרונג און ענטוישונג אין דיזער היג־

זיכט האָט מיטגעמאכט דער איידעלער, דער בריטהארציגער און יונגער לעסינג רזש. ראָזענוואלד, דער איצטיגער פרעזידענט פון דער פעדערײשאן.

אין זיין רעדע פון דעם יעהרליכען באריכט צו די דירעקטאָרען פון דער פעדערײשאן באקלאָגט ער זיך אויף דער געדריקטער פינאנציעלער לאגע און מעהר פון אלץ איז ער אויפגעבראכט געגען די פיעלע פארמעגליכע און וואָהלהאבענדע מיטגלידער פון די רייכע רעפאָרם טעמפלען, וועלכע האָבען געגוג געלד צו אויפהאלטען די שעהנע, קאָסטבארע געבעט הייזער און פאר דעם קראנקען, פאר דעם ברויטלאָזען, פאר דעם עלענדען יתום און פאר דער ארימער אלמנה האָבען זיי קיין געלד ניט. זיי, די זאטע און זעלבסטצופרידענע פון דעם אידישען פריווילעגירטען קלאס זוכען צו מאכען עקאָנאָמי אויף דעם רעכענונג פון די אומגליקליכע, די קרבנות פון קריזיס און ארבייטסלאָזיגקייט און ביזנעס דעפרעסיע.

צווישען אנדערעס אין זיין הארצרייסענדען אדרעס זאָגט ער פאָלגענדעס:

„אין דעם יאָהר 1931-1932 האָבען מיר זיך איבערצייגט אז עס וועט אונמעגליך זיין צו באלאנסירען דעם בודזשעט פון די אלע אינסטיטוציעס וואָס באלאנגען צו דער פעדערײשאן ניט ווענינגער ווי מיט 1,375,391 דאלאר, אין דער צייט ווען די אלע אויסגערעכענטע קוועלען פון איינקונפט באטרעפט ניט מעהר ווי 1,230,000 דאלאר. מיט אנדערע ווערטער, מיר האָבען א צעטעל פון 145,000 דאלאר אויסגאבען מעהר ווי די איינאהמע פון דיזען יאָהר. וואו וועלען מיר נעמען גוטמאכען אזא באדייטענדע סומע פון 145 טויזענד דאלאר? אונזער גאנצע האָפנונג, זאָגט ווייטער דער גרויסמוטיגער פרעזידענט ל. ראָזענוואלד, איז דורך די גרויסע ירושות, וועלכע גוטהערציגע מיטגלידער פון דער קאָמיוניטי וועלען אָפזאָגען פאר דער פעדערײשאן און אויך פון עקסטרא נדבות, „דאניישאָנס" וועט פיילייכט מעגליך זיין צו גוטמאכען דעם דעפיציט פון דער אויבענדערמאָנטער סומע 145 טויזענד דאלאר וואָס די פעדערײשאן איז דארונטער אין דיזען יאָהר פון 1931-1932. אז מען גערענקט

אין די פראספעריטי יאָהרען פון 1928־1929 האָט די פעדעריי־
שאַן באַווילינגט 1,595,000 דאָלאר פאר די אינסטיטוציעס פון
שטאָדט, דאס הייסט מיט מעהר ווי 220,000 טויזענד דאָלאר
ווי די פעדערײשאַן האָט באַשטימט פאר דעם זעלבען צוועק
אין דיזען יאָהר". און אז מען דערמאָנט זיך, זאָגט ווייטער דער
פעדערײשאַן פּרעזידענט מר. ראָזענוואלד, "דאָס קיין מאָל ניט
און אין קיין צייט ניט האָט די פעדערײשאַן געהאט אזוי פיעל
אַפּליקאציעס, פארלאַנגען און פאָדערונגען, וואָס עס קומט פון
דער ארבייטסלאָזיגקייט און שלעכטע ביזנעס ווי דער פאַל איז
דיזען יאָהר, דאַן קען מען זיך פארשטעלען, אז נאָך אלע עקאָנאָ־
מיעס, וואָס מען האָט איינגעפיהרט איז די פינאַנציעלע לאַגע פון
דער פעדערײשאַן ניט צו בענײדען, גאר ניט צופרידענשטעלענד.
די אַפּליקאַנטען פאר הילף און שטיצע אין דער "אידישער וועל־
פעיר סאָסייעטי" שטראָמען אריין אָהן אן אויפהער, אָהן אן
אָפּשטעל. פיעלע פון די אַפּליקאַנטען זיינען ערשט ניט לאַנג
אליין געווען מיטגלידער און צדקה־געבער און איצט קלאַפּען זיי
אין די טיהרען פון דער פעדערײשאַן און בעטען הילף, ווען אר־
מוטה און דחקות צווינגט זיי אָנצוקומען אי די אינסטיטוציעס
נאָך הילף. פילע קראַנקע אין פאָריגע צייטען האָבען געקענט
באַווייזען צו צאָהלען פאר א פּריוואַט צימער אין א האָספּיטאַל
אדער סאַניטאַריום, יעצט זיינען זיי די אמאָליגע גבירים, אדירים
געצוואונגען צו בלייבען אין "ווארד", אין דער אלגעמיינער אב־
טיילונג פון האָספּיטאַל אדער סאַניטאַריום. טויזענדער קענען
ניט צאָהלען פאר מעדיצין אין אונזערע דיספּענסערים. אויף
אזא אופן זיינען די הכנסות, די איינקונפטען פון דער פעדעריי־
שאַן איינגעשרומפּען געווארען, איינגעדארט".

איז אבער אין דעם קריטישען מאָמענט צו הילף געקומען
"די לאָיד קאָמיטע פון דער שטאָדט ארבייטסלאָזע" מיט א ביי־
שטייערונג צו דער אידישער פעדערײשאַן מיט דער סומע פון
80 טויזענד דאָלאר.

אין דעם דרייוו פאר דעם יאָהר 1932־1933 פון דער פע־
דערײשאַן צוזאַמען מיט דעם פאראייניגטען קאַמפּיין פון דער
"שטאָדט וועלפעיר פעדערײשאַן" און "רעליעף פאר ארבייטס־

לאָזיגקייט", האָט די דזשואיש פעדערײשאַן געקראָגען איהר טייל פון 1,213,000 דאלאר.

צום שלוס דאנקט דער פרעזידענט לעסינג דזש. ראזענוואלד די דירעקטאָרען און די פרעזידענטען פון יעדער באזונדער אינ־סטיטוציע פאר דעם צוטרויען און הילף וואָס זיי האָבען איהם געגעבען און באזונדערס דריקט ער אויס זיין הארציגען און טיפען דאנק דעם עקזעקוטיוו דירעקטאר דר. דזשייקאב ביליקאף פאר זיין הארציגע הילף און ווירקזאמען ראטה וואָס ער האָט געלייסטעט איהם דעם פרעזידענט פערזענליך, און צום וואָהל און בעסטען פון דער פעדערײשאַן.

פרעזידענט ראזענוואלד צום סאמע לעצט דריקט זיך אויס, אז ער איז פאלשטענדיג איינפארשטאנען מיט דער מיינונג פון זיין פאָרגענגער, ריכטער האַריס סטוירן, אז דער איינציגער וועג צו פארהיטען דעפיציטען איז — די פעדערײשאַן זאָל האָבען פאָלשטענדיגען קאָנטראָל איבער די אינסטיטוציעס און זייערע בודזשעטען, ד. ה. אז די אינסטיטוציעס זאָלען שטרענג זיין פארבאָטען צו ספענדען מעהר ווי די פעדערײשאַן וועט יעדען פו די אינסטיטוציעס באשטימען די סומע לויט איהר אנזיכט און מעגליכקייטען.

די בעאמטע פון דער פעדערײשאַן פאר דעם יאָהר 1932 זיינען ווי פאָלגט: לואיס וואולף, עהרען־פרעזידענט; ריכטער האַריס סטוירן, עהרען־פרעזידענט; דזשוסטין פ. אלמאן, עהרען־פרעזידענט; לעסינג דזש. ראזענוואלד, פרעזידענט; סעמועלס פעלז, 1טער וויס־פרעזידענט; מרס. ארטהור לאָעב, 2טער וויס־פרעז.; אייזאק גערסטלי, טרעזשורער, אווירווינג קאהן, סעק.; דזשייקאב ביליקאף, עקזעקוטיוו דירעקטאר און מאורים ב. סטוירן, עקזעקוטיוו סעקרעטאר.

## דזשואיש קאנסאמפטיוו אינסטיטוט

(אידישער אינסטיטוט פאר אויסצעהרונג ליידענדע)

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען דיזעס לאנד פון די פרייע און בראווע, אמעריקא, האָט נאָך געדענקט איהרע טרא־

דיציעס פון פרייהייט און גלייכהייט און האָט געהאלטען אָפען איהרע טויערן פאר די פּאָליטיש־געיאָגטע און פאר די רעליגיעז פארפאָלגטע, צו געפינען שוץ און גלייכע געלעגענהייטען אין איהרע ברעגען, צו לעבען און געניסען פון די פרייהייטען פון לאנד אָהן אונטערשיעד פון ראסע, רעליגיאָן און קאָליר.

צווישען פיעלע אנדערע אימיגראנטען־פעלקער האָט אויך דער אימיגראנטען שטראָם פון אידישען פאָלק זיך געצויגען פון מזרח אייראפּא אהער אין גרויסע מאסען; קומענדיג אהער האָט דער מזרח אייראפּעאישער איד אָפּגעשניטען אלע בריקען פון אונטער זיך און באשלאָסען אָנצופאנגען דאָס לעבען פון דאס ניי. קיין באשעפטיגונג ווי קליין, ווי אָרים און קיין ארבייט ווי שווער און געפעהרליך איז דעם אידישען אימיגראנט די ערשטע יאָהרען פון זיין אָנקומען אהער ניט שווער און ניט מיאוס געווען, נאָר צו קענען זיך דערהאלטען ביים לעבען און איינאָרדענען זיך אין דער נייער מדינה אמבעסטען ווי ער קען.

פארשמאכטע פון הונגער און אויסגעצעהרט און געפּייניגט פון א לאנגער און שווערע רייזע, קומענדיג אהער האָבען זיי די פארוואָגעלטע און געפלאגטע געהאָפט דא אין דער גאָלדענער מדינה צו געפינען רוהה און די געלעגענהייט צו מאכען פאר זיך און פאמיליע א לייכטערן לעבען און מיט דער צייט אויך רייך ווערען.

יא, אבער ביז דאן וואָס טהוט מען ? ביז גאָט וועט העלפען און מען וועט זיך ארויפארבייטען ? צו וואָס נעמט מען זיך אום מען זאָל קענען כאָטש די נשמה דערהאלטען ? מען קען דאָך ניט וואלגערן זיך מיט ווייב און קינד אין הכנסת אורחים אויף לאנג ?

צוויי פּרנסות זיינען דאַן געווען אָפען פאר דעם אידישען אימיגראנט : איינע שווערער און ביטערער פון דער צווייטער, און דאָס זיינען געווען : פעדלען און שניידעריי.

דער גורל פון דעם אידישען ארבייטער אין דעם שניידערטרייד איז געווען פולע 100 פּראָצענט ערגער ווי דעם פעדלער. אויסגעמאטערט פון הונגער און דחקות, האָט דער הילפלאָזער און עלענדער שניידער ארבייטער זיך געלאָזט פארשקלאפען אין

דעם סוועט־שאָפּ פון דעם שניידער באָס, געשוויצט און געפּראַ־
צעוועט 16 שטונדען א טאָג ביי דער „קאַטערינקע", די נעה־
מאַשין אדער צוגעשמידט צו דעם שווערען 20 פונטיגען פּרעס־
אייזען, האָבען די שניידער ארבייטער, די אמאָליגע אפּערייטארס,
פינישערס און פּרעסערס, אלע האָבען זיי איבערמענשליך געהאָ־
רעוועט און געבלוטעט אין די פינסטערע, פארשטיקטע און פאר־
פּעסטעטע שניידער שעפּער פאר א הונגער־לוין.

אנשטאט צו שפּאָרען געלד מיט וואָס זיך צו העלפען און
באפרייען זיך פון שווער פראַצעווען אין שאָפּ, האָט ער, דער
אפּערייטאר, דער פּרעסער אדער דער פינישער נאָך איינינגע
יאָהרען בלוטען אין סוועט־שאָפּ אָפּגעשפּאָרט דעם פּראָלעטאַ־
ריעם מתנה — די ווייסע פּעסט, די שרעקליכסטע פון אלע שרע־
קען — די „קאָן" ווי זיי רופען עס פארקירצט דאָ אין אמעריקא
„ד י  א ו י ס צ ע ה ר ו נ ג".

„רבים חללים הפילה". גרויס, שרעקליך גרויס איז דאן
געווען די צאָהל פון די קרבנות פון דער ווייסער פּעסט צווישען
דעם אָרימען ארבייטער קלאַס. אין יעדער שטאָדט מיט א באַ־
דייטענדער אידישער ארבייטער באפעלקערונג זיינען זיי די
קרבנות פון דער אויסצעהרונג געפאלען ווי די פליגען. אָט געהט
א מענש אין גאַס, עס רעדט זיך א מענש, אבער אין אמת'ן נאר
א שטן פון א מענשען, מיט אמאָל זעצט ארויס פון זיין מויל
א שטראָם מיט בלוט און אזוי אין מיטן גאַס, אויף דעם טראָ־
טואר, פארבלוטיגט א מענש צום טויט.

און אין דער היים. א פּאָר ענגע, שמאָלע און נידעריגע
צימערן, ליכטלאָז און לופטלאָז, אונסאניטאריש, און אָט אין
דער פארפּעסטעטער היים פון דעם פארבלוטיגטען קרבן פון
קאָנסאמפּשאָן שטיקען זיך צוזאמען א פרוי מיט קינדערלאך,
וועלכע, ניט וויסענדיג וואָס באדייטעט היגיענע, ווי צו פארהיטען
זיך און די קינדער פון אנשטעקענדיגע קראנקהייט, זיינען פּי־
לייכט שוין אויך געפאלען קרבנות פון דער ווייסער פּעסט וואָס
שטיקט אַן פארצעהרט אָהן רחמנות יונג און אלט, קליין און
גרויס.

די שטאָדט רעגירונג מיט אלע איהרע שטאָדטישע האָס־

פיטאלען און צדקה אנשטאלטען זיינען ניט געווען פארבאַריטעט און ניט צוגעפּאסט צו אנטקעגענקומען און העלפען און רעטען די אידישע קראנקע פון אויסצעהרונג ווי עס פאָדערט די ערנסט־קייט און די באקוועמליכקייט פון דעם קלאַס ליידענדע.

אָנקומען אין אלגעמיינעם סאַניטאריום פון קאנסאמפּטיווס, געפיהרט און באהאנדעלט פון ניט־אידען וואָס פארשטעהן איהם ניט און זיינען ניט איבעריג פריינדליך צו דעם אידישען קראנ־קען — איידער אָנקומען אין אזא פּלאַץ — דער אידישער קראנ־קער וואָס ליידעט פון אויסצעהרונג וועט גיכער פארבלוטען וואו אין א ווייטען ווינקעל צו טוידט און זיך באפרייען איין מאָל פאר אלע מאָל פון זיינע קערפּערליכע און גייסטיגע נשמה פּיי־ניגונגען וואָס איהם דערווארט אויסצולײדען צווישען פרעמדע, אין אן אטמאָספערע וואָס איז, אין בעסטען פאַל, ניט מעהר ווי גלייכגילטיג און קאלטבלוטיג צו איהם.

מענשען וואָס זיינען געשטראָפט פון דעם גרויזאמען שיק־זאל און זיינען קרבנות פון שלעכטע אומשטענדען און ליידען פון דער פארצעהרענדער קראנקהייט, „קאָנסאמפּשאן" — זיי די אומגליקליכסטע פון אלע אומגליקליכע נויטיגען זיך, קודם כל, אין מעהר פון אלץ, אין א פריינדליכער, אין א היימישער און סימפּאטיזירענדער סביבה. די דאקטוירים און די באדינערשאפט דאַרפען מיטפיהלען, מיטליידען און מיט פריינדליכע און האר־ציגע באציהונג צו זיי. קען אזאַ באהאנדלונג די ארימע קראנקע מעהר גוטס טאָן — אמת'ע רעליף (אויב הילף איז נאָך מעגליך) ברענגען מעהר און שנעלער זייער לעבען פארלענגערן פיעל בעסער ווי מעדיצין און שטרייגגע דיסציפּלין.

ביי אונז אין פילאדעלפיא האָט געלעבט און געווירקט דער אונפארגעסליכער מענשענפריינד, אידעאליסט און אידישער למדן און משכיל דר. (טשארלס) חיים ספּיוואק, ע"ה. דאָ אין אונזער שטאָדט האָט ער אָנגעפאנגען זיין גלענצענדע קאריערע אלס פּראָפעשיאָנאל, אלס דאקטאר מעדיצין און כלל טוער, האָט דער שיקזאל געוואָלט, אז די יונגע, געבילדעטע פרוי פון דאקטאר ספּיוואק זאָל אָנגעגריפען ווערען אויף לונגען קראנקהייט, און נאָך א קורצער צייט פון איהר קראנקהייט האָט דער דאקטאר

ספיוואק באשלאָסען צו פארלאָזען פילאדעלפיא און פאר דער געזונדהייט און פאר רעטונג פון זיין באליבטער פרוי פון אן אונצייטיגען טויט, האָט דאקטאר ספיוואק זיך באזעצט אין דענווער, קאלאראדא.

די שטאָדט דענווער דאן ווי איצט ווערט באטראכט און איז אנערקענט פון מעדיצינישע אויטאָריטעטען אלס דער געווינשטער פלאץ, דער גינסטיגער קלימאט מיט ריינע, דערפרישענדע און געזונטע לופט צו היילען לונגען־קראנקע, ווען עס איז נאָך דאָ א האָפנונג צו היילען און צו רעטען די קראנקע פון אן אונצייטיגען טויט. און אזוי איז די שטאָדט דענווער געווארען די „מעקא", דער רעטונגס־פלאץ פאר אלע אומגליקליכע וואָס זיינען אהין געקומען זוכען א רפואה צו זייער קראנקהייט פון אלע עקען פון לאנד.

נאָך א קורצער צייט פון זיין אָנקומען אין דענווער, צו־זעהענדיג די אומגליקליכע און אומבאהאָלפענע לאגע פון די פיעלע הונדערטער לונגען־קראנקע אין דער שטאָדט פון זיין נייער היים, האָט דר. ספיוואק ארויסגעשיקט איבער'ן לאנד אן אויפרוף מיט פאָלגענדען אינהאלט:

אָט איז א קורצער אויסצוג פון דעם היסטאָרישען „קול קורא".

„אין נאָמען פון די הונדערטע אומגליקליכע קראנקע, פאר־וואָגעלטע, פאר'משפט'ע צו א לאנגזאמען טויט דורך שווינד־זוכט — רופען מיר צו אייך. איהר קענט זיך פיליכט פאָר־שטעלען וואָס דאס באדייט צו זיין ארים, נע ונד אין א פרעמ־דער שטאָדט, אבגעריסען פון עלטערן, פון פרוי און קינדער, פון פריינד, ארומצוגעהן (ניט זעלטען פארשמאכטערהייט) מיט א צואווייטיגנטען, פארביינקטען הארץ, מיט אָנגעגריפענע לונגען, פארזונקען אין פינסטערע מחשבות, מיט דעם שווארצען שאָטן פון א פריהצייטינגען טויט שוועבענדיג פאר די אויגען.

אונז, דענווער איינוואהנער, איז באשערט צו זעהן ווי די אומגליקליכע שווינדזוכטיגע בלאנדזשען ארום אין די גאסען, אין די פארקס ווי פארשטויסענע שאָטענס בלאָנדזשען זיי ארום ביז זיי פאלען מיט א בלוטשטורץ און געהן אויס אין א טייך

פון זייער אייגענעם בלוט.

„די אידען פון דענווער ניט קענענדיג מעהר צוזעהן דעם אויבען באשריבענעם צושטאנד, האבען ארגאניזירט א מעכטי־גען פאראיין אונטערן נאמען „דזשואיש קאנסאמפטיוו רעליעף סאסייעטי". דער צוועק דערפון איז צו העלפען די אומגליקליכע קאנסאמפטיווס, אריינצוברענגען שטראהלען פון ערמונטערונג און האפנונג אין דעם חשך'דיגען, צרה'דיגען לעבען פון די אומגליקליכע פון אלע אומגליקליכע. ....

„אונזער פאראיין צעהלט איצט איבער דריי הונדערט טהע־טיגע מיטגלידער. אונזערע פלענער זיינען זעהר וייטגעהענדע. דער ערשטער און וויכטיגסטער שריט וואס מיר האבען גענומען איז אויפבויען א סאניטאריום פאר שווינדזיכטיגע דעם קומענ־דען זומער; דיזען אנשטאלט ווילען מיר מאכען פאר איינעם פון די גרעסטע, ערהאבענסטע אין אמעריקא. עס זאל זיין אן אייביגער מאנומענט פון רחמנות און וואהלטהאט פון אידישען פאלק.

דארום אפעלירען מיר צו אייך, שוועסטער און ברידער פון איבעראל, אז איהר זאלט אויסשטרעקען צו אונז אייער האנד פון הילף. אין דעם נאמען פון די הונדערטער אומגליקליכע, קראנקע, פארוואלגטע אומבאהאלפענע, רופען מיר צו אייך.

אונטערגעשריבען אויף דיזען אויפרוף; זיינען געווען: דר. חיים ספיוואק. דירעקטארען: הרב אידעל אידעלסאן, הרב דר. קאווער, ש. בלומענגארדען (יהואש), דר. ברעסלער, יעקב מא־רינאוו, קאהן, וואשער, לואי ליווי, מ. קאפלאן, פ. ספעקטאר, ס. גריידענבערג, ב. דיימאנד, מ. קין, ט. יודלאוויץ, ל. שאפירא, ב. גריימס, י. קלאצקין און דר. ברעסלער.

ווי איהר זעהט פון דעם אויפרוף איז ער געווענדעט צום גאנצען לאנד וואו אידען וואהנען, צו יחידים ווי צו ארגאניזא־ציעס.

די ערשטע שטאדט אין לאנד צו ענטפערען פולהארציג, ממשות'דיג מיט ווייטגעהענדע רעזולטאטען איז געווען די שטאדט פילאדעלפיא. און די ערשטע און די איינציגע אידישע ארגאניזאציע אין אונזער שטאדט וואס האט ברייטהארציג גע־

ענטפערט דעם רוף פון אומגליקליכע פון אלע אומגליקליכע, די אָרגאַניזאַציע וואָס האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע צו אָרגאַניזירען א הילפס־קערפערשאפט, צו העלפען די קראנקע אין דענווער, זיינען געווען די מיטגלידער פון „ברית אחים".

אָט וואָס מיר לייענען אין דעם פּראָטאָקאָל בוך פון „ברית אחים" פון יענער צייט. דעם 13טען מארטש 1904 האָט די אדוויזערי באָרד פון ברית אחים באריכטעט, אזוי ווי עס איז ערשינען אן אויפרוף וועגען דעם סאַניטאַריום פאר די קראנקע אין דער שטאָדט קאָלאָראַדאָ, האָט די אדוויזערי באָרד באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען דעם ברית אחים פאראיין ער זאָל אַפּוינטען א קאָמיטע זיי זאָלען ארבייטען אין דעם מיט וואָס נאָר מעגליך. דער פאראיין זאָל אויף דעם ספּענדען די סומע פון 10 ביז 15 דאָלאר אויף רענטען א האָל און צו שיקען בריף צו אנדערע סאָסייעטים זיי זאָלען קומען און העלפען אין דער הייליגער ארבייט פאר די אומגליקליכע קראנקע.

די רעקאָמענדיישאַן פון דער אדוויזערי באָרד ווערט אננע־נומען און א קאָמיטע ווערט אַפּאָינטעט זיי זאָלען די אונטער־נעהמונג דורכפיהרען. די קאָמיטע איז באַשטאַנען פון פאָל־גענדע : היימאַן ריקלין, יוסף לעוויט, מאַקס דאַרעווסקי, ליאָן האַפּקין, פ. מילער, טש. טשערקאַסקי, משה נאָלדענבערג, וויליאַם הינדין, מאָזעס פריהמאַן, סיימאַן לעקערמאַן, אב. קאָך, יוסף פישער און ישעיה גודשטיין.

דאָס ערשטע וואָס די קאָמיטע פון ברית אחים האָט געטאָן איז געווען : מען האָט אַפּגעדרוקט דעם אויפרוף פון דר. חיים ספּיוואַק און אין נאָמען פון ברית אחים אַפּעלירט די קאָמיטע צו אלע אידישע סאָסייעטיס, פאראיינען און יוניאָנס און צו יעדען איינעם וואָס האָט א קאָפּ צו דענקען און א הארץ צו פיהלען, זיי זאָלען אַפּוינטען דעלעגאַטען און קומען צו דעם קאָנפערענץ־מיטינג וואָס וועט שטאַטפינדען מיטוואָך דעם 27טען אַפּריל, 1904, אום 8 אוהר אבענד, אין דער היברו ליטעראַטור סאָסייעטי, 12־310 קעטהערין סטריט, וואו פּראָמינענטע מענער וועלען אנוועזענד זיין און אדרעסירען דעם קאָנפערענץ. זאָל אונזער פילאדעלפיא (אזוי האָט געלויטעט דער אויפרוף פון

ברית אחים) די שטאָדט פון ברודערליבע זיין די ערשטע אין דעם ערהאבענעם, נאָבעלען צוועק וואָס וועט ברענגען דער־לייכטערונג צו די אומגליקליכע קראנקע צור עהרע און שטאָלץ פון דעם אידישען פאָלק. אונטערגעשריבען די ברית אחים אד־וויזערי באָרד.

דער רעזולטאט פון דער קאָנפערענץ איז געווען פאָלגענדער: אין יענעם אָבענד פון דער שטאָדט־קאָנפערענץ איז געגרינדעט געווארען די הילפס אָרגאַניזאציע אונטער דעם נאָמען „די דענ־ווער קאנסאמפּטיוו אייד אָסיאיישאן", ד. ה. די געזעלשאפט צו העלפען די שווינדזוכטיגע פון דענווער. און אין דעם מאָנאט מאַי זיינען ערוועהלט געווארען די ערשטע בעאמטע, ווי פאָלגט: פּרעזידענט, יוסף לעוויט; וויים־פּרעזידענט, מאקס דארעווסקי, סעקרעטאר; פּ. מילער, טרעזשורער; היימאן ריקלין, וועלכער האָט אנגעהאלטען דעם אמט פון טרעזשורער פון יאָהר 1905 ביז 1907.

ביז דער ריאָרגאַניזירונג פון „דענווער קאָנסאמפּטיוו אייד אסאָסיאיישאן" און דעם „דזשואיש קאָנסאמפּטיוו אינסטיטוט" זיינען אין דער צווישען צייט געווען פאלגענדע בעאמטע וועלכעם עס איז ווערטה צו פארצייכענען, ווייל די ערשטע פּיאָנערן האָבען אונערמידליך טאָג און נאכט געארבייט דעם אינסטיטושאָן צו מאַכען פאר אן ערפאָלג, און דאָס זיינען זיי: טשארלס ליפשיץ, פּרעזידענט פון יאָהר 1906 ביז 1909, פאר וויים־פּרעזידענט, מאקס דארעווסקי ע"ה, פון יאָהר 1908 און 1909. פאר פּראָ־טאָקאָל סעקרעטער פּ. גרינשפּון ע"ה, סעק. פון יאָהר 1905 ביז 1907. פאר פינאנס סעקרעטער, מרס. אסתר סלאָנימסקי, 1908־1909. פאר טרעזשורער הערי גייגער ע"ה, פון יאָהר 1907 ביז 1908. פאר טראָסטים נייטהען גייגער, פון 1905 ביז 1909, ס. פּאָרטער ע"ה, אב. לעטערמאן ע"ה, נ. בוים, ע"ה. מאקס עסקין וויים־פּרעז. פון יאָהר 1908 ביז 1909.

שוועד און בארג ארויף איז געווען דער אָנפאנג פון דער דענווער קאָנסאמפּטיוו אייד אסאָסיאיישאן. מיט באגרעניצטע פינאנציעלע מיטלען און מיט א קאלטער גלייכגילטיגקייט פון ארום האָבען די געצעהלטע פּיאָנערען, די מוטיגע קעמפּער נעגען

דעם מלאך המבות פון דער ווייסער פעסט געגעבען זייער צייט, זייער געלד און זיך זעלבסט צו אויפצובויען א לעבענס רעטונג אינסטיטוציע וועלכע האָט יאָהרענלאנג געטאָן וואונדערליכע ארבייט פאר די אומגליקליכסטע פון די אומגליקליכע.

פיעלע לעבענס האָט דער אינסטיטוט גערעטעט פון א פריה־צייטיגען טויט און פיעלע לעבענס פארלענגערט און פארגרינגערט.

באזונדערס זיינען געווען איבערגעגעבען כמעט מיט זעלבסט אָפּערונג צו דער גרינדונג און פארשטארקונג פון דער הילפס־אָרגאניזאציע די פשוטע אידען, אידען פון פאָלק מיט קליינע קאַפּיטאלען און נאָך קלענערע אמביציעס, אבער זיי האָבען פאר־מאָגט ברייטע הערצער און הייסע רחמנות געפיהלען.

די ערשטע צייט האָט די דענווער קאנסאמפשיוו אייד אסס'ן נעזאמעלט געלד און געשיקט נאָך דענווער צו העלפען דעם ניי־נעגרינדעטען סאניטאריום פון דר. חיים ספיוואק און זיינע פריינד. די אסאָסיאיישאן האָט אויך געשיקט אויף איהר איי־גענער רעכענונג די שווינדזוכט קראנקע נאָך דענווער.

די רומס פון דער היברו ליטעראטור סאָסייעטי אין 12־310 קעטערין סטריט זיינען פאר א צייט געווען די העדקוואָרטערס, דער הויפּט קווארטיר פון דער אָרגאניזאציע.

די ארבייט איז אָנגעגאנגען מיט גרויס פלייס און די גוטע רעזולטאטען האָבען זיך גענומען פיהלען אויף דער אידישער גאַס. די סאָסייעטיס און פאראיינען פון שטאָדט האָבען זיך גע־נומען פאראינטערעסירען מיט דער ארבייט און געשיקט זייערע דעלעגאטען צו זיין פארטראטען ביי דער ניי־אָרגאניזירטער אסס'ן.

די מיטגלידערשאפט האָט זיך גענומען פארגרעסערען און אין 1907 האָבען 800 גוטשטעהענדע מיטגלידער געצאָהלט מאָ־נאטליכע און יעהרליכע דיוס צו דער אָרגאניזאציע.

## דער צווייטער פעריאָד אין דעם לעבען פון דער אינסטיטוציע

מיט איין מאָל האָט מען זיך גענומען ארומזעהן, אז די

מעטאָדען פון שיקען קראנקע נאָך דענווער, קאלאראדא, איז ניט פראַקטיש און ניט ווינשענסווערט. מען האָט איבערצייגט, אז אין דעם פאַל פון א פארלענגערטער קראנקהייט די פון אויס־צעהרונג לײדענדע, איז פאר זיי גאָר ניט גינסטיג און זאָגאר זעהר שעדליך צו שיקען א שווינדזוכט קראנקען אויף א לאנגער רייזע נאָך קאָלאָראדא. מען האָט אויסגערעכענט, אז די רייזע קאָסטען וואָס ווערט אויסגעגעבען אויף א לאנגער און פאר־מאטערטער רייזע נאָך דענווער, קען בעסער, מיט מעהר בענעפיט באנוצט ווערען צו העלפען מיט גוטע פלעגע, ווי סטעראַליזירטע מילך און פרישע, בעססטע אייער צו געבען די קראנקע דא אויפ׳ן פלאץ אדער זיי פארזאָרגען מיט א פלאַץ אין א נאָהענטען קאָנ־סאמפּטיוו סאניטאריום.

לויט דיזער ערפאהרונג האָט מען זיך אין איין ווענס ארומ־געזעהן, אז דער נאָמען „דענווער קאָנסאמפּטיוו אייד אסאָסיאיי־שאָן" פּאסט ניט מעהר, ווייל די טהעטיגקייט פון דער אָרגא־ניזאציע קען זיך ניט מעהר באגרעניצען פאר דענווער אליין און עס איז באשלאָסען געווארען צו ריאָרגאניזירען די אָרגא־ניזאציע מיט א נייעם נאָמען און מיט ניי־ראדיקאלע פּרינציפּען, וועלכע זאָלען געבען א נייעם שטויס, אָנווענדען א נייע ריכטונג פאר דער צוקונפטיגער טהעטיגקייט פון דער אָרגאניזאציע.

פאר דיזען צוועק איז א מיטינג פון 10 פּערזאָנען, די אי־בערגעבענסטע און טהעטיגסטע פון דער אָרגאניזאציע פּאררופען געווארען יוני דעם 24טען, 1909, אין סויטה־וועסט, קארנער 5טע און לאמבארד, וואו עס איז באשלאָסען געווארען ענדליך צו ענדערן דעם נאָמען פון דער אלטער אסאָסיאיישאן אויף דעם נייעם נאָמען „דזשואיש קאָנסאמפּטיוו אינסטיטוט" (אידישע שווינדזוכט אינסטיטוציע) אויף א נאָכדעם פאָלגענדען מיטינג פון דעם 1טען דזשולײ, 1909, איז געזאמעלט געווארען א פריי־ווילינע סומע געלד אלס א פאָנד צו בויען א אייגענע בילדינג פאר דעם אינסטיטוט, און אזוי דאָס גאנצע יאָהר פון 1909 און 1910 איז געזאמעלט געווארען א באדייטענדע סומע פאר דעם אויבענדערמאָנטען צוועק.

דעם 5טען מאי 1910, איז געסעטעלט געווארען אין דעם

לאנד טיטעל ענד טראַסט קאָמפּאַני פאר דער הויז אין 406 וואָהרטען סטריט און די „דזשואיש קאָנסאמפּטיוו אינסטיטוט" איז געווארען דער בעל הבית פון א שעהנער היים אויסגע־שטאַטעט פאר קליניקאל, מעדיקאל און דיספּענסערי ארבייט. אין דעם זעלבען מאָנאט מאי, דעם 14טען, 1910, האָט דער אינ־סטיטוט באקומען א טשארטער פון סטייט פּענסיוויינא און דער אינסטיטוט איז געווארען א געזעצליך אָרגאניזירטע קערפּער־שאַפט צו פונקציאָנירען אלס א ניט־סעקטאַטישע אינסטיטוציע, וועלכע באהאנדעלט אלע שווינדזוכט קראנקע אָהן אונטערשייד פון רעליגיאָן און ראסע.

דער חנוכת הבית איז פאָרמעל געפייערט געווארען דעם 11טען סעפּטעמבער, 1910.

ווי געזאָגט האָט דער דזשואיש קאָנסאמפּטיוו אינסטיטוט אין זיין נייער אויסגעשטאַטער היים אין 4טע און וואַרטען סט. זיך פארוואנדעלט אין א רעגעלען האָספּיטאל מיט א קליניק און דיספּענסערי.

פאָלגענדע זיינען געוועזען דער מעדיקאל סטעף: פּראָפעסאר סאלאמאן סאלים קאהן, בעראַטונגס מעדיצינישער דירעקטאר; דר. מאקס שטאהלער, מעדיצינישער דירעקטאר. פאר מעדיצין די פאָלגענדע דאקטוירים: דר. מאקס בארבאור, דר. הענרי שמוקלער, דר. אלבערט בערנהיים. פאר קינדער קראנקהייט: דר. ס. ה. לעפקאו, דר. ל. ז. ראסטאוו. פאר נאָז און האלז קראנקהייט: דר. בען ל. סינגער, טשיף; דר. בליעדען, דר. דזשוליוס שנייער. אסיסטענטס: דר. לואיס פישער, טשיף; דר. דיימאָנד, אסיסטענט. פאר אויגען קראנקהייט: דר. אהרן בראוו, דר. בען ל. גארדאן. פּאטאלאָגי (אלגעמיינע קראנקהייט) דר. סיימאן וועקאס, דיסטריקט (בעצירק) דאקטאר; דר. דזש. א. לאנגבארד, דר. דזש. מ. פּרוכטער, דר. דזש. סלאנימסקי. קליניק „א", דר. מאקס בארבאור, טשיף; געהילפען: דר. א. רייכ־מאן און דר. ס. שטאוומאן. קליניק „ב", דר. אלבערט בערנהיים, הויפּט געהילפען: דר. א. אובאראף, דר. א. ד. באָבים. קליניק „ג", דר. הענרי ב. שמוקלער, הויפּט. געהילפען: דר. דזש. מ. פּרוכטער און דר. ה. דיקמאן.

בעאמטע פון יאָהר 1912 זיינען געווען פאָלגענדע: (פון יאָהר 1911 האָב איך לײדער קיין רעקאָרד ניט).

פרעזידענט, טשארלס ליפשיץ, ערשטער וויים־פרעז., פּ. מילער, צווייטער וויים־פרעז., מאקס עסקין, טרעזשורער, א. ווייטצענפעלד און דייוויד ב. טורקעל, סעק.

באָארד אף מענעדזשערם: היימאן ריקלין, פּ. מילער, טש. ליפשיץ, דר. מ. שטאהלער, דר. מ. בארבאור, הערי גייגער, נייטהען גייגער, ד. ב. טורקעל, אב. ווייצענפעלד, מאקס עסקין, מרס. אסתר סלאנימסקי, מרס. ב. ליבערמאן, ס. קוללא, דר. דזש. א. לאנגבארד, דר. מ. וויינמאן, דר. ג. סלאָנימסקי, דר. ד. מ. פרוכטער, דר. ס. א. סאנץ מ ב. האָפמאן, ה. הוראקי, אב. ליטערמאן, דזש. קאלינס, וו. וואלנער, אייק היימאן, מ. ז. רובין, מ. בעקערמאן, ז. נוטמאן, קיין עלים, ב. פעקער, בען האָפמאן, מ. פריהמאן און ס. לעקערמאן.

עקזעקוטיוו קאָמיטע: פּ. מילער, טשערמאן; ד. ב. טירקעל, סעקרעטאר; טש. ליפשיץ, עקס־אָפישיא; מ. ב. האָפמאן, עסק.; נייטהען גיינער, אב. ווייטצענפעלד, מ. ז. רובין, ה. הוראק, דזש. קאלינס, קיין עלים און היימאן ריקלין.

עס איז ריכטיג, אז די טהעטיגקייטען פון דעם דזשואיש קאָנסאמפּטיוו אינסטיטוט האָט זיך איצט גוואלדיג פארצווייגט און דער אינסטיטוט איז געוואָרען אין שטאָדט און ארום פילאַדעלפיא זעהר פּאָפּולער. אבער אויך אזוי פיעל און נאָך מעהר זיינען געווארען די הוצאות, די פאָדערונגען אויפצוהאלטען די אָרגאניזאציע זיינען געוואָרען גרעסער און פילפאכער.

דער סעקרעטאר ד. ב. טירקעל שרייבט אין זיין ארטיקעל אין דעם סאוועניר פון דעם צווייטען יאָהרליכען באָל פאָלגענדעם:

„מיט א מעמבערשיפּ פון 25 הונדערט מעמבערס און מיט אן איינקונפט פאר דיזען יאָהר פון אכט און זעכציג הונדערט דאלאר. דער אינסטיטוט איז קוים געווען אומשטאנד צו באַהאַנדלען א האלב פון די ארימע מיט שווינדזוכט קראנקע וואָס באלאַגערן טאָג־טעגליך דעם אינסטיטוט און פאָדערן הילף אום צו רעטען זייער לעבען פון פארניכטונג. אפילו די 28 טויזענד

קוואָרט מילך, די 15 הונדערט פרייע רעצעפּטען צו די אָרימע קראַנקע און די פילע הונדערטע דאָלאַרס וואָס דער אינסטיטוט האָט דיזען יאָהר באַצאָהלט פאַר אָרימע קראַנקע וואָס זיי געפינען זיך אין די נאָהענסטע סאַניטאַריומס, דאָס אַלץ האָט ניט גענצלאָך צופרידענגעשטעלט די מאַסען אָרימע פון אויסצעהרונגס לײדענדע, וואָס קומען יעדע וואָך צו דער באָרד אַף די־רעקטאָרען מיט אויסגעשטרעקטע הענד און בעטען הילף און רעטונג פון דער שרעקליכער מגפה וואָס פאַרצעהרט זייערע קערפּערס מיט יעדער מינוט אונערבאַרימלאַך".

„די אָפּטע אַפּילס — באַקלאָגט זיך ווייטער דער סעקרעטאַר ד. ב. טיערקעל, וואָס דער אינסטיטוט מאַכט צו דער היגער אידישער געמיינדע פאַר הילף בלייבען ניט געהערט און ניט געענטפערט און דער דזשואיש קאָנסאַמפּטיוו אינסטיטוט האַלט אין איין קעמפען פאַר זיין עקזיסטענץ, ווי עס צייגט דער דעפיציט פון ביינאַהע 15 הונדערט דאָלאַר וואָס דער אינסטיטוט האָט געהאַט דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר".

מיר האָבען קיין ריכטיגען רעקאָרד פון דער צווישען־צייט פון 1913 ביז 1918 ווי אַזוי דער דזשואיש קאָנסאַמפּטיוו אינסטיטוט האָט אַנגעפיהרט זיין טהעטיגקייט צו היילען און רעטען די שווינדזוכטיג לײדענדע פון אַ פריהצייטיגען טויט און פאַרלענגערן דאָס לעבען פון די אונהיילבאַרע.

מיר שטעלען זיך פאָר, אַז דאָס זיינען געווען יאָהרען פון פינאַנציעלער אַנשטרענגונג און יעהרליכע דעפיציטען פאַר דעם אינסטיטוט איבער דעם אַלגעמיינעם שטילשטאַנד אין דער ביזנעס־וועלט אין אָנפאַנג פון דער וועלט־מלחמה.

באַזונדערס די צייט פון 1914 און 1915 זיינען געווען יאָהרען פון קריזיס פון וועלכען דער געשעפטסמאַן און דער מיטעל־קלאַס האָט אַמשטאַרקסטען געליטען, און דאָס זיינען דאָך אימער געווען דער קלאַס מענשען וואָס האָבען געבויט, געשטיצט און אויפגעהאַלטען מיט זייערעביישטייערונגען דעם אינסטיטוט.

מעגליך, אַז דער דזשואיש קאָנסאַמפּטיוו אינסטיטוט האָט אין יענער צייט געפיהלט די שווערסטע צייט פון זיין עקזיס־

טענץ, פשוט די הכנסות האָבען ניט געדעקט די הוצאות. דער־
פאר האָבען מיר פאר זיך א קלאָרען רעקאָרד פון דעם יאָהר
1917. דער מאַטעריעלער און מאָראַלישער צושטאנד פון יענעם
יאָהר, לויט דעם געדרוקטען יעהרליכען רעפּאָרט אין דעם סאָ־
וועניר־בורך, ארויסגעגעבען פון דעם אינסטיטוט אין 1918
באווייזט, אז צו יענער צייט איז דער דזשואיש קאָנסאמפּטיוו
אינסטיטוט געשטאנען אויף דעם העכסטען שטאפּעל פון פינאנ־
ציעלען און מאָראלישען ערפאָלג.

אין דעם פּרעזידענטס אדרעס סעמועל פּ. קריימער, פּרעז.
פון אינסטיטוט פון יענעם יאָהר לעזען מיר פאָלגענדעס:

„נאָך א יאָהר איז פארביי, א יאָהר וואָס אלע וועלען לאנג
געדענקען. אונזער לאנד'ס אָנשליסען זיך אין דער גרויסער וועלט־
מלחמה האָט ארויפגעלעגט נאָך מעהר לאסט אויף דעם יחיד און
וועט נאָך מעהר באשווערען אלע וואהלטהעטיגע אנשטאלטען ביז
צום העכסטען. דאך, אונזער אינסטיטוציע מאכט דורך דעם
קריזיס מיט פארביגע קאָלירען און אומגעאכטעט אויף פילע
שוועריגקייטען, מאכט דער אינסטיטוט גרויסען פּאָרטשריט.
עס דארף יעדען פרעהען וואָס ארבייט פאר די אינטערעסען פון
דעם אנשטאלט".

אין דעם סעקרעטערס רעפּאָרט פון אייזיק ל. שטערן, וועל־
כער האָט פארנומען דעם פּאָריגענס סעק. ד. ב. טירקילס פּלאץ
פאר 6 יאָהר צייט, שרייבט ער פאָלגענדעס:

„ערלויבט מיר, זאָגט דער סעק. שטערן אין זיין רעפּאָרט
איך אָבגעבען א באריכט פון דער אקטיוויטעטס און דערגריי־
כונגען פון דעם אינסטיטוט פאר דעם יאָהר פון יאנואר דעם
1טען 1917 ביז דעצעמבער 31טען 1917. איך בין זיכער, זאָגט
ווייטער דער סעקרעטער י. ל. שטערן, אז איהר וועט אלע זיין
העכסט צופרידען צו וויסען, אז דער פארגאנגענער יאָהר איז
געווען דער בעסטער און ערפאָלגרייכסטער אין דער געשיכטע פון
דעם אינסטיטוט. עס איז אונז דערפאר געווען מעגליך דיזען
יאָהר צופרידנשטעלען די פארלאנגען און די נויטען פון די
פילע הילפלאָזע וואָס האָבען פארלאנגט פון אונז הילף. אויסער־
דעם וואָס אלע שווינדזוכט קראנקע האָבען אין אונזער קליניק

באקומען מעדיצינישע באהאנדלונג, האָבען מיר אויך זיי באַזאָרגט מיט מילך און אייער און ספּעציעלע עסען אויף א גענאַרדעטען דייעט. מיר האָבען אויך געהאָלפען ארימע קראנקע מיט חאלטען און צאָהלען פאר זיי אין סאניטאריומס די גאנצע צייט וואָס די לאגע פון זייער קראנקהייט האָט עס געפאָדערט”.

אזוי זיינען 63 קאָנסאמפּטיוו קראנקע מיט דער הילף פון אינסטיטוט געשיקט געווארען אין פארשידענע סאניטאריומס און 6 קראנקע זיינען באשטאטעט געווארען אין היגע האָספּיטעלער פאר וועלכע דער אינסטיטוט האָט געצאָהלט פאר זייער בלייבען דארט. 214 קאָנסאמפּטיוו קראנקע זיינען טעגליך געווען פארזאָרגט מיט מילך.

עס איז ווערט צו באמערקען, אז די שכנים פון אזא קראנקען האָבען קיין מאָל ניט געוואוסט, אז דער זעלבער מילכמאן וואָס באדינט זיי שטעלט אויך צו מילך דעם קראנקען אויפ'ן רעכענונג פון דעם אינסטיטוט.

עס איז אויך אמת, אז די פעדעריישאן פון היברו טשאריטיס און דער דזשעפערסאן האָספּיטאל האָבען אויך מיטגעהאָלפען אין פארשידענע הינזיכטען.

ווייטער שרייבט סעקרעטער י. ל. שטערן, אז די היברו לײדיעס עמוירדזשענסי סאָסייעטי האָבען באשטימט טויזענד דאלאר פאר א פאָנד פאר א שטאָדט־האָספּיטאל.

דער סעקרעטער דריקט אויס אין זיין רעפּאָרט א דאנק צו די פאָלגענדע הילפס־אָרגאניזאציעס, צו די אָפיסערס און מיטגלידער פון די דאריאן סאָסייעטי, די אוקזילערי פון דעם דזשואיש קאָנסאמפּטיוו אינסטיטוט און צו די לײדיעס אוקזילערי פון דער ז. ק. א.

די דריי אויבענדערמאָנטע סאָסייעטיס האָבען בייגעשטייערט 25 פּראָצענט פון גאר די קעש געלד וואָס איז אריינגעקומען אין דעם אינסטיטוט. אויסער דעם האָט די דאָריאן סאָסייעטי דעפּאָזיטעט 25 הונדערט דאלאר צו דעם האָספּיטאל פאָנד און טויזענד דאלאר איז צוגעקומען פאר דעם זעלבען פאָנד פון די אוקזילערי פון די ד. ק. א. צו זיי אלע דריקט דער סעקרעטער אויס א באזונדערן דאנק פאר זייערע ליבעראלע ביישטייערונגען

פאר דעם הייליגען צוועק.

און עקסטרא דאנק שרייבט ווייטער דער סעקרעטער קומט צו דעם פּרעזידענט סעמועל פּ. קראמער, פאר זיין אנטהייל נע־מען און באזאָרגען מיט מילך די קינדער וואָס זיינען אנגע־שטעקט מיט דער שרעקליכער קראנקהייט וואָס געפינען זיך אין די „אָפּען אייר קלאס" (די פרייע לופט קלאס) פון סטיפען דזשיראַרד שולע.

דער סעקרעטער באמערקט אויך אין זיין רעפּאָרט, אז די מיטגלידערס צאהלונגען האָבען זיך אויך דיזען יאָהר פיעלפאך פארגרעסערט. מיט איינעם וואָרט, דער יאָהר 1917 איז געווען דער בליהענדער יאָהר אין דער געשיכטע פון דעם אינסיטוט.

צולעצט איז כדאי צו דערמאָנען אייניגע אויסציגע פון דעם רעפּאָרט פון מעדיקאל דירעקטאר, וועלכער איז געווען דער שטארקסטער זייל ווי אויך דאס הארץ און די נשמה פון דעם דזשואיש קאָנסאמפּטיוו אינסטיטוט פון פילאדעלפיא — דר. מאקס שטאהלער.

דער אל־באוואוסטער דר. מ. שטאהלער פאנגט אָן זיין רעפּאָרט מיט פאָלגענדע ווערטער:

„דאָס איז דער 2טער יאָהר פון דעם עקזיסטענץ פון דעם אינסטיטוט (די ערשטע 6 יאָהר פון זיין גרינדונג האָט די אָר־גאניזאציע געטראגען דעם נאָמען „דענווער קאנסאמפּטיוו אייד אסאָסיאיישאן" און מיט יעדען יאָהר ווערט דער אינסטיטוט אלץ גרעסער און בעסער פארוואלטעט, און אזוי אויך ווערט פארגרעסערט די צאָהל פון קראנקע וואָס קומען אין דעם אינס־טיטוט נאָך הילף און עס צייגט, אז מיר דארפען און מיר קענען ניט דערווארטען א מילדערונג, א פארקלענערונג אין דער צאָהל פון קראנקע אין דער נאָהענטער צוקונפט.

„אין דער איצטיגער צייט (1917) ווען די וועלט ווערט אריינגעצויגען אין ווירבעל פון דער וועלט־מלחמה. די באדינ־גונגען און אומשטענדען ווערען איצט אויסערגעוועהנליך און דער פּרייז פון לעבענסמיטעל און אנשטרענגונגען פון עקזיסטענץ — דאָס אלץ וועט נאָך פיעל פארגרעסערען די געוועהנליכע צאָהל פון קראנקע".

אין פילאדעלפיא, שרייבט ווייטער דער דאקטאר אין דעם מאָנאט אָקטאָבער 1917 זיינען 150 געשטאָרבען פון דער קראנקהייט פון קאנסאמפשאן און אין דעם זעלבען מאָנאט זיינען צוגעקומען 350 נייע פאלען פון שווינדזוכטיגע פאר דעם גאנצען יאָהר מאכט עס 18 הונדערט טויטע און 4200 נייע צופעלע פון טובערקולאָזיס קראנקהייט אויסער די אלטע פאלען און אזעלכע וואס האָבען זיך ניט געמאָלדען צו די געזונדהייטס אויטאָריטעטען. דארום דארפען מיר דערווארטען א גרעסערע צאָהל פון אויסצעהרונג קראנקע און מיר מוזען זיין פארבא־רייטעט צו קענען די ניי־געשאפענע לאגע ווי געהעריג אנטקעגען צו קומען און זיי צייטליך באהאנדלען.

דאן קומט דער דר. מ. שטאלער, ווי זיין שטייגער איז געווען צו זאָגען דרייסט און גלייך אין פנים אריין דעם ביטערן אמת, ווען עס איז נויטיג געווען.

„ערלויבט מיר, זאָגט ווייטער דער דאקטאר, צו דערמאָנען איידי באָרד אף דירעקטאָרען און די עקזעקוטיווע בעאמטע, אויף דער פליכט וואָס עס איז אייך אנפארטרויערט געווארען און וועלכע איהר האָט פארפעהלט צו דערפילען און נעמליך: דעם אזוי שטארק נויטווענדיגען האָספיטאל פאר טובערקולאָזיס קראנקע. איהר האָט אוועקגעלעגט עקסטרא 5 טויזענד דאלאר פאר א פאָנד פאר דעם צוועק צו בויען א שטאָדט־האָספיטאל פאר שווינדזוכטיגע קראנקע און צום סוף האָט איהר זיך אבגע־שראקען, איהר האָט מיט אמאָל געענדערט אייער מיינונג און איהר האָט ניט דערפילט אייער פליכט און ניט נאָכגעקומען די וואונשען פון דער היגער געמיינדע. איך האָף אז איהר וועט זיך ניט דערלויבען דאס יאָהר 1918 זאָל פארבייגעהן און ניט נעמען די נויטיגע שריט צו בויען דעם האָספיטאל, וועט איהר נאָך ווייטער אויך אונטערהינקען מיט אייערע עקסקיוזעס און פוסטע ענטשולדיגונגען? אָדער איהר וועט זיך דערהויבען צו דעם רוף פון דעם מאָמענט און בייקומען דעם אויפגעבלאָזענעם בארג וועלכער איז קיינמאָל ניט געווען אין אייער וועג".

מיט אזעלכע פשוטע און דאָך שארפע דבורים האָט גע־קענט רעדען נאָר א דאקטאר ווי מאקס שטאהלער.

און וואָלט דער גרויזאמער שיקזאל ניט אוועקגערויבט אזא וויכטיגען קעמפער געגען די פיזישע און מאָראלישע קראנקהייר טען פון אונזער געזעלשאפט, וואָלט דער דזשואיש קאָנסאמפטיוו אינסטיטוט נאָך היינט צו טאָג געלעבט און וואָלט נאָך יעצט פאָרטגעזעצט זיין הומאניטארישע טהעטיגקייט מיט אלע נויטיגע אינסטרומענטען און מיטלען, מיט האָספּיטאלס און סאניטאר ריומס. אבער דער שיקזאל האָט געוואָלט, אז דער העלדישער קעמפער פון דער פראָלעטארישער קראנקהייט — די ווייסע פּעסט — דער באזיגער פון דעם טובעקולאָזיס־מלאך המות, דר. מאקס שטאהלער זאָל אין דעם זעלבען יאָהר 1918 פון דעם קענסער מלאך המות אליין באזיגט ווערען.

געשטאָרבען דר. מאקס שטראהלער מיט א פריהצייטיגען טויט און מיט איהם איז אויך אין זיין בעסטער גלאנץ פעריאָדע אונטערגעגאנגען דער „דזשואיש קאנסאמפּטיוו אינסטיטוט".

עס איז אמת, אז דער דזשואיש קאָנסאמפּטיוו אינסטיטוט איז ניט באלד און גלייך מיט דעם דאקטאר שטאהלער אין דעמ־זעלבען יאָהר מיטגעשטאָרבען. דער אינסטיטוט פאר קאָנסאמפּ־טיוו איז געוועז פאר די פיעלע יאָהרען פון זיין עקזיסטענץ שטארק און טיעף איינגעווארצעלט ביי די מזרח־אייראָפּעאישע אידען פון פילאדעלפיא און דערפאר האָט עס גענומען גאנצע צוויי יאָהר פון זיין גסיסה, פון זיין אונטערגעהן אונטער דער מאַסקע פון פאראייניגונג מיט דעם איגעלסוויל סאניטאריום.

איך וועל ענדיגען דיזען טרויעריגען קאפּיטעל פון דער פאשווינדונג פון א אידישער רעטונגס אינסטיטוציע, געגרינדעט און געכאָוועט און אויסגעבויט מיט דעם שוויים און בלוט פון מזרח־אייראָפּעאישע אידען און צו לעצט פארשלונגען פון אונ־זערע עלטערע ברידער פון די יאהודים, פון די „פעדעריישאן".

יאָ, איך וועל שליסען מיט דעם הספד וואָס איהם האָט געמאכט זיין לעצטער געטרייער, דינער, זיין סעק. י. ל. שטערן.

אָט איז אן אויסצוג פון זיין בריעף, געשריבען דזשוליי דעם 27טען, 1932.

„מר. מ. פריהמאן, ליבער פריינד:

„אייער בריעף אין וועלכען איהר פארלאנגט אינפאָרמאציע

ווענען דזשואיש קאָנסאמפּטיוו אינסטיטוט האָב איך ערהאַלטען און בין באַרייט אייך געבען אינפאָרמאַציע פון אינסטיטוט פון מיין צייט.

„איך בין ערוועהלט געוואָרען אַלס סעקרעטאַר, א נאָכפאָל־גער פון ד. ב. טירקיל אין מאַרטש, 1913, און דער אינסטיטוט האָט זיך אויפגעלעזט לעגאַל אין 1919. ווען אלע פּריווילעגיעס זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צום איגעלסוויל סאַניטאַריום מיט געגויע 20 טויזענד דאָלאַר אין קעש וואָס איז געווען געזאַמעלט פאַר א קאָנסאמפּטיוו האָספּיטאַל אין סאַוטה פילאַדעלפיא. די פאַראייניגונג, אָדער בעסער געזאָגט, דער פארשלינגונג אַקט איז נאָר מעגליך געווען מיט דער קראַנקהייט און מיט דעם אָפּשטאַרבען פון דעם נאָבעלען דאָקטאָר מאַקס שטאַהלער, דאָס האָט די חניפיניקעס געגעבען א געלעגענהייט זיך משדך זיין מיט די יהודים. דער אַנשטאַלט האָט זיין עקזיסטענץ אויפגעגעבען אין דעצעמבער 1919. ווען איהר וועט זיך זעהן מיט מר. טירקיל, ער איז געווען אין באַזיץ פון די וויכטיגע עדיטאָריעלס אין וועלכע ער האָט אָנגעפיהרט א העפטיגען קאַמף ניט צו דער־לאָזען דאָס אויפלעזען פון דעם אינסטיטוט".

אזוי האָט געלעבט, געקעמפט און געווירקט אין משך פון 15 יאָהר א לויבענסווערטהע, א מענשענס לעבען־רעטענדע אינ־סטיטוציע און איז אליין אונטערגעגאַנגען מיט א פריהצייטיגען טויט.

זאָל כאָטש פארצייכענט ווערען אין דער געשיכטע פון אידישען אימיגראַנטען לעבען אין פילאַדעלפיא די נאָבעלע, גוט־הערציגע און זעלבסט אויפאָפּפערענדע מענשען וואָס האָבען גע־בויט, געשטיצט און געהאָלפען דעם קורצען, אבער דעם פיעל פּראָדוקטיווען לעבענס־עקזיסטענץ פון דעם ד ז ש ו א י ש ק אָ נ ס א מ פּ ט י ו ו א י נ ס ט י ט ו ט.

פאַר אינפאָרמאַציע און מאַטעריאַל פאַר דיזען קאַפּיטעל געשיכטע בין איך דאַנקבאַר צו מיינע גוטע פריינט ה. ריקלין, נייטהען גייגער, פּ. מילער, ד. ב. טירקיל און י. ל. שטערן.

## אין די זומפּען און ווילדערנישען פון ניו דזשוירזי מיט פופציג יאָהר צוריק

ויהי... און עס איז געווען... און וואו א „ויהי" איז א צרה!... און סע איז געווען אין די צייטען פון איגנאַטיעוו דער רשע און אלעקסאנדער דער טיראן, ווען די צארישע רעגי־רונג מיט'ן ארכי־אנטיסעמיט פּאָביעדנאָסצעוו בראש פון היי־ליגען סינאָד, האָבען באשלאָסען זיך נוקם זיין אין די רוסישע אידען פאר דעם טעראָריסטישען טויט פון דעם צאר אלעקסאנ־דער דעם צווייטען אין מארטש פון יאָהר 1881.

אין דעם אידישען פסח פון יענעם יאָהר האָט עס זיך אָנ־געפאנגען — גזירות און בלוטיגע פּאָגראָמען האָבען ארומגע־כאפּט גאנץ רוסלאנד און ערגער ווי אומעטום האָט עס געברענט מיט א העלישען פייער אין דרום רוסלאנד; אין די שטעדט אדעס, באלטע, זשיטאָמיר, יעליסאוועטגראד, בערעזאָווקע און אלע ארומיגע שטעדט און שטעדטלאך האָבען די רוסישע כולי־גאנעס, אויף דעם וואונק פון דער רעגירונג, ראבירט, געברענט, געקוילעט, געבושעוועט, געשניטען די ברוסטען ביי פרויען און צושמעטערט די זויגלינגע אויף די הארטע שטיינער פון דער פארבלוטיגטער אידישער גאס, און ניט געשוינט יונג און אלט!...

ווען די פּני פון די פארנעהמע אידישע מענער פון יענער צייט, ווי באראָן גינצבורג פון פעטערסבורג, די פּאָליאקאָפס און ווארשאווסקי פון מאָסקווע און די בראָדסקים פון אדעס און קיעוו האָבען אפּעלירט צו דער רוסישער רעגירונג און צום קאָפּ פון דער פּראוואָסלאווער קירכע, דער הייליגער פּאָביעדאָנאָסצעוו ימ"ש, האָט דער לעצטער זיך אויסגעדריקט צו דער אידישער דעלעגאציע וואָס איז געקומען בעטען רחמנות פאר דעם אידישען פאָלק אין רוסלאנד — זיין היסטאָרישער ענטפער איז געווען: זייט רוהיג, עס וועט זיך אלץ אויספּרעסען, אלץ וועט קומען אין אָרדנונג. אָט ווי אזוי: איין דריטעל אידען וועלען אויס־

שטאַרבען, א דריטעל וועט זיך אויס'שמד'ען און א דריטעל וועט אויסוואַנדערען . . .

אידען אין רוסלאַנד האָבען זיך דאַן ארומגעזעהן אַז זייער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע אין דעם רוסישען עמק הבבא איז א פאַרלוירענע, אַן אויסגעשפּילטע.

דער רוף איבער'ן לאַנד איז ארויס, אידען, אידישע קינדער רעטעט אייך יעדער איינער ווי און ווי אַזוי ער קען: אויסוואַנ־דערען, אנטלויפען פון דעם רוסישען גיהנום איז געווען דער איינציגער אויסוועג. צוויי לענדער האָבען גערופען דעם אידי־שען עמיגראַנט צו זיך, — אמעריקא און פּאַלעסטינא.

עס בילדען זיך צוויי שטרעמונגען אין יענער צייט פון אויסוואַנדערונג, די פּאַלעסטינצעס מיט אַן אָרים, פּאַרוויסט און אָפּגעלאָזען לאַנד אין אויסזיכט אָבער פול מיט אידעאַליזם און נאַציאָנאַלע האָפענונגען — און דאָס צווייטע איז דאס יונגע און רייכע פול מעגליכקייטען — אמעריקא, וועלכע האָט געצויגען צו זיך דעם אידישען אימיגראַנט פון מזרח אייראָפּא ווי מיט א מאַגנעט!

אין אדעם גרינדעט זיך דער „עם עולם" מיט דעם צוועק צו באַזעצען זיך אין אמעריקא אויף לאַנד און פאַרווירקליכען דעם לאַנג געגאַרטען וואונש צו ווערען פּראָדוקטיוו און לעבען ווי אנדערע פעלקער פון אייגענער פראַצע . . .

נאָך א שטורמדיגער רייזע פון דריי וואָכען אויף דער שיף פון לאַנדאַן, בין איך מיט א גרופּע פון פיעלע אידישע פאַמי־ליען, לופט־מענשען, געוועזענע מעקלערס, קרעמערס און שיינ־קארעס, אלע פון אדעם זיינען מיר דעם 10טען מאַי, 1882 בשלום געקומען אין ניו יאָרק און געלאַנדעט אין דעם דאַן באַ־ריהמטען קעסל גאַרדען.

ווי געזאָגט, זיינען מיר געפאָהרען אהער אונטער דער פאָהן פון דעם עם עולם'ס צווייטע פּאַרטיי טראַנספּאָרט — מיט דעם איינציגען צוועק צו באַזעצען זיך דאָ אויף לאַנד אלס די ערשטע קאָלאָניע פון אידישע פאַרמערס אין דעם געגענד פון ווײַנלאַנד, ניו דזשוירזי.

דער ערשטער עטאפּ פון אַפּרוה־פּלאַץ פאַר אונז פּריווי־ליגירטע עם עולם׳ניקעס אונטער דעם שוץ פון דער אידישער אַגראַר געזעלשאַפט — איז געווען „וואָרדס איילענד", אדער ווי מיר האָבען עס דאַן גערופען פּשוט „דער אינזעל" — דאָרט אויף דעם אינזעל האָט זיך אויך געפונען א משוגעים האָספּיטאל און געפענגנים הייזער. דאָרט האָבען מיר זיך אויסגערוהט פון דער שווערער און לאַנגער רייזע אויף דער יבשה און אויף דעם ים! אין מאָנאט יוני, באלד נאָך שבועות האָבען מיר באקומען די גוטע בשורה אז מיר רייזען באלד אָפּ צו דעם פאַרשפּראָ־כענעם לאַנד אויף וועלכען מיר האָבען זיך ארויסגעקוקט די אויגען און וואו מיר האָבען דערוואַרטעט צו געפינען אונזער „מנוחה ונחלה" — רוה און אן אייגען היים.

געקומען זיינען מיר אין דעם געבענשטען לאַנד פון זומפּען און ווילדערניש און בייזע גיפטיגע מאָסקיטאָס, אין א הייסען, ברענענדען נאָכמיטאַג און מיר, אדעסער, האָבען שוין דאָרט געפונען תושבים איינינגע וואָכען אַלט, — דאָס זיינען געווען א גרופּע פּלינקע און געשייטע יעליסאַוועטגראַדער. זיי, די יעליסאַ־וועטגראַדער האָבען פאַרכאַפּט די בכורה, זיי זיינען עלטער גע־ווען פון אונז מיט גאַנצע דריי וואָכען ציים!

א מייל ווייט פון סטיישאָן — בראָדוועי (היינט רופט מען דעם סטיישאָן נאָרמאַ) זיינען מיר אריינגעפאַלען אין א טיפען און געדיכטען וואַלד פון הויכע געוויקסיגע יאָלקעס און דעמ־באָווע פעסט געבויטע שאָטען בוימער! ביים וועג, זאמדיג און שמאָל ווי א קאַנאַווע האָט דער נייער ישוב זיך ברייטלאַך צו־לענט אין צוויי גרויסע ציגיינער פּאַלאַטקעס, דאָס זיינען עס געווען די „אהלי קידר", די געצעהלטען וועלכע האָבען געדינט אלס די פּראָוויזאָרישע היים פאַר איבער 50 אידישע פאַמיליען, מענער און פרויען, טאַטעס, מאַמעס מיט זייערע קינדערלאַך, אלע אין איינעם האָבען אין די דאָזיגע פּאַלאַטקעס, ווי מיר האָבען זיי דאַן גערופען, האָבען מיר פאַר א קורצער צייט גע־וואוינט קאָמוניסטיש־אידישלאַך. ווי ווייט איך געדענק זיינען דאָרט אין די פּאַלאַטקעס קיינע שאָדענס ניט פאָרגעקוומען — צום פריהמאָרגען האָט יעדער געפונען זיינע אייגענע גאַנץ, אונ־

באשעדיגט. אויסער בלאָטערס און רויטע וואונדען וואָס די מאָס־קיטאָס האָבען איבערנאכט געלאָזט אלס זכר לגאולה — א סימן פון גאסטפריינדשאפט צו די נייע צוקונפטיגע בירגער פון לאנד!

אין פאלאטעס ד. ה. אין די ציגיינערשע געצעלטען, האָבען מיר לאנג ניט פארבראכט. ווי די אידען אין דער מדבר „ויחנו, ויסעו" גערוהט און געצויגען, אזוי האָבען מיר גלייך גענומען אויפשטעלען „די געביידעס", דאָס איז געווען איין לאנגער באלאגאן, צוזאמענגעשלאָגען פון ברעטער מיט פארטישאָנס, מיט ווענטלאך אָפגעטיילט און פוירניטשור וואָס יעדער פאמיליע האָט אליין צוזאמענגעקלאפט אָם בעסטען ווי ער האָט געקענט! איך געדענק נאָך ווי היינט, איך האָב מיין אייגענע פוירניטשור, א בעט פון ברעטער ווי א באנק צוזאמענגעשטעלט און אזוי אויך האָב איך אויפגעמאכט א קאסטען וואָס האָט געדינט פאר א טישעל און א זיץ־באנק פון 3 ברעטלאך צונויפגעשלאָגען — אן אימפּראוואומענט איז דאָס פאָרט געווען. אלץ בעסער ווי אין א ציגיינער פאלאטקע, — די געביידע האָט שוין געגעבען דעם כאראקטער פון בעל הבית פאר זיך, מעהר פּריוואטקייט! דאָך איז נאָך געבליבען א שטיק קאָמוניזם — די גאנצע צייט וואָס מיר האָבען געוואוינט אין די טעמפּאָראַרי, צייטווייליגע היימען האָבען אלע געגעסען פון איין קעסעל, דאָס איז געווען דער קאזארמע „קאטיאָל", ווי מיר האָבען איהם דאן גערופען, דער קהל'שער קאָמוניסטישער קעסעל פון וועלכע אלע 50 פאמיליען האָבען זיך פון איהם געשפּייזט. ....

די אלטע אידישע פארמערס, די אָלד טיימערס געדענקען אודאי דעם „פּאָטער" דאָס איז געווען א ווארשאָווער איד מיט א בייכעל, זיין אידישרעדען האָט געשמעקט מיט דייטש און ער איז דאָס געווען דער שר האופים, דער אויפזעהער און „קוואָ־טערמייסטער" איבער דער קהל'שער קיך וואָס איז אויפגעשטעלט געווארען גלייך ווען דער צייטווייליגער ישוב האָט זיך פאָרמירט — געשטאַנען איז די קאָמוניסטישע קיך אויף דער צווייטער זייט פון וועג קעגענאיבער די געביידעס — אזוי ווי אין א קאזארמע זיינען די פרויען געקומען יעדען טאָג מיט זייערע כלים א קע־סעלע און א שיסעלע און האָבען פון דעם „פּאָטער" באקומען

זייערע פּאַרציעס שפּייז פאר דעם הויזגעזינד — איז מען טאקע געשטאַנען אין ליין ווי אין די היינטיגע גוטע צייטען (זאָל מען באַהיט ווערען) אין ניו יאָרק און אנדערע גרויסע שטעדט!

## אידישע הענט פאַרוואַנדלען א מדבר אין א גן־עדן

ווי געזאָגט האָבען מיר זיך איינגעארדענט צו זיין צייט־ווייליג אין דער נייער היים, אין די „געביידעס".

דעם גאנצען זומער האָבען מיר געהאקט דעם וואלד, גע־שניטען ווענען, אויסגעלעגט די גאסען און די עוועניוס פאר דעם צוקונפטיגען פארמער־ישוב וועלכער איז שפּעטער צואוואָרפען געווארען אין דריי פארשידענע געגענדען.

דער הויפּט צענטער פון ישוב איז געווען „עליאנס", וואָס העלפט פון דעם שטח. „עלייאנס" נעמט איצט אויך אריין „ברויטמאנסוויל". מעהר אן אינדוסטריעלער קיבוץ ווי פארמע־ריי, וועלכע איז געגרינדעט געווארען שפּעטער. ווען „עלייאנס" איז שוין געווען באַזעצט. אין „עלייאנס" האָט זיך געפונען דער רוב בנין פון די קאָלאָניסטען. אן ערך פון 40 פאמיליען זיינען דאָרט באַזעצט געווארען, דער צווייטער גרעסטער ישוב האָט אוועקגעצויגען א צוויי מייל ווייטער פון צענטער. דאָס איז גע־ווען א נידעריגער, זאמדיגער און זומפּיגער פּלאַץ ביים אויסגע־טריקענטען שטראָם, וואָס האָט דעם דאָזיגען מדבר זאמד אמאָל דורכגעשניטען און האָט איבערגעלאָזט טיפע טרוקענע קאנאַלען פאַרוואקסען מיט ווילדען בוש און בוימלאך. דאָ האָבען זיך באַזעצט 17 פאמיליען, דער זאָגענאַנטער ראַדיקאלער אדעסער עלעמענט פון די קאָלאָניסטען.

דער ישוב איז נאכהער געווען באקאנט אונטער דעם נאָמען „די זיבעצען". צווישען וועלכע דער שרייבער פון דיזע ציילען האָט געהאט דעם שלים מזל צו באַקומען דאָ זיין נחלה און ווערען א גוט באַזיצער. דער דריטער און דער קלענסטער ישוב פון 6 פאמיליען האָט פארבלאָנדזשעט אויף דעם וועג צווישען וויינלאנד און ראזענהיין נאָהענטער צו ראזענהיין — דער

גאנצער ישוב פון די דריי אידישע קאָלאָניעס איז געווען געגרינ־
דעט און געשטיצט פון א קאָמיטע פון נויארקער און פילאדעל־
פיער אידישע פילאַנטראָפּען ווי אויך פון „מענשאן־הויז" רע־
ליעף קאָמיטע פון לאָנדאָן.

נאָך די ימים טובים, ווען עס האָט שוין געבלאָזען קאלטע
אָסיען ווינטען זיינען פארטיג געווארען אונזערע פּאלאצען,
באשטעהענד פון א רום און א האלב, אָדער ריכטיגער געזאָגט א
צימער און א בוידעם, וועלכער האָט געדינט פאר א שלאָף
צימער. עס איז קיין אונטערשיעד געווען אויב די פאמיליע
באשטעהט פון צווייען אדער פון זיבען זייערע!

די הייזער זיינען געווען געבויט יוניפאָרם, אלע גלייך ווי
אויסגעגאָסען פון איין פאָרם. א נידריגער גרוב מיט אמת'ע ריינע
קאלטע וואסער האָט געדינט פאר א ברונען און א קעלער צו־
גלייך, — ווייל קיין קעלער האָט מען ניט געגראָבען, צו זאמ־
דיג, און עסענווארג האָט מען ארונטערגעלאָזט אין ברונען עס
זאָל זיך האלטען קיהל און פריש — אויסער די הויז מיט דעם
ברונען האָט א פאמיליע באקומען פון 12 ביז 15 אקער לאנד
טאקע דערביי פון וואהנונג. דאס לאנד מיט דעם הויז און
ברונען איז געווען די נחלה. די אימעניע וואָס די דריי ישובים
מיט איבער 60 אידישע פאמיליען פארמערם האָבען באקומען
און מיט דעם פארזאָרגען זיך מיט א עקזיסטענץ פאר זיך און
פאמיליע און דערמיט דינען א מוסטער פאר דער אויסער וועלט,
אז אידען טויגען זיך אויך צו דער ערד, צו פאָרם ארבייט, צו
לעבען פון אייגענער פראצע.

איינגעארדענט זיך אין דער נייער היים האָט מען דעם
גאנצען ווינטער געארבייט אויף דעם אייגען לאנד, גערייניגט
דעם בוש און געהאקט דעם וואלד פאר ברען האָלץ מיט וועל־
כען מען האָט זיך דעם קאלטען ווינטער געוואַרימט. פון קוילען,
געז אדער ח"ו עלעקטריק איז געווען אין יענער צייט א אילוזיע,
א חלום וואָס איז געלעגען אין דער ווייטער צוקונפט, — ווי
שווער די ארבייט פון האקען וואלד און רייסען קאָרטשעס עס
איז געווען דער ערשטער ווינטער אויפ'ן פאָרם, האָט מען דאס
אריבערגעטראָגען מיט געדולד און פארשטענדניס, דאָס האָט מען

אלע האפנונגען געלעגט אויף דעם קומענדען ספרינג, אויף דעם פריהלינג. דער ערשטער זריעה יאָהר וועלכער וועט נאטירליך פארגיטיגען מיט א שעהנעם אוראָזשאַי, וואָס וועט ברענגען מזל וברכה פאר א יאָהר שווערער ארבייט און פלאַגעניש.

געגנוג האָט מען געהאט צו זינגען און צו זאָגען ביז מען האָט אויסגעווירקט אז די געלדער פאר זריעה און אנדערע אימ־פלעמענטס ווי באמיסטיגונג, דינגען א פערד אום צו אקערען און באראנעווען דאָס פארזעהטע לאנד, דאָס געלד פאר דעם אלעמען זאָל געגעבען ווערען דירעקט צו די קאָלאָניסטען, אנ־שטאט אָנצוקומען צו די „ליטש בראדערס" וועלכע זיינען איי־גענטלאך געווען די בעלי בתים, די אייגענטהימער פון דער נאַנצער שטרעקע זאמד וואלד און בושעם פאר וועלכען זיי האָ־בען באַקומען גוטע געלד פון דער קאָמיטע — און דער אמערי־קאַנער דייטש הער שטערנבערג מיט'ן גראָבען סיגאר אין מויל פון הארטפאָרד, קאָנעקטיקוט. ער איז דאָס געווען דער לאנד־עקספערט וואָס האָט געווינלאך פאר גוטע קאָמישאָן פארשאַ־כערט דעם זאמדינגען ניו דזשוירזי מדבר צו דער קאָמיטע פון נויאָרקער אידישע פילאנטראָפען בחצי חנם. אזוי לייכט איז עס אבער ניט צוגעגאנגען — די קאָלאָניסטען זיינען — געצוואונגען געווען צו שיקען א דעלעגאציע קיין נויארק צו אויסווירקען דעם פארלאַנג, אז די געלד פאר זריעה זאָל געגעבען ווערען צו זיי דירעקט — און אזוי איז עס געשעהן: שוין גאנץ נאָהענט פון זריעה צייט איז מיין ווענינקייט מיט א קאָמיטע פון פינף געשיקט געווארען מיט א פולמאכט צו פארהאנדלען מיט דער קאָמיטע אין נויארק.

די פולמאכט צו פארהאנדלען מיט נויארק איז געווען אונ־טערגעשריבען פון אן ערך 50 קאָלאָניסטען די פיאָנערען פון די דריי ישובים קאָלאָניסטען און דאָס זיינען זייערע נעמען. פילע פון זיי זיינען שוין לאנג ניטאָ צווישען די לעבעדיגע: מ. טאַף, מ. לודוויג, ה. טשערקאסקי, מ. רעזינער, ל. בריטשק, ר. לולי, מ. בעזמאן, מ. דאָרפמאן, ש. גערשקאָוויטש, א. רייקין, י. בודניק, י. בערלין, י. לערנער, י. וועכטער, א. קאטץ, י. ליבערמאן, ל. קומאנאָוו, א לינטשיק, ב. ביצקאָוו, מ. גרעשניק, ד. מאקאדענקא,

י. ראָזענפעלד, א. לעווין, א. בערמאן, ז. קאלינאָוויטש, ש. יאנ־קעלעוויטש, ה. לעווין, י. אפּאטשינסקי, פּ. טאלטשינסקי, א. זיל־ווערמאן, ה. קאלטון, א. גרוצקי, י. ראזינסקי, אל. אבראמאָוויטש, שמחה טעמניק, ד. האראוויטש, י. אבראמאָוויטש, מ. לאווינסקי, מ. סאוויטצקי, מ. שטראזניק, אברהם שעפּעטאווסקי, זלמן סאָ־לונטשיק, ל. פּערסקי, חיים מענעס, מ. פּערסקי, י. יודעלעוואטש און מאָזעס פריהמאן.

איינינע קאָלאָניסטען האָבען זייער אונטערשריפט ניט גע־געבען, ווייל זיי זיינען געווען אין דער מיינונג, אז מען וועט די פריצים אין נויארק מיט דער דעלעגאציע נאָך צובייזערען און ערגער מאכען.

די דעלעגאציע אין נויארק האָט אויסגעווירקט און מען האָט צו די קאָלאָניסטען דירעקט געגעבען צו 30 דאלאר פאר יעדען קאָלאָניסט צו פארזאָרגען זיך פון דער סומע מיט זריעה, פארטעלייזער צו באמיסטיגען דאָס לאנד, און דינגען זיך א פערד מיט אן אקער אייזען צו פאראקערען און פארזעהן דאָס לאנד אן ערך פון 5 אקער אויסגערייניגט לאנד מיט גרינצייג, פּאָטיי־טאס רונדע און זיסע, בינס, ארבעס, טאָמייטאס און נאָך אנ־דערע פּראָדוקטען פאר דעם טיש צום עסען.

אָפּגעארבייט און אָפּגעשוויצט א גאנצען זומער, געפלאנצט, קולטיווירט און נעקליבען מיט די הענד די זשוקלאך פון די בליהונגען אויפ'ן לאנד. דער סוף איז געווען, אז פון דעם גאנצען אוראָזשאי (דעם קראפּ) איז ניט געווען וואָס צו אכל'ן און מען האָט געהונגערט און געפרירט און געליטען פון קראנקהייט וואָס איז געווען דער רעזולטאט פון ניט דערעסען און פון זאָרג.

געדענקען נאָך די אלטע פארמערס, ווער עס איז נאָך פון זיי פארבליבען, ווי מען האָט זיך געשלעפּט א מייל ווייט אין שניי און אין רעגען ווינטער צייט צו ליטש בראָדערס אין סטאָר אויסבעטען א פּייפּער זעקעל פּאפּעשוי־קאָרן מעהל און דאָס האָט מען געבאקען און זיך געזעטיגט מיט א גלאָז טהע און דערמיט זיך דערהאלטען די נשמה.

צום צווייטען אוראָזשאי זיינען געווען פיעל ווענינער וואָס האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט לאנד־ארבייט. די פארמערס מיט

זייערע דערוואקסענע קינדער האָבען זיך גענומען צום שאפּ. ווער עס האָט געארבייט ביי קליידער־מאכען און ווער אין דער סיגאר פעקטאָרי, וואָס די קאָמיטע האָט אין צענטער ביי די פערציגער פאמיליען אויפגעשטעלט. עס האָט איינגעטראָטען דער ערשטער קריזיס, דער ערשטער איבערברוך אין דעם לעבען פון אידישע פארמערס אין די ניו דזשוירזי קאָלאָניען.

עס איז ניט מיין אבזיכט אין דיזע ארטיקלען צוו שרייבען די אויספיהרליכע געשיכטע פון דעם לעבען און ליידען, פון די דורכפאלען און טריאומפען וואָס די אידישע פארמערס אין ניו דזשוירזי האָבען דורכגעלעבט אין משך פון א האלבען יאָהר־הונדערט. עס פאָדערט זיך פאר דעם צו שרייבען א גרויסען דיקען בוך מיט פיעל טהיילען אום צו טאָן גערעכטיגקייט צו דעם זעהר וויכטיגען ענין פון אידישער פארמעריי אין דעם שטאאט ניו דזשוירזי.

אין 1886 ד. ה. מיט 46 יאָהר צוריק, ווען אלס איז נאָך געווען פריש אין מיין זכרון, האָב איך געשריבען מעהר אויס־פיהרליך וועגען די אידישע קאָלאָניעס אין דעם אידיש־רוסישען „וואָסכאָד", וואָס איז ערשינען אין פּעטערבורג.

אין דיזען ארטיקעל וועל איך זיך באגוגענען צו זאָגען, אז נאָך דעם ערשטען קריזיס אין עלייאנס האָבען פילע קאָלאָניסטען געלאָזט זייערע פארמס און זיינען אוועק אין שטאָדט צו ארביי־טען אין שאפּ אָדער פּעדלען אין גאס מיט פרוכט אדער מיט דרייגודס. איך אליין, נאָך דעם ווי איך האָב זיך צוויי יאָהר געפּלאגט אין די בושועס און געליטען הונגער און קעלט, האָב איך צוריקגעגעבען מיין דיעד צו די „ליטשעס", געלאָזט די הויז מיט דעם ברונען מיט דעם לאנד און האָב פון די ליטש ברידער פאר דעם אלעם פון 2 יאָהר ארבייט באקומען 10 דאלאר אין קעש, מיט וועלכע איך בין אָפּגעפאָהרען אין סטייט אף מיין און דאָרט געארבייט אין א וואול מיל פאר 9 דאלאר א וואָך 11 שטונדען א טאָג. ווי געזאָגט זיינען פילע פארמס געבליבען לעדיג און פארלאָזט נאָך דעם ערשטען דורכפאל אויף דעם לאנד.

צווישען די 80גער און אין די 90גער יאָהרען פון פאָרי־גען יאָרהונדערט האָט זיך געלאָזט א שטראָם פון פרישע נע־

ונד'ניקעס פון מזרח אייראָפּא, וועלכע האָבען געמאכט זייער אידעאל אין לעבען נאר צו באזעצען זיך אויף לאנד. עס מעג זיין וואָס עס וויל, אזוי טאקע אין קורצען זיינען די פארלאָזענע פארמס, באזאנדערס אין דעם צענטער פון די 40 פאמיליען ישוב גלייך פארנומען געווארען מיט נייע אנגעקומענע אימי־גראנטען פון רוסלאנד, פוילען און גאליציע.

צווישען די נייע אימיגראנטען קיין עלייאנס איז געקומען און דאָרט געמאכט זיין היים דער אידעאליסט, ביי וועמען אין הויז אין אָדעס איז געגרינדעט געווארען דער „עם עולם". דאָס איז דער משכיל און למדן און נאציאָנאליסט שנייער ביילי, דער שווינער־פאָטער פון די צוויי דאָקטוירים סעמועל יאפע און מאקסוועל הערמאן. ווען מען רעדט פון די אלטע תושבים פון די אידישע קאָלאָניעס קען איך ניט פארבייגעהן ניט צו דערמאָ־נען דעם ניט־לאנג פארשטאָרבענעם פּיאָנער און גרינדער פון דעם ישוב משה באיוק, דער פאָטער פון די קינדער באיוק, סיגאר מאנופעקטשורערס.

א מערקווירדיגע און גרויסע פערזענליכקייט איז געווען דער נפטר משה באיוק. ביים לעבען איז באיוק געווען דער ראש וראשון, דער קאָפּ און דער שפּיגעל פון דעם אידישען ישוב ארום און ארום — אליין א גרויסער למדן אין תלמוד און אין קבלה, משכיל און פילאָזאָף, האָט ער אלע פופציג יאָהר דאָ גע־לעבט מיט די קאָלאָניסטען. דאָ זיך געפּלאגט די ערשטע צייטען, פארלאָרען צוויי פרויען ביים לעבען און צום סוף יאָהרען מיט דער פינאנציעלער הילף פון זיינע רייכע קינדער האָט ער גע־שריבען און אָפּגעדרוקט א גרויס ספר אין 5 טייל מיט'ן נאָמען „תורת משה" — געווען א וועלט־חכם און פילע יאָהרען געווען דער דזשאדזש פון דעם קרייז — דזשאָסטיס אף דהי פּיעס — הכל על דאבדין.

אויסער זיי די אינטעליגענטען און לידערס פון דעם ישוב געדענקט זיך נאָך די געטרייע און אומערמידליכע ארבייטער פון דעם ישוב די פארמערס ישראל אפּאטשינסקי און די ברידער סטאָוויצקים און אנדערע וועלכע איך קען אויף דעם מאָמענט זיך ניט דערמאָנען.

און איצט פייערען זיי, דער צווייטער אדער פיליכט דער דריטער דור מיט די איינציגע מאהיקאנער וואָס זיינען נאָך איצט דאָ ביים לעבען, דעם 50 יאָהריגען יובילייׁ זייט די אידישע קאָלאָניעס עלייענס, נאָרמא, ראזענהיין און ברויטמאנסוויל זיינען געגרינדעט געווארען. די אלטע, די פארבליבענע פיאָנע־רען וועלכע האָבען געטראָפען א וויסטען מדבר מיט זומפען און ווילדען וואלד און וועלכע געדענקען נאָך די ציגיינער פא־לאטעס מיט דעם „קאָטיאָל" און די קהל'שע קיך—ווען איצט דאָס לאנד מיילען ווייט ארום איז פארוואנדעלט געווארען דורך אידישער פראצע אין א גן עדן פון פראכטפולע, שעהנע און באקוועמע הײמען מיט פארפלאנצטע גערטנער און גאנצע שטרע־קעס קולטיווירטעס לאנד מיט פרוכט בוימער און גרינע לאָנקעס וואָס פארכאפּט דאָס אויג און ענטציקט די נשמה פון יעדען באזוכער.

איצט, נאָך א האלבען יאָהרהונדערט פון געדולד און אר־בייט, מעגען די וואָס האָבען דאָס דערלעבט זיך פרעהען און פייערען דעם יובילעאום יום טוב מיט הארציגער פרייד און ליבשאפט — אין דיזען שרעקליכען עקאָנאָמישען קריזיס, ווען די שטאָדט הונגערט, ליידעט און איז פארצווייפעלט. ניטאָ א טאָג עס זאָל ניט געשעהן א זעלבסטמאָרד, ווען מענשען וואָס האָבען אין שטאָדט זייער לעבענס־לאנגע פארדינסטען און רייכטהום — פארלאָרען איבער נאכט — זאָלען די מענשען אין דארף, אויפ'ן לאנד זיך שעצען גליקליך, וואָס זיינען גע־בליבען אויף זייערע ערטער. ווי באשיידען און ניט רייך זיי מעגען זיין — מיט עסען און א דאך איבער'ן קאָפּ זיינען זיי אימער געזיכערט.

„עובד אדמתו ישבע לחם" האָט דער קלוגער קעניג שלמה געזאָגט אין זיין משלי ד. ה. ווער עס בעארבייט און קולטיווירט זיין לאנד איז זיכער צו עסען זיין ברויט צו זאט! דער רוף אין שטאָדט דארף זיין „צוריק צו דער ערד, צום לאנד!"

## צוויי נשמות

(מיין פרוייס אייביגען יאָהרצייט געווידמעט)

א יאָהר נאָך דער חתונה, אז די געשעפטען אין האָלץ־לאַגער זיינען אוועק שלעכט, האָט דער טאַטע, א קלוגער וועלט־סוחר און א למדן, זיך אָבגערופען: דזשעני, מיין טאָכטער, דו ווייסט, מיר זיינען מיט דיין מאַן, דעם האלבגעבאקענעם משכיל און בית המדרש׳ניק, מיאוס אריינגעפאלען — ער איז א שלומיאל, ער טויג ניט אפילו א קאַץ דעם עק צו פארבינדען. ווייסטו וואָס? גט איהם אָפּ און באפריי זיך פון איהם ווען דו ביזט נאָך לעדיג און קינדערלאָז. אברהם גרשון, דיין געוועזענער לעהרער און איצט אַן ערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן ווארט אויף דיר. ער וועט דיך גליקליך מאכען. וואָס טויג דיר א מאַן, א פאַנטאַזיאָר, מיט פליי אין דער נאָז? דו וועסט ביי איהם אָפּ־חושך׳ן דיין גאַנצען לעבען.

דזשעני הערט די ביטער־אמת׳ע רייד פון איהר פאָטער און שווייגט. זי טראַכט ביי זיך דאָס וואָס זי וואגט ניט צו זאָגען: טאַטע, דו האָסט מיר איהם אליין פאר מיין מאַן אויסגעקליבען, אליין, טאַטע, האָסטו איהם פון דעם בית המדרש געבראַכט צו מיר — און איצט געפעלט ער דיר ניט.

אין א פינסטערער פאר פסח־נאַכט אין יאָהר 1882 ליגען באהאלטען אין שטוב אין א רוסישער גרענעץ־שטעדטעל 10 אידישע נפשות וואָס האָבען זיך איבערגעגעבען אין די הענד פון א בלאטען יונג, א בעל־הבית׳ל פון א בלאטען הויז און אן ארוי־בערפעקלער — צו אָט דעם זנות־העלד האָבען אידישע נפשות אין יענע פאָגראָם צייטען זיך אָנפארטרויט מיט זייער פאר־מעגען, מיט זייער עהרע און פרייהייט און זאָגאר מיט זייער אייגענעם לעבען.

אָפּגערעדט האָבען זיי, אז פונקט 2 אוהר ביינאכט וועט מען מיט דעם בלאטען העלד פאָראויס נעמען שטילערהייט דעם מארשרוט צו דעם פארשפראָכענעם לאַנד פון פרייהייט און זי־

כערקייט... שוין געווען א האלב וועג צום ציעל פונקט און מיט אמאָל דערהערט זיך דאָס הירזשען פון פערד, גאלאָפּירענדיג מיט אימפּעט און דאָס ווילדע בילען פון יאגד־הינט דערנע־הענטערען זיך צו דער קליינער אויף טויט דערשראָקענער גרופּע. עס הערט זיך א שאָס פון א ביקס אין דער לופטען, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין דער טויט־שטילקייט פון דער נאכט ווי פון 100 הארמאטען.

— מיר זיינען פארלאָרען, מיר וועלען באלד נידערגעשאָסען ווערען ווי די הינט. לויפט צוריק מיט אלע אייערע כחות, איי־דער די גרענעץ קאָזאקען וועלען אייך דעריאָגען — אזוי האָט דער פיהרער, דער היימישער, פארטרויענסווערטהער מענש פון דער גרענעץ־וואך אין א הייזעריגען פארשטיקטען קול גערופען צו יעדען פון דער גרופּע, זיי זאָלען זיך ראטעווען אמבעסטען ווי יעדער קען.

דזשעני האָט א האלב צום טויט דערשראָקענע זיך איינגע־קלאמערט אין איהר באגלייטער דעם בית המדרש׳ניק, איהר בא־שיצער און רעטער אין דיזער שעה פון לעבענס־געפאהר, און זיך געלאָזט טראָגען פון איהם ביז מיט איניגע שטונדען שפּעטער, אויף אן אנדער וועג האָבען זיי דערגרייכט דעם ירדן גרענעץ— א קליינע טייכעל וואָס האָט אָפּעגטיילט דאָס קאָזאקען־לאנד פון פראנץ יאָזעף׳ס מדינה. און פון דאן אָן זיינען צוויי נפשות אויף אייביג פאראייניגט געווארען אין פרייד און אין לייד.

צוויי יאָהר שפּעטער — אין די ווילדערנישען פון די ניו דזשוירזי זומפּען. אין מאָסקיטא לאנד רייסט דזשעני׳ס מאן דער בית המדרש׳ניק סטאָמפּס און קארטשעס אויף א פארם אום צו לעגען דעם פונדאמענט פון א אידישער קאָלאָניע און אויף דעם אופן דורכפיהרען דעם אידעאל וואָס האָט זיי געבראכט אהער אין דעם לאנד פון פרייהייט און גלייכהייט — צו ווערען פּראָדוקטיוו און מאכען א לעבען פון יגיעת כפים, פון אייגענער פּראצע.

דער ערפאָלג פון דער פארם איז געלעגען אין דער ווייטער צוקונפט. אין דער געגענווארט האָט די שטיל־שווייגענדע דזשעני געהונגערט דורך די טעג און די בלוטדורשטיגע ניו דזשוירזי

מאָסקיטאָס האָבען געזויגען איהר בלוט ביינאַכט — און אַלץ לשם אידעאַל. דזשעני'ס מאַן איז דאָך געפאָהרען מיט דעם „עם עולם" קיין אמעריקא צוליב א הייליגען צוועק צו בעאַר־בייטען דאָס לאַנד און ניט זיין קיין סוחר, קיין לופט־מענש, קיין מנחם מענדעל.

יאָהרען ציהען, יאָהרען פליהען און דאָס לעבען אין דזשעני'ס פאַמיליע געהט ניט אין א גראַדער ליניע. עס בייטען זיך אומשטענדען און קאָנדיציעס פון לעבען שלענגלען זיך אין א זיג־זאַג ארויף און ראָפּ. עקאָנאָמישע ענדערונגען און פינאַנ־ציעלע לאַנד קריזיסען האָבען צוטרייסעלט און בעאונרוהיגט, אבער ניט אָנגערירט דעם צוטרויען און דעם גלויבען פון צוויי אויף אייביג טריי־געבליבענע נשמות . . .

די מלחמה־צייט טרעפט די קלוגע, ביזנעס פעהיגע און באַשיידענע דזשעני מיט איהר פאַמיליע שטעהן אין א שעהנער, גוט עטאַבלירטער ביזנעס אויף דער הויפּט ביזנעס גאַס פון דאון־טאון. איהר נאָמען איז פּאָפּולער און דער קרעדיט אין דער ביזנעס וועלט איז פון ערשטען ראַנג. אין א רייע פון יאָהרען שפּאָרט מען פון געשעפט 10 טויזענד דאָלאַר ריינעם פּראָפיט יעהרליך און די וועלט איז מקנא און רעספּעקטירט זיי.

באַזונדערס איז איבעראַל באַליבט די שעהנע, קלוגע, גוט־מוטיגע דזשעני, וועלכע אין איהר לעבענס־שטייגער באַנעמט זיך אזוי איינפאַך, אזוי באַשיידען און איהרע אייגענע קינדער, דערוואַקסענע, און זעלבסטשטענדיגע מאַכען איהר פּאָרוואורף פאַר וואָס זי קליידעט זיך ניט שעהנער, און פאַר וואָס פאַרגינט זיך ניט די מאַמע אביסעל מעהר פאַרגעניגען און געהט ניט ארוים אָפטער אין די מואוויס, אין טעאַטער אין דער צייט וואָס גאָט האָט געהאָלפען אז די אומשטענדען קענען עס לייכט דערלויבען.

דאַרויף פלעגט די מאַמע ענטפערען: „מיין היים איז מיר טייער און ליעב און מיין גרעסטער פאַרגעניגען וועט זיין צו זעהן מיינע קינדער לעבען שעהן און גליקליך. איך האָב ניט נויטיג און איך דאַרף ניט קיין איבעריגע קליידער און קיין צירונג נעווים ניט — מיין שעהנקייט, מיין צירונג איז מיין מאַן און

מיינע קינדער. איך האָב, פלעג זי זאָגען צו איהרע קינדער, דעם גרעסטען פארגעניגען ווען אייער פאָטער שטיצט און העלפט אידישע אנשטאלטען. איך וועל קיין מאָל ניט שטערען מיין מאן ווען ער גיט א באדייטענדע סומע געלט פאר דעם אויפבוי פון דעם אידישען היים־לאנד אין פאלעסטינא. גלויבט מיר, קינדער, אז איך האָב געלעזען אין די אידישע צייטונגען, אז אייער טאטע האָט געגעבען 500 דאלאר פאר דעם קרן היסוד, האָט עס מיך הארציג געפרעהט און איהר ווייסט דאָך אז איך האָב אייער פאָטער דערמוטיגט צו שיקען אהיים אויף יענער זייט ים צו די אומגליקליכע מלחמה און פאָגראָם קרבנות שפייז, קליידער און קעש געלד. ווייטער פעהלט מיר ניט קיין מואווי אדער טעאטער. ווען איהר געהט מיט אייער פאָטער צו א פארוויילונג אין זיין סאָסייעטי און איך בלייב אליין אין הויז, האָב איך מיט וואָס די צייט צו פארברענגען. איך לאנגווייל זיך קיינמאָל ניט פון אייער פאָטערס לייברערי נעם איך ארויס די לידער פון מאריס ראָזענ־פעלד און די דערצעהלונגען פון יעקב גארדין, מיינע באליבטע שרייבער, און לעזענדיג זייערע ווערק איז ביי מיר גלייך ווי איך זיץ אין דעם שעהנסטען טעאטער אדער אין די מואווים, אין וועלכע איך בין קיין מאָל ניט געווען פארליבט".

איהרע אמעריקאנער געבוירענע קינדער האָבען קיין מאָל ניט געקענט פארשטעהן פארוואָס זייער מוטער איז אזוי צוריק־געשטאנען, גאָר ניט מאדערן: סטייטש, א פרוי קען לעבען אין קאָמפאָרט און אין פארגעניגען און וויל ניט — ווען איהרע קינדער זאָלען אבער וויסען ווי שעהן, חנ'עוודיג, ליבלאך זי איז געווען אלס מיידעל און כלה און דאָך האָט זי זיך ענטזאגט צו טראָגען די כלה קרוין — א ווייס קרענצעל צו דער חופה — וואָלטען זיי זיך ניט געוואונדערט אויף דער באשיידענקייט און אויף דעם פאָלקסטימליכען גייסט וואָס האָט אזוי באשעהנט און באצירט אין שפּעטערע יאָהרען איהר גאנץ לעבען...

זיצט מען א זומער־אָווענד אין פראָנט פון דער שעהנער היים אויף פ. סטריט און מען שמועסט צווישען זיך פון דער פארגאנגענהייט... איצט, צוריק פון דעם לעבענס־יריד...

וואָס פעהלט? ... זאָגט דזשעני צו איהר מאַן, טאַקע ניט מעהר ווי רוה. צוויי נשמות. מען דאַרף ניט פיעל...

גענוען צוויי נשמות, איינע איז אוועק אין עולם האמת און די צווייטע בלאָנדזשעט ארום אין דעם עולם התוהו ..

# עהרענליסט

**פון אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וועלכע האָבען געהאָלפען צו דער ארויסגאבע פון בוך.**

**וויליאם הינדין, טשערמאַן** **אל. וואלקין, טרעזשורער**
**ל. טאָלץ, סעקרעטאר**

ברית אחים פעראיין.
ברית אחים פרויען פעראיין (לעידים אוקזילערי).
אסתר לאָדזש (פרויען אָרגאַניזאציע).
אינדעפענדענט בערהטא ראוויטץ לאָדזש.
דזשוליאוס מאָסקאָוויטש (חברה קדישא).
עליסאוועטגראד בענעפ. אסס'ן.
פראָגרעסיוו בענעפישאל אסס'ן.
לינת הצדק בענעפישאל אסס'ן.
בעלזער בעסאראביער בענעפישאל אסס'ן.
טאראשטא־ראקיטנער בענעפישאל אסס'ן.
היימאן לאָדזש נומ. 75, א. א. ב. א.
באסלאווער בענעפישאל אסס'ן.
אינדעפענדענט קישינעווער פעראיין.
אדעסער אונטערשטיצונג פעראיין.
פענסילווניא לאָדזש, א. א. ב. א.
אמעריקאן פראטוירניטי לאָדזש.
אינדעפענדענט זאנגוויל פרייד בענעפישאל אסס'ן.
סמילער פעראיין.
אהבת אחים אונטערשטיצונג פעראיין.
קאניווער רעדזשיטשיווער פעראיין.
רומעניען היברו בענעפישאל אסס'ן.
זשיטאָמירער אונטערשטיצונג פעראיין.

סענאַטאָר הערי שאַפּיראָ, לעווין און סאָן, סאַלס, ראָדין, דזש. ריקלין, א. ספּיוואַק, אַלעקס וואַלקין, אַדאָלף ראָזענבלום, רעוו. מ. קאַטשנאָי, מ. מלמדזאָהן, רעוו. מ. לעווענזאָן, רעבעקאַ ליעבסטער, הערי גאָלדמאַן, חיים ריקלין, מ. סילווער, ס. שאַ־פּירא, איזרעאל פּולס, הערי פּולס, ב. ווייסבערג, יוסף ליכטמאַן, ה. נאָוואַק, ה. שאַפער, וויל. פּ. ניעדעל, טש. ניערעמבערג, דר. עליאס קאַנאַן, מ. פּיין, ס. זאַק, ז. לעוויט, דר. מ. סקלאַר, ר. גאָלד, היימאַן קראַסנע, א. קימעלמאַן, סיימאַן זאַלצבערג, סיימאַן לעקערמאַן, פּ. מילער, מ. פּאָרטער, טשאַרלס בלום, ראַבי ב. לעווינטהאַל, לאָיער לואיס לעווענטהאַל, אַדאָלף וואַקס, טש. ליפּשיטץ, דזש. וואָורצעל, יחיאל גוטמאַן, וויליאַם ב. ליעף, דר. מ. באַרבאַור, האַנאָר. וויליאַם פּאַרטנער, דייוויד וועבער, לאָיער דזש. גראָס, מ. שטיינבערג, ה. קראָס, וויליאַם ר. פּיין, מ. בערנ־שטיין, וו. וואָלאָזשין, הערי פּובליקער, נ. דודקין, מ. קאַפּלאַן, בענ. ראַזאָף, וו. פיליפּ, ראַבי ס. פרידמאַן, פראַנק אויסטין, אייזענשטיין און גאָרדאָן, מ. שטיין, ר. בעל, ז. קאָף, דר. ס. זעליקאָוויטץ, האָנ. אייבראַהאַם בערקאָוויטץ, דר. ד. פעלדמאַן, דר. מ. וויינמאַן, דר. ל. מענאַקער, געאָרג גאָוואַרד, נ. פּייגין, ב. פּ. מילער, קיין עלים, אבראַהאַם עלים, יוסף מאַגיל, ה. פּערלשטיין, ב. שאַפּירא, דזשייקאָב זאַרעצקי, דזשייקאָב גרינס־פאַן, מ. וויטמאַן, הרב נ. ברענער, ד. ב. פרידמאַן, ד. ז. געט־צאָוו, ה. גראָס, דר. דזשוליוס לאָוו, מ. יוהר, ס. גודמאַן, מ. גודמאַן, קאַראַפּאַלים, פּאַ., ב. האַמבערגער, אַטלאַנטיק סיטי, וויל. שוואַב, אַטלאַנטיק סיטי, מאַרק פריהמאַן, אַטלאַנטיק סיטי, הערי ברעז, וויינלאַנד, נ. דזש., אהרן קאַנעווסקי, דייוויד גאָל־טער, האָנ. וויליאַם ב. לואיס, ב. טאַרטשינסקי, דר. א. א. פּלעס, דר. ג. א. טריימאַן, אב. פינקעלשטיין, טש. ליפּשוטץ, ב. מאָפּו, ל. י. שטערן, ש. גודמאַן, ר. גודמאַן, ה. לעמפּאַרט, י. ניערבי, אב. וואַלדאַווסקי, מ. לובער, י. זילווער, מ. שוואַרץ, ה. קאָהן, א. קאַאַס, יענטעס, ג. דובין, סעם ראָזען, ל. סניידער, פּיטסבורג, מ. לאַפּידוס, מ. ווישנעווסקי, ג. אַרלאַוויטץ, מ. לעווין, מאַקס פּרוסעל, לואיס שייפער, ס. לאַדאָר, ע. מעדאָף, דזש. קייזער, ברוקלין, נ. י., לואיס קאַטלער, א. רעבאַלסקי, טש. גודמאַן, ס.

הורוויטץ, מ. גאָלדענבערג, ב. ציסערמאַן, ה. פּולס, מ. בעקער־מאַן, ה. גראַבמאַן, ה. קרעמער, עמאַנועל אָלינער, ב. שאַפּירא, ב. פּוטערניק, ד. לאַנדיס, לואיס דזשענאַף, ל. שופּאַק, ס. באַראַן, כ. ליטמאַן, נ. פּרוסאַן, א. בילואַס, רעוו. נ. איגראַטיסנסקי, דזש. צוזמער, לאָיער ל. ב. ראָזען, ג. פּאָול, מ. פּאַרטער, ב. וועקסלער, דזש. טעקער, דזש. גאַסינסקי, וו. אַפּעל, ס. פּינקעל, ס. גראָבאָו, ס. הורוויץ, דזש. ווינאָקור, ס. סאַלאַט, א. עפּשטיין, לאָיער א. א. לעווינטהאַל, ה. סיגאַל, ס. גליידער, ה. טאָרטשינסקי, א. רובאַק, א. ק. שטאַלער, ס. סיגעל, ג. ניימאַן.

# CONTENTS

1929-34 1879

MOSES FREEMAN

# FIFTY YEARS OF JEWISH LIFE IN PHILADELPHIA

PART II



VERLAG "CULTUR"
Philadelphia, Pa.

# 50 YEARS OF JEWISH LIFE IN PHILADELPHIA

1879

1929-34

Volume Two

MOSES FREEMAN

ISBN:0-657-12529-6